ISBN:0-657-12552-0



# אוצר התורה

## מעשה אלפס

## בראשית

מהדורה שניה

## צווייטע אויסגאבע

בסוף הספר קומען אייניקע פון די דאנק בריף און הסכמות פון רבנים וקוראים, וואָס מיר האָבן דערהאלטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן געלייענט און דורכגעשטודירט דעם „אוצר התורה" וואָס מיר האָבן זיי צוגעשיקט.

# ספר

# אוצר התורה

דערקלערט דייטלעך יעדער פסוק פון

## חמשה חומשי התורה

### און חמש מגלות והפטרות

מיט פיל משלים און 18 פרושים

מאת


הר"ר **בן-ציון** בהרב הגדול ר' **ירמיהו עקיבא אלפס** מווילנא

בעל „**מעשה אלפס**".


חלק ראשון

## סדר בראשית




בדפוס של אהרן שפיגל — מילוואָקי, ווים.

ארצות הברית באמריקה

שנת תשי"ד ה' לפ"ק

# OTZAR HATORAH

**A Commentary on The Bible**

**by**

**RABBI BEN ZION ALFAS**

**Price $1.50**

Published by

**MR. MOSES WOLFE**

Milwaukee, Wisconsin



Printed and Edited by

**Spiegel Printing Company**

2469 West Lisbon Avenue

Milwaukee, Wisconsin

U. S. A.

1 9 5 3



הרב ר' בן ציון בהרב ר' ירמי' עקיבא זצ"ל

אלפס

# איינ‏יקע ווערטער צו די לעזער

דער ספר „אוצר התורה" וואָס איך גיב פאַר אייך, איז לבד וואָס יעדער איינציקער מאַנספערזאָן אָדער פרוי קען אים לעזן באַ זיך אין הויז יעדן טאָג ובפרט שבת, מקיים זיין „וקראת לשבת עונג", איז ער אויך אימשטאַנד צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן אַ גאַנצן עולם, ווען מען וועט אים לייענען אין די בתי מדרשים שבת בייטאָג און אויך אַ גאַנצע וואָך בין מנחה למעריב. ובפרט אין די ערטער וואו עס איז ניטאָ קיין דרשן קבוע, איז ער צוגעפּאַסט, ווייל אַזאַ איינער וואָס פאַרשטעהט גוט פאַרצולייענען פאַר אַן עולם געפינט זיך געוויס אין יעדער בית המדרש, וועט ער זיין אַ מזכה את הרבים. וואָרום דער „אוצר התורה" איז צונויפגעשטעלט אַזוי, אַז אויסער דעם וואָס יעדער איינציקער וואָס וועט אים לייענען אַליין אָדער הערן פון אַן אַנדערן פאַרלייענדיק וועט קלאָר און דייטלעך פאַרשטעהן די שיינע געדאַנקען און די טיפע סודות פון דער הייליקער תורה, — וועט דאָס אים אויך פאַרשאַפן אַן אינערלעכן גייסטיקן פאַרגעניגן, ווי יעדער זאַך איז דערקלערט דורך פאַרשיידענע משלים און מליצות, און דאָס וועט אויך זיין אַנגענעם פאַרצולעזן פאַר דער פאַמיליע, באַזונדערס שבת.

איך האָף, אַז דער ספר וועט פאַרנעמען דעם אמת'ן וויכטיקן אָרט וואָס ער איז ווערט. און וועט זיך געפינען אין יעדער אידישער הויז.

דער ספר געהט אַרויס אין באַזונדערע חלקים. און יעדע איינע אָדער עטלעכע סדרות פאַרנעמט אַ באַזונדער חלק.

**המחבר**



די הערות און פירושים וועלכע קומען אין אוצר התורה

א) בנין ציון, ב) שערי ציון, ג) מנחם ציון, ד) נחמת ציון, ה) שיבת ציון, ו) ציון המצוינת, ז) חומת ציון, ח) בנות ציון, ט) ראשון לציון, י) תפארת ציון, יא) שמחת ציון, יב) ציון וירושלים, יג) הר ציון, יד) ישועת ציון, טו) חדות ציון, טז) חמדת ציון, יז) גאולת ציון, יח) דורש לציון.

נדפס הספר על ידי

ר׳ משה ראובן שיחי׳ בר׳ שמעי׳ הכהן וואולף

זוגתו

מרת אסתר שתחי׳ בת ר׳ יעקב

בניהם

יעקב, חנוך־העניך, דובער, חיים לייבוש, יוסף יהודה, שמעי׳ אהרן

הכהנים שיחיו

ובנותיהם מנוחה ביילא ושרה שתחיינה

IIIIIIIIIII

לעילוי נשמות

אביו ר׳ שמעי׳ בר׳ פסח זאב הכהן ע״ה

אמו מרת מרים בתי׳ בת ר׳ מנחם מענדל ע״ה

אחיו יוסף יהודה בר׳ שמעי׳ ע״ה

חמיו ר׳ יעקב בר׳ משה ע״ה

חמותו מרת בריינא בת ר׳ משה ע״ה

גיסו משה בר׳ יעקב ע״ה

גיסו אתמר בר׳ יעקב ע״ה

גיסתו חי׳ שרה בת ר׳ יעקב ע״ה

אמה זקנתה של זוגתו

מרת מנוחה ביילא בת ר׳ אתמר ע״ה

# הקדמה פון ארויסגעבער

שלמה המלך ע״ה זאָגט (אין קהלת יב, פסוק י), בקש קהלת למצא דברי חפץ, וכתוב ישר דברי אמת. זאָגט אויף דעם רש״י הקדוש, אַז שלמה המלך׳ס הויפּט ציל איז געווען צו וויסן גרונטלעך „דברי חפץ״, דאָס מיינט, די הלכות וואָס משה רבינו ע״ה האָט געלערנט אויפן באַרג סיני. „וכתוב ישר״, דאָס מיינט תורה ונביאים, „דברי חכמים״, דאָס מיינט וואָס אונזערע חכמים האָבן געמאַכט אַ צוים צו דער תורה, ווי צום ביישפּיל, אין דער תורה שטעהט נישט געשריבן אַז מען טאָר ניט רייטן אויף אַ פערד אום שבת, אָבער אונזערע חכמים האָבן פאַרשטאַנען די אומשטענדן, אַז אין פאַל ווען אַ מענטש וועט רייטן אויף אַ פערד אום שבת, קען אָפּט מעגלעך זיין, אַז דאָס פערד וועט ניט וועלן געהן, וועט דער מענטש צופאָרן צו אַ בוים און וועט אָפּברעכן אַ צווייג צו שמייסן דאָס פערד, און ברעכן אַ צווייג איז שוין פאַרבאָטן פון דער תורה, איז כדי אַז מען זאָל ניט צוקומען צו דעם צו־שטאַנד פון דאַרפן ברעכן אַ צווייג אום שבת, וועלכעס איז פאַרבאָטן פון דער תורה, האָבן אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, פאַרבאָטן דעם רייטן אויף אַ פערד אום שבת. דאָס ווערט אָנגערופן אויף אונזער תורה שפּראַך „סייג לתורה״. איז אויב שלמה המלך האָט געהאַט די אַמביציע צו וועלן אַריינ־טראַכטן זיך און פאַרשטעהן גרונטלעך אונזער תורה און אויך די רייד פון אונזערע חכמים, דאַרפן מיר דאָך געוויס זיין פאַראינטערעסירט צו פאַר־שטעהן, אין די ראַמען פון אונזער מעגלעכקייט, אונזער תורה מיט די רייד פון אונזערע חכמים.

זייער פיל ספרי דרוש און ספרים מיט טייערע פּרושים זיינען ארויס־געגעבן געוואָרן פון די גאונים און צדיקים בכל דור ודור וועלכע ניבן צו פאַרשטעהן די באַדייטונג און מיינונג פון אונזער הייליקער תורה און די רייד און הלכות פון אונזערע חכמים כדי די אידישע מענטשן זאָלן זיי לערנען און וויסן. אָבער די אַלע ספרי דרוש ופירושים זיינען געשריבן אין לשון הקודש, די שפּראַך פון אונזער תורה און חכמים. איז אָבער די שפּראַך געוואָרן אין די לעצטע דורות ניט פאַרשטענדלעך פאַרן גרעסטן טייל פון פאָלק, און ממילא איז דער אידישער ספר געוואָרן פרעמד פאַר דעם אידן. ביז עס זיינען פיל פון אונזערע צדיקים מפרשים געקומען צום געדאַנק, אַז כדי צו קומען נעענטער מיטן וואָרט צו אונזערע אידישע מאַסן, מוז מען צו זיי ריידן אין דער שפּראַך וועלכע זיי פאַרשטייען, דאָס הייסט, די אידישע שפּראַך. און איינער פון די וואָס האָט דאָס גאָר גוט פאַרשטאַנען איז געווען מיין רבי, ר׳ בן־ציון אלפס, ז״ל. (פאַרוואָס איך רוף אים „מיין רבי״ וועל איך דאָס שפּעטער אויפקלערן). זיינע אידישע ספרים האָבן אַריינגע־דרונגען אין יעדער אידישער שטוב אין אויסנאָם פון לאַנד און אָרט. כמעט יעדע אידישע הויז האָט געוואוסט און (אָפּטמאָל) באַזיצט די ספרים פון

בן ציון אלפס. די עלטערן פלעגן דאָס לייענען פאַר די קינדער, און די קינדער פלעגן מיט פאַרכאַפּטן אָטעם הערן די שיינע געדאַנקען וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון „מעשה אלפס" דורך זייערע עלטערן. אין אַלעגעמיין זיינען דורך דעם דאָזיקן אידישן וואָרט טויזנטער אידישע פאַמיליעס געוואָרן נעענטער צום תורה וואָרט, און זיינען געוואָרן צוגעבונדן מיט זייער גוף און נשמה צו גאָט ב"ה און צו זיין תורה.

אָבער לײדער, אין פאַרלויף פון צייט, איז דער „מעשה אלפס" געוואָרן א זעלטנהייט, א יקר המציאות אין דער אידישער הויז און אויך אויפן ביכער מאַרק. דער מאַנגל אין ספר איז גרויס איבער דעם וואָס וויפיל מען האָט אמאָל עס אָפּגעדרוקט איז אַלץ נישט געווען גענוג אָנצופילן די אידישע גאַס מיט די פּראַכטפולע ספרים פון ר' בן ציון אלפס, און איצטער נאָך דעם חורבן ווילנא און אידישער פוילן, ווען אַלע גרויסע דרוקערייען זיינען פאַרניכטעט געוואָרן, איז ער גאָר א זעלטנהייט צו געפינען. און די נויט אין אַזעלכע ספרים זיינען אַזוי גרויס דוקא איצט, ווען דער ערבוב המחות איז גרויס, ווען עם הארצות און אומגלויבן האָט אויפגעהויבן די קאָפּ — איצטער איז דאָס א הייליקע נויטווענדיקייט אַז אַזעלכע ספרים ווי מעשה אלפס זאָלן קומען און לייכטן אויף דער אידישער גאַס, און קלאָר מאַכן די אידישע מוחות פון זייער צומישעניש. דער דרוש ספר „אוצר התורה" איז אַממערסטן פּאַסיק פאַר א פעולה אויף דער אידישער גאַס. ווייל ער קומט ניט נאָר צו מאַכן פאַרשטעהן און פאַריכטן דעם באַדייטונג פון פּסוק, נאָר אויך צו געבן פאַרשטעהן און אויפצייגן דעם מענטשן אויף ווי ווייט מען איז אַוועק און זיך דערווייטערט פון דעם אוצר התורה און גאָטס געבאָט, און ווי וויכטיק עס איז צו דערקענען דעם וועג מיט וועלכן צו געהן צוריק.

דער „אוצר התורה" מיט זיינע שכל'דיקע אויפקלערונגען באַווירקט און באַלייכט דעם וויסן פון יעדן דענקענדיקן מענטשן, וועלכער זוכט פּילווייניקער צו פאַרשטעהן די טיפע געדאַנקען און באַדייטונג פון אונזער תורה, וועלכע איז אָפטמאָל, אָהן דערקלערונג און טיפן דורכטראַכטונג, שווער צו פאַרשטעהן, אמאָל אפילו די געוואוינלעכע שטעלן אין איר. און לויט מיין השגה, איז דער „אוצר התורה" ניט נאָר וויכטיק פאַר די פשוטע בעל הבתישע אידן, וועלכע קענען זיך ניט גריבלען טיפער אין דעם גייסטיקן תורה קוואַל, נאָר אויך פאַר ישיבה בחורים און אפילו לזומדי תורה וואָלט געווען זעהר וויכטיק אַז זיי זאָלן דורכשטודירן די ספרים פון מיין רבין ר' בן ציון אלפס ז"ל און טאַקע ספּעציעל דעם ספר „אוצר התורה". איך פּיל און האָף צו השי"ת אַז דער ספר, וועלכן מיר דרוקן א־צט אַלס אָנהויב— דערווייל נאָר אויף סדרה בראשית — וועט געפינען אַן אָרט אין יעדער אידישער הויז, אין יעדער אידישער האַרץ און אין מוח.

איצט וויל איך אויפקלערן פאַרוואָס איך רוף ר' בן ציון אלפס ז"ל מיין רבי, כאָטש איך האָב ניט געהאַט דעם כבוד פּערזענלעך אים צו קענען און הערן תורה פון זיין מויל, און פאַרוואָס איך האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו דרוקן ווי ווייט מעגלעך זיינע ספרים.

אין מסכת סנהדרין דף י״ט זאָגט רבי שמואל בר נחמני אין נאָמען פון רבי יונתן, אַז דער וואָס לערנט מיט אַ צווייטן מענטש תורה איז גלייך ווי ער וואָלט אים געבוירן. איז אויסער וואָס ער הייסט „רבי״ הייסט ער אויך „פאָטער״. (עיין בספרי ואתחנן פיסקא ל״ד, כשם שהתלמידים קרויים בנים כך הרב קרוי אב). און איך מוז מודה זיין דעם אמת, אַז ווען נישט די ספרים פון ר׳ בן ציון אלפס ז״ל וואָלט איך מיט מיין פאַמיליע שוין לאַנג פאַרפּלייצט געוואָרן פון די שטורמישע כוואַליעס פון פאַרפרעמדקייט צו אונזער פאָלק און גלייכגילטיקייט צו אונזער תורה, אין וועלכער אַטמאָספערע עס האָבן זיך געפונען אַלע דאָרט וואו מיר האָבן געוואוינט. און איך גלויב, אַז ביי דער געלעגנהייט וואָלט זעהר וויכטיק געווען צו דערציילן אַ שטיקל אויטאָביאָגראַפיע פון מיין לעבן און מיין פאַמיליע לעבן.

די השגחה פרטית האָט געפירט אַז איך, אַלס דרייצן יאָריקער אינגל, האָב געדאַרפט פאַרוואָגלט ווערן קיין קאַנאַדאַ, און ספּעציעל אין אַזאַ פאַרוואָרפענער ווילדערניש וואו איין איד פון צווייטן איז געווען מיילן ווייט צעשיידט. דאָס איז געווען מיט 50 יאָר צוריק, ווען מען פלעגט געבן אַן אימיגראַנט אַ „האָמסטעד״ מיט 160 אַקער לאַנד צו קולטיווירן און באַארבעטן. קענט איר זיך פאָרשטעלן די אומשטענדן אין וועלכע מיר האָבן זיך געפונען. פאַריאָגטע מיט די טעג־טעגלעכע שווערע פעלד־ארבעטן, און ניט זיינענדיק פאַרבונדן מיט קיין שום אידישע געזעלשאַפט, און אויך ניט האָבנדיק קיין שום גייסטיקע פאַרשטאַרקונג נישט פון דער פאַרגרעבטער סביבה און ניט פון קיין רבנים אָדער אַנדערע אידישע גייסטלעכע פירער, און זעענדיק פאַר די אויגן אַ בילד פון ערד, וואַלד, חיות און בהמות, — איז גאַנץ פאַרשטענדלעך אַז ביי אַזעלכע אומשטענדן ווערט מען ניט איידעלער, נאָר, פאַרקערט, מען האַלט אין איין זינקען טיפער צום אָפּגרונד פון פאַרשקלאַפונג צו גראָבען מאַטעריאַליסטישן לעבן. אָבער אַ דאַנק גאָט, וועלכער פאַרלאָזט ניט אַ נשמה וואָס לעכצעט צו עטוואָס שענער און איידעלער ווי פּראָסטער מאַטעריאַליזם, האָב איך אויך געהאַט אַ זכות פון הימל ניט צו פאַרזונקען ווערן אין דער חומריות פון דער סביבה. מיר איז דורך אַ צופאַל אונטערגעקומען דער ספר „מעשה אלפס״ אין אידיש, און איך האָב עס אָנגעהויבן צו לייענען איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, ביז עס האָט אָנגעהויבן עפענען מיינע אויגן און איך האָב דערזעהן ליכט. איך האָב באַגריפן ווי ווייט איך בין פאַרפאַרן פון מיין אידישקייט אין אַ זומפּ, און וואָס איך דאַרף טאָן בכדי אויפצוהויבן זיך צוריק פון מיין טיפן פאַרבלאָנדזשעניש ביז עס האָט מיך געגומען אַרויספירן אויפן וועג פון אַנאַנדער לעבן. איך האָב זיך גענומען זוכן אַ פרוי וואָס זאָל זיין אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער, אַ פרוי וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר מיר לויט מיינע נייע געדאַנקען און לויטן „מעשה אלפס״ וואָס דאָס מיינט לויט אונזער הייליקער תורה. גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַזאַ פרוי, און מיר האָבן גענומען טראַכטן פון מאַכן אַ כשר׳ע מקוה אין דער ווילדערניש, אויך זעהן אַז מיר זאָלן אָפּהיטן שבת און ימים טובים ווי עס דאַרף צו זיין. מיר האָבן איינגעפירט אַ שטרענג כשר׳ע קיך און הויז עפּ״י

דיני התורה נישט קוקנדיק וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן כמעט מיט מסירות נפש, דאָך האָבן מיר דאָס אַלעס העלדיש דורכגעטראָגן, מיט דער ווירקונג און דעם גייסט וואָס מיין רבי ר׳ בן ציון אלפס האָט אין אונז אריינגעבראַכט, און אַזוי אויך ביז היינט. מיר האָבן ב״ה אַכט קינדער, וועלכע זיינען ב״ה שומרי שבת, און מיר האָבן חתונה געמאַכט דריי זין, און די שניר זאָלן געזונט זיין היטן אָפּ טהרת המשפחה. און אַלע מיינע קינדער ב״ה געהען אין אידישן וועג, השי״ת זאָל אונז העלפן אז מיר זאָלן זוכה זיין צו חתונה מאַכן אונזערע אינגערע קינדער — דריי זין און צוויי שיינע אידישע טעכטער — עפ״י דרך התורה מיט פיל אידישן נחת, אמן.

אַזוי, מיינע ליבע פריינט, פאַרשטעהט איר שוין פאַרוואָס איך רופ ר׳ בן ציון אלפס מיין רבי און ער איז אויך ווי מיין פאָטער, ווייל ער האָט מיר געגעבן אַ פרישן גייסט אויפצושטעלן אַ אידישע פאַמיליע. דאַרום בין איך איבערצייגט, אַז אויב ער האָט געקענט אויף מיר מאַכן אַזאַ איינדרוק און ספּעציעל אין די אומשטענדן אין וועלכע איך האָב זיך געפונען, און ער האָט מיך אויסגעהיילט פון דער מחלה פון גראָבקייט און פאַר׳גויאישקייט, — איז אויב ער איז אַזאַ פּראָפעסאָר וואָס קען היילן גייסטיקע קרענק — געפין איך פאַר מיין חוב צו אָנצייגן און געבן דעם אַדרעס פון דעם דאָזיקן פּראָפעסאָר צו אַלע אידן, ווייל איך בין זיכער אַז אויך זיי וועט ער קענען היילן די נשמה און לייכטער מאַכן דעם שכל צו פאַרשטעהן די אמת׳ע ציל און אויפגאַבע פון יעדן איד אויף דער וועלט.

איך האָב אויף זיך גענומען, ווי פריער געזאָגט, די אויפגאַבע, אַז אויב השי״ת זאָל מיר לאָזן לעבן מיט געזונט און הצלחה, אָפּצודרוקן די ספרים פון מיין רבין ר׳ בן ציון אלפס. און אַלס אָן אָנהויב, הויב איך אָן מיט דעם ספר „אוצר התורה״ אויף דער סדרה בראשית, און ווער עס וויל זיין אַ שותף צו דער הייליקער אַרבעט, ד. ה. אין העלפן מיר אַרויסגעבן דעם „אוצר התורה״ אויף די איבעריקע סדרות, נעם איך אים צו פאַר אַ גלייכן שותף. איך דרוק עס ניט ח״ו פאַר קיין פאַרדינסטן, ווייל איך נויטיק זיך נישט ב״ה אין אַזעלכע פאַרדינסטן. איך טו דאָס צוליב צוויי סיבות: 1) צוליב דעם כבוד פון מיין רבין ר׳ בן ציון אלפס ז״ל, 2) כדי אויפצו־לייכטן פאַרשידענע פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן, וועלכע דענקען אַז זיי זיינען די גאַנצע חכמים — אין דער אמתן אָבער איז אַ גרויסער רחמנות אויף זיי, וואָס זיי געהען און טאַפּן אין דער פינסטערניש.

אויך וויל איך אַפּעלירן צו בחורים בני הישיבה, אַז ווען איר וועט האָבן אַביסל צייט פון לערנען תלמוד, אָדער וועלן זיך אָנוואַרימען מיט אַ מוסר ספר, זאָלט איר נעמען און אַריינקוקן און אפילו שטודירן אָט דעם פרומען ספר „אוצר התורה״. עס איז גוט פאַר אייך פערזענליך, ווייל איר וועט דאָ געפינען פיל מאַטעריאַל פאַר דרשות, עס וועט אייך אויפרעגן צו דענקען און באַטראַכטן יעדן וואָרט און אות אין דער תורה, און דערהויפּט וועט איר זיך אויסלערנען אַ געשמאַקן ליטווישן ווילנער אידיש, וואָס עס איז זעהר וויכטיק פאַר אַ יונגען אַמעריקאַנעם רב.

איך האָף צו השי"ת, אז די ווערטער וועלכע געהען ארויס פון מיין הארץ מיט אן אמת, וועלן געפינען אן אָרט בא יעדן איד אין הארץ מיט אַן אמת, און השי"ת זאָל אונז העלפן אומקערן צוריק די שטימע פון אונ־זערע נביאים, געפירט צוזאמען מיט אונז קיין ארץ ישראל דורך משיח צדקנו, אמן.

משה ראובן בן שמעי' הכהן ז"ל וואולף



# עטליכע ווערטער

אין אונזער דור ליידן מיר פון א מאנגל אין פּאָפּולערע ווערק איבער אידישקייט אין דער אידישער שפראַך (ווי אויך אין אַנדערע שפּראַכן), טראָץ דעם וואָס די דאָזיקע שפּראַך איז נאָך אַלץ די שפּראַך פון די אידישע מאסן. און קיינער וועט דאָך ניט לייקענען אז אַזא זשאַנר אין אונזער ליטע־ראַטור איז אַ לעבנס נויטווענדיקייט. ווייל ווי אנדערש קען מען אַריינבלאָזן א לעבעדיקן גייסט אין אידישע הערצער? ווי אנדערש קען מען דערוועקן א ליבשאפט צו די אייביקע ווערטן וואָס אונזער פאָלק האָט געשאַפן דורך די דורות? איז דען פאַראַן אן אנדער וועג ווי מיר קאָנען איבערגעבן צו דעם אידן, וואָס איז פאַרהאָרעוועט און פארשמייעט, די גייסטיקע אוצרות פון אידנטום? עס איז דערפאר א טראָט אין דער ריכטיקער ווענדונג איבערצו־דרוקן די ווערק פון אונזערע גרויסע שרייבער פון פריערדיקע צייטן, וואָס האָבן געשריבן אויף א פאָלקסשטימלעכן אופן און משפיע געווען אויף איד׳ישע הערצער. פארשטעהט זיך, אז יעדער דור האָט זיך זיינע אייגנארטיקע פּראָבלעמען און פאָדערט א באַזונדערן צוגאַנג. פונדעסטוועגן זיינען נאָך די וועגן פון איין דור צום אנדערן ניט פולשטענדיק אָפּגעשלאָסן, און איין דור קען לערנען פון דעם אנדערן — דור לדור יביע אומר . . .

מיט א האלב יאָרהונדערט און מער צוריק האָט געווירקט א גרויסער פאָלקס־רעדנער און שרייבער אין ירושלים דליטא, ר' בן־ציון אלפס, וואָס מיט זיין געשליפענעם צונג און פליסיקער פעדער האָט ער אויסגעאיבט א גוואַלדיק גרויסן איינפלוס אויף אידישע הערצער אין ליטא, רוסלאַנד און פּוילן. ר' בן־ציון אלפס זצ"ל האָט זיך אויגעצייכנט מיט זיין אומגעהויער גרויסער ליבשאפט און טיפער פארשטענדעניש פאַרן אידנטום. אויך האָט ער פארמאָגט א גרויסן טאַלאַנט פאר מאָלן בילדער און שאַפן משלים. אלס משלים־דיכטער וועט ער נאָך פיליכט אמאָל אַנערקענט ווערן צווישן די גרעסטע, אין דער קאַטעגאָריע פון די בעלי המדרש און דעם דובנער מגיד. די ווערק פון ר' בן־ציון אלפס, דער „מעשה אלפס", זיינען אָבער ליידער היינט צו טאָג ניט צוגענגלעך פאַר דעם אַלגעמיינעם אידישן לייענער. ערשטנס, צוליב דעם וואָס זיי זיינען מער ניטאָ אין דרוק. און צווייטנס, צוליב דער אַלטמאָדישער אויסלייגעכץ און אָרטאָגראַפיע, און אויך צוליב די פילע סלאַווישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זיינען ניט פאַרשטענדלעך פאַר אידן אין דער מערב־וועלט.

דער חשוב'ער מעצענאַט און חובב תורה, ר' משה הכהן וואולף שליט"א פון מילוואָקי, וועלכער איז אַליין שטאַרק באווירקט געוואָרן פון די ווערק פון ר' בן־ציון אלפס, האָט זיך אונטערגענומען די אַרבעט פון איבערדרוקן

אין א מאָדערניזירטן אופן די ווערק פון דעם מעשה אלפס, און עס איז צו האָפן אז דאָס אידישע פּובליקום וועט געהעריק וויסן ווי אָפּצושאַצן סיי דאָס ווערק גופא און סיי די איבערגעבנהייט פון דעם חשוב'ן ארויסגעבער.

ר' משה וואולף, זאָל דאָ באמערקט ווערן, איז איינער פון די זעלטנסטע טיפּן וואָס מיר פארמאָגן דאָ אין אמעריקע. אַן ערלעכער איד, אין דעם שענסטן און ריכטיקסטן זין פון וואָרט,, אַן אמת'ער אוהב תורה ומוקיר רבנן, א הארץ וואָס איז אָפן פאר יעדער אידישער און מענטשלעכער זאַך, און אַן אָפענע האנט וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן — דאָס איז ר' משה וואולף. גליקלעך איז די אידישע געמיינדע אין מילוואָקי וואָס זי קאָן שטאָלצירן מיט איר שיינעם בירגער — ר' משה. זאָל אים ג' באַגליקן מיט זיין ליבער משפחה ער זאָל זוכה זיין אַלעמאָל צו מקיים זיין — ללמוד וללמד לשמור ולעשות.

**דוד שלמה שפּירא**
**רב במילוואָקי, וויס.**

בין המצרים, תשי"ג

---

ב"ה, יום ה' לסדר הנני נתן לו את בריתי שלום
י"ט תמוז, תשי"ג, לפק' פה מילוואָקי, וויס.

אל כבוד ידידי היקר והנכבד והנעלה והנדבן המפורסם רודף צדקה וחסד אי"א ה"ה מר ר' משה ראובן נ"י ב"ר שמעיה' הכהן ז"ל וואולף עכב"ב היקרים שיחיו ויזרחו כשמש בצהרים שלום וברכה:

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וושי"ת האָט אייך געהאָלפן צו פאר־ווירקלעכן אייער הייליקן ציל פון אָנהויבן דרוקן א חלק „אוצר התורה" אויף ספר בראשית פון ר' בן ציון אלפס ז"ל, וועלכעס דאָס איז אַן ענין פון מזכה הרבים זיין, און דער שכר פאר דעם איז אז זכות הרבים תלוי בו — און איך וויל האָפן צו השי"ת אז דאָס ספר וועט מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף דער אידישער גאַס, און עס וועט געבן א מעגלעכקייט זיך צו באַקענען פיל ווייניק מיט א טייל פון אונזער טייערן קולטור אוצר — וויל איך אייך שיקן מיין פערזענלעכע ברכה, אז השי"ת זאָל אייך העלפן, אַז איר זאָלט קענען פאָרזעצן אייער הייליקע ארבעט פון דרוקן די איבעריקע ספרים פון ר' בן ציון אלפס, און דאָס זאָל זיין די רפואה פאר דער קראַנקער וועלט.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן פון מיין טיפן האַרצן גרויס אנערקענונג פאר אייער לייסטן מיט די גרעסטע איבערגעבנהייט לטובת הכלל בכדי אָנצוהאַלטן די גאָלדענע קייט פון ישראל סבא אין גייסט פון תורה און יהדות. פאר די פיר יאָר צייט וואָס איך בין ב"ה אין מילוואָקי, האָט איר אַרויסגעוויזן גרויס איבערגעבנהייט צו אַלע וויכטיקע אידישע מוסדות, און א דאַנק אייער אַקטיוויטעטן עקזיסטירן זיי ב"ה ביז היינט.

ובזכות כל זה, זאָל אייך השי"ת העלפן מיט אייער פאַמיליע צו אריכת ימים מיט געזונט און הצלחה און פיל נחת פון קינדער און אייניקלעך, און איר זאָלט זוכה זיין צו זעהן אור־אייניקלעך ביז משיח צדקנו, אמן.

מיט פיל תורה ברכות פון ברוך אשר יקום את דברי התורה,

**הרב ישראל עזריאל פלדמאַן**
**חו"פ במילוואָקי, וויס., יצ"ו**

# א קורצע ביאגראפיע
# פון הרב ר׳ בן ציון אלפס זצ״ל
## בעל „מעשה אלפס״

ווען ר׳ משה ראובן ב״ר שמעי׳ הכהן וואולף, אונזער מילוואקער שיינער בעל הבית און נדבן, האט זיך געווענדעט צו אונז וועגן דרוקן דעם „אוצר התורה״ מעשה אלפס, האבן מיר געטאן ווי אונזער דרך איז און גענומען אויסגעפינען אלץ וואס מעגלעך וועגן דעם מחבר פון דעם ספר. דער נאמען מעשה אלפס איז טאקע אלעמען באקאנט פון פירושים און ספרים אויף טייטש, אבער ווער איז דאס דער ר׳ בן ציון אלפס, ווען און אין וואסערע דורות האט ער געלעבט, אין וועלכע אומשטענדן געווירקט, דאס איז זעהר ווייניג באקאנט צום אידישן עולם. האבן מיר גענומען זוכן און געפונען, טאקע אין דער רייכער ביבליאטעק וועגן „מעשה אלפס״ געזאמלט פון ר׳ משה וואולף, און פאר אונז האט זיך אנטפלעקט א וואונדער געשיכט און א שיינע בילד פון א מענטשן וואס האט געלעבט גאר ניט לאנג, כמעט אין אונזערע צייטן (די יארן התרי״א — התש״ד) אין דער ירושלים דליטא, אין ווילנע. די דאזיקע לעבנס געשיכטע קלינגט עפעס ווי א לעגענדע, אבער אזא שיינע און רייכע לעגענדע. מיר דערזעהן דא די געשטאלט פון אן אויסטערליש גרויסן מאן, א גאון אין תורה, פול מיט חכמה ודעת, וואס באזיצט דערצו א קונסט פון מפרש זיין, אויסטייטשן און דערקלערן אן ענין אין דער תורה אזוי, דאס די שווערסטע פלעצער אין דער תורה ווערן קלאר און פארשטענדלעך פאר אלעמען.

רבי בן ציון ב״ר ירמי׳ עקיבא אלפס זצ״ל איז געבארן געווארן אין ווילנע אין יאר התרי״א בא א למדנישע פאמיליע. ער לערנט זעהר פלייסיק און דערגרייכט גרויס לומדות אין דער יוגנט. דאך האט ער קיין כסא רבנות ניט אנגענומען. דער יונגער אלפס האט פאר זיך אנדערע גרעסערע צילן, אזא לעבן וואס זאל אים ברייגגען מער אין קאנטאקט מיט די אידישע מאסן, מיטן המון צו לערנען אים. און זיין רצון ווערט דערגרייכט (ווי איר וועט שפע־טער זעהן) — ער ווערט דער לערער און רבי פון טויזנטער. א גאט געבענטשטער מדריך איז ער געווארן, צו פירן אין די רעכטע וועגן פון תורה ומצוות. און דער דאזיקער וועג — צו לערנען אנדערע, געבן צו פארשטעהן, מסביר זיין, און אוועקשטעלן דעם אידן, דעם מענטש פון פאלק אויפן אמת — דאס ווערט דער העכסטער ציל פון זיין לעבן. ווי אזוי דערגרייכט מען אבער דאס פאלק? איז פאראן אן עצה. ערשטנס, איז ווילנע גרויס, אנגעזעצט מיט אידן, פרומען אידן. שולן זיינען אין אלע גאסן און געסלעך, גאנצע שול־הויפן צעזייט אומעטום מיט בתי מדרשים, מיט קלויזן. איז ר׳ בן ציון אלפס זעהר א פראקטישער מענטש, און די פראקטישקייט זאגט אים: ווילסטו באלערנען די אידן, טא נעם און קום צום פאלק דארט וואו ער איז דא — רייד אין די שולן, לערן זיי דארט אין די טעג פון שבתים ווען זיי זיינען פריי. רייד פארן דאווענען, אין מיטן דאווענען אחר קריאת התורה, און נאכן דאווענען. און וואס איז מיט שבת בייטאג, בין מנחה למעריב און אנדערוואכן?

ר׳ בן ציון אלפס פוילט זיך ניט און היט און טוט זיין מיסיע — ער דרשנט אומעטום, לויפט ממש פון שול צו שול, פון איין בי"מ צום אנדערן און רעדט און וועקט דעם עולם צו ריינער מענטשלעכער אידישקייט. דער נאָמען אלפס ווערט באוואוסט און באַקאַנט איבער גאַנץ ווילנע. זיינע שיינע אויפקלערונגען קריכן אריין אין די הערצער, זיינע משלים פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע, דער עולם לויפט אים הערן, מען פּאַקט אָן די שולן וואו רבי אלפס רעדט. קיין געלט נעמט ער חלילה ניט — ער דאַרף ניט, ער מאַכט שוין אַ לעבן מיגיע כפּיו: דאָ האָט זיין ווייב אַ קרעמל, דאָ איז ער אַ מגיה בדפוס מיז, און אָט האָט ער גאָר אַ פאַבריקל פון זאָקן, ער איז אַ גוטער געשעפטס מאַן און וועט קיינעמס ניט פאַרטשעפּן. טאָמער דאַרף ער אויפהאַלטן 300 יתומים מיט לערנען זיי תורה און שיקן זיי צו מלמדים, איז פאַראַן אַ פּלאַן — עס ווערט פאַרשפּרייט אין ווילנע רבי אלפס לאָטעריי פאַר למוד התורה. די לאָטעריי געהט כשר ראיעל, און געלט אויף שכר למוד איז דאָ. עס בלייבט נאָך אין קאַסע אויסצוהעלפן אַן אָרימע יתומה מיט נדן, אָדער קהל אַן הלואה אויף בויען אַ שחיטה־שטיבל אָדער אַ מקוה. און רבי אלפס זעצט פאָר מיט מפיץ תורה זיין ברבים. דאָס איז אָבער ניט גענוג פאַר זיין שפּרודלדיק, ענערגישער נאַטור. ער טראַכט ווי קען מען דאָס דערגרייכן דעם גרויסן המון וואָס קומט ניט אין שול, די בחורים און מיידלעך וואָס זיצן אהיים, און אויך די מאַסן וואָס וואוינען ניט אין ווילנע, נאָר זיינען צעשפּרייט איבערן גאַנצן גרויסן אידישן גלות? אַ צופאַל קומט צו הילף. מען דערציילט אים, אַז אידישע יוגנט — בחורים און מיידלעך — פאַרווײַלן זיך שבתים מיט צוזאַמענקומען זיך אין הייזער און לייענען ראָמאַנען־ביכלעך אויף אידיש, וואָס זייער אינהאַלט איז ווייט פון פרומקייט, און זיי קענען נאָך חלילה ברייננגען צו אויסגעלאַסנקייט און זינד. פאַרוואָס ניט געבן זיי אַזעלכע ביכער אין אידיש וואָס זאָלן אויך זיין פאַרכאַפּנד און אינטערעסאַנט אָבער אויך פרום און באַלערנד? אומר ועושה, פאַרטראַכט און געטאָן. רבי אלפס אין דאַן געווען פאַרבונדן מיט דער מיז דרוקעריי, ער ווייס אַלע דרכים פון אַרויסגעבן ספרים. ער זעצט זיך אַוועק און נעמט שרייבן זיינע ביכער אין אידיש אונטער דעם נאָמען „מעשה אלפס". זיי ווערן געדרוקט און ווערן אין גיכן פאַרשפּרייט אומעטום און האָבן אַ דערפאָלג. דאָס גיט אים צו מוט, און ער דרוקט פירושים אויף חומש, אויפן תלמוד, אויף משניות, מגילות, מחזורים און סדורים אין אַ שיינעם ליטעראַרישן לויט יענער צייט אידיש.. זיינע פירושים זיינען כמעט אַ פאָרזעצונג פון זיינע דרשות, וואָס ווערן, אגב, אָנגעהאַלטן ווי פריער — ער דערקלערט די תורה, ער אינסטרוקטירט, דיסקוטירט און שטראָפט מיט אַ צונג פון פערל, מיט אַ משל און מליצה אַזוי, דאָס „מעשה אלפס" מיט די 18 ביי־געלייגטע צו אים פירושים ווערן אַ שם דבר.

רבי אלפס לעבנס געשיכטע איז בכלל זעהר אינטערעסאַנט, פול מיט קאָליר און פאַרב. עפּעס ווי דער סימבאָל פון אידישן פאָלק, ווערט ער אין לעבן געוואָרפן פון אָרט צו אָרט און לאַנד צו לאַנד. נאָך יונגערהייט נאָך זיין חתונה פאָרט ער קיין ארץ ישראל כדי לקיים מצות ישוב הארץ, פון דאָרטן אין אַ פּאָר יאָר אַרום צוריק קיין ווילנע. שפּעטער וועגן זיינע געשעפטן באַרייזט ער רוסלאַנד. עס קומט די ערשטע וועלט מלחמה, ווען ווילנער אידן ווערן אַרויסגעטריבן בגזירת ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, ווערט ער פאַרוואָגלט קיין פּאָלטאַווע, אוקראַאינע, לעבט דאָרטן דורך די ערשטע און צווייטע רעוואָלוציעס פון רוסלאַנד. ער לעבט עטלעכע יאָר אונטער די באָלשעוויקעס, פאַרלירט דאָס לעצטע פון זיין פאַרמעגן, און לסוף קומט

ער קיין ארץ ישראל. ער באזעצט זיך אין ירושלים, און דאָרטן געהט ער ווייטער אָן מיט זיין דרך פון דרשן'ען אין די שולן. דאָרטן דרוקט ער נאָך אכט ספרים אין העברעאיש, אַ צוגאָב צו די 52 (כמנין בב"ל) ספרים וואָס ער האָט געדרוקט אין גלות, צוזאַמען אָנגעשריבן און געדרוקט 60 ספרים (כמנין בח"ן). ער ווערט נפטר צו 93 יאָר (בערך שנת התש"ד).

באַטראַכטנדיק די סיבות פון ר' בן ציון אלפס דערפאָלג מיט זיינע ספרים און פירושים, מוז מען עס זוכן אין זיין טיפן גלויבן, אין זיין אמת־דיקייט, אין זיי גלאַטן סגנון און זעהר פיל אין זיין רייכער פאַנטאַזיע און משל און זיין איידעלען הומאָר. אלס אַ ביישפּיל פון דעם, ווען מיר ברענגען אַ פּאָר אויסצוגן פון זיין ספר תולדה וזכרונות, אַ ביאָגראַפישע שריפט, אַרויסגעגעבן אין ארץ ישראל צו זיין 90־יאָריקן יובל אין שנת התש"א. ער פאַנגט דעם בוך אָן אַזוי:

דוד המלך זאָגט: „מזקנים אתבונן", פון עלטערע לערן איך זיך צו פאַרשטיין. און אין מסכת שבת (ל:) שטעהט: „רבה מקמי דפתח להו לרבנן אמר מילתא דבדיחותא" — רבה איידער ער פלעגט אָנהויבן לערנען מיט רבנן פלעגט ער זיי זאָגן אַ וויציקן וואָרט. וועל איך אויך אַזוי טאָן און וועל אייך דערציילן אַזאַ מעשה:

— אין משך פון מיין לאַנגען לעבן (איך בין איצטער אַ בן תשעים) האָב איך געהאַט צוויי הונדערט און דרייסיק טעג וואָס איך האָב געלעבט רואיקער פון אַלע טעג פון מיין לעבן. אין די דאָזיקע גוטע טעג האָב איך געהאַט אַ לערער, וואָס האָט מיט מיר געלערנט אַ סך תורה אומזיסט, און איך בין דערווייל געוואַקסן און געמערט פאַר זיך חכמה און וו סגשאַפּט.

מיין הויז איז געווען באַלויכטן מיט דאָס העלסטע הימלשע ליכט, מיין שפּייז איז מיר גרייט געגעבן געוואָרן ווי צו די אידן אין מדבר דער מ., ווערכע איז זיך צעגאַנגען אין מיינע גלידער ממש כצפיחית בדבש. און די דירה איז געווען אַ וואַרימע און אַ גוטע, איך האָב ניט געליטן קיין קעלט אום ווינטער און קיין היץ אום זומער, און איך האָב זיך געקוויקט מיט די נייס וואָס איך האָב געקראָגן אַלע טאָג פון דער גאַנצער וועלט.

— אָבער ניט אויביק געהט אַ מענטשן גוט. איז געקומען אַ טאָג ווע מיין בעל דירה האָט זיך פלוצלונג געענדערט צו מיר, געוואָרן אפשר אין כעס וואָס איך האָט ניט געגוג אויסגעדריקט אים מיין דאַנקבאַרקייט פאַר האַלטן און שפּייזן מיך אומזיסט אין אַזאַ דירה. איז ער איינמאָל געקומען צו מיר און געזאָגט פר ער מיט גוטן, „זיי אַזוי גוט און ציה זיך אַרויס פון דאַנען." האָב איך אים ניט אַזוי גיך געפאָלגט — האָט מען מיך געכאַפּט און מיט געוואַלד אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן אין מיטן נאַכט, נאַקעט און באָרוועס, און מיינע קליידער און שיך זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן פאַר שבר דירה. עס האָבן ניט געהאָלפן מיינע געוויינען און געשרייען - - אין רחמים בד ן, און פאַרטיק. און וואָס מיר האָט אַממערסטן פאַרדראָסן איז דאָס, וואָס אַלע די, וואָס האָבן דאָס צוגעזעהן, האָבן ניט נאָר איינטייל גענומען אין מיין צער, נאָר זיי האָבן זיך נאָך געפרייט און געלאַכט. איך, פון גרויס שרעק און פאַרדראָס, האָב דערווייל פאַרגעסן אַלץ וואָס איך האָב ביז איצט געלערנט מיט מיין רבין, און איך בין געוואָרן אַן אמת'ער עם הארץ. און ווען ניט די רחמי שמים, וואָס האָט מיר צוגעשיקט אַ פּאָר גוטע הארציקע מענטשן, וואָס האָבן רחמנות געהאַט אויף מיר, מיך אָרומגעוואַשן, אָנגעטאָן און געגעבן אַביסל וואַרעמס און שפּייז פאַר אַ לאַנגע צייט, אויב ניט זיי ווער ווייס וואָס פון מיר וואָלט געוואָרן.

— זיינען אזוי דורכגעגאנגען 8 טעג זינט מען האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון מיין דירה. ערשט איך זעה — אין דער הויז וואו מען האָט מיך אַריינגענומען ווערט ליכטיק, טישן ווערן צעשטעלט און באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער, און אויף זיי אַלערליי גוטע זאַכן און משקאות, און די הויז פילט זיך אָן מיט מענטשן אָנגעטאָן יום טוב'דיק. מיך האָט מען אָנגעטאָן ריינע ווייסע קליידער, און מען האָט מיך גענומען באַקענען מיט אַלע אורחים אין שטוב. פריי איך מיך און טראַכט אַז מסתמה וועט מען מיך אויך נעמען צום טיש און געבן גוטע זאַכן. ערשט איך זעה—מען לייגט מיך אַוועק אויף אַזאַ טשער וואָס מען רופט עס „כסא של אליהו". האָב איך זיך דערפרייט, איך האָב זיך דערמאָנט וואָס מיין רבי האָט מיר געלערנט אין מיין ערשטער וואוינונג, אַז איידער משיח וועט קומען וועט די גוטע נייס אונז פריער אָנגעזאָגט ווערן פון אליהו הנביא. פלוצלונג זעה איך — עס געהט צו מיר צו אַ מאַן איינגעוויקלט אין אַ טלית מיט אַ מעסער אין האַנט, און כאַפּט און אָן שום שאלות שניידט ער מיין לייב און מאַכט מיר אַן אָפּעראַציע. ליג איך און שריי און וויין, בלוט גיסט זיך פון מיר, און ווידער אַמאָל קיינער נעמט זיך ניט אָן פאַר מיר; פאַרקערט, אַלע געסט פרייען זיך מיט דעם וואָס מען האָט מיר געטאָן. פאַרדריסט דאָס מיר זעהר. פלוצלונג הער איך ווי מען רופט מיך אָן מיטן נאָמען בן ציון. אַזוי — טראַכט איך — אויב בן ציון, פאַרשטיי איך שוין. איך דערמאָן זיך ווידער וואָס כ'האָב געלערנט, אַז אום צו זיין און ווערן אָנגערופן אַ זון צו ציון דאַרף מען פריער ליידן פיל יסורים. ליג איך און איך וואונדער זיך, אויף וואָס פאַר אַ וועלט בין איך? דאָ זיינען פאַראַן מיט מיר גוטע און דערבאַרעמדיקע מענטשן, וואָס האָבן מיך אַריינגענומען און טוען מיט מיר גוטס, און אָט זיינען מענטשן אַכזרים וואָס שניידן און מאַכן אָפּעראַציעס.

— הער איך באַלד ווי אַלע אורחים פרייען זיך וואָס עס איז צוגעקומען נאָך אַ מעמבער צו זייער בונד (ברית). ליג איך און צ טער, ווער ווייס צו וואָס פאַר אַ פאַרברעכערישן בונד און באַנדע איך בין דאָ אַריינגענומען געוואָרן! ערשט עס געהט צו מיר צו אַן אַלטער (מסתמה אליהו הנביא) און זאָגט מיר — באַרואיק זיך קינד, דאַרפסט זיך פרייען וואָס דו ביסט איצטער אריין אין בונד פון אברהם אבינו.

— און אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ איד." 1)

וויפיל איידעלן הומאָר און סורפּרייז האָט איר אין דער דאָזיקער הקדמה. עס האָט שוואונג און אָפענע דרייסטקייט צו דערציילן עס.

אָדער הערט נאָך אַ מעשה'לע. ער דערציילט אַז אין ווילנע האָבן די מיסיאָנערן וואָס האָבן געלויערט אויף אידישע נשמות, אים אַמאָל אַרויסגערופן אויף אַ דיסקוסיע (וכוח) וועגן רעליגיע. ר' אלפּס וו ל ניט האָבן צו טאָן מיט זיי. אָבער אַז זיי נעמען זיך באַרימען אַז בן ציון אלפּס האָט מורא פאַר אַ וכוח מיט זיי, ער זאָל ניט פאַרלירן, נעמט ער עס אָן אין אַזאַ אופן

1) פּתרון החידה: (נדה ל:) דרש ר' שמלאי, למה הילד דומה במעי אמו כו'. ונר דלוק על ראשו וצופה ומביט מסוף העולם ועד סופו כו' ואין לך ימים שאדם שרוי בהם בטובה יותר מאותן הימים כו'. ומלמדין אותו כל התורה כולה כו' וכיון שבא לאויר העולם כו' ומשכחו כל התורה כו'. ותשעה ירחים חוץ מארבעים יום של יצירת הולד הם שתי מאות ושלשים.

דאָס ער זאָל ניט דארפן גען צו זיי, אָבער אויך זיי זאָלן ניט קומען אין זיין הויז (משום לא תבוא תועבה אל ביתך), נאָר אין אַ נייטראַלער פרעמדער הויז. דער גאַנצער ענין פון דעם וכוח וועט באַשריבן אין איינעם פון זיינע ספרים „מעשה אלפס” חלק „ודע מה שתשיב”. אָבער פאַר זיין אַוועקגען פון זיי האָט ער זיי דערציילט אַזאַ מעשהלע.

— אַ גרויסער פּוילישער פּריץ האָט אַמאָל געפּייערט זיין געבורטסטאָג. זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן פּריצים און אַרעלליט פון דער גאַנצער געגנט אַרום, און ווי דער סדר איז, האָט מען געגעסן, געטרונקען, געטאַנצט. אָנגעהוליעט זיך גענוג, שלאָגט פאָר איינער פון די געסט אַז מען זאָל שפּילן אין אַזאַ שפּיל: זאָל מען איינלייגן באַ דעם בעל הבית אַ הונדערטער, און יעדער פון די געסט זאָל אויסטראַכטן און זאָגן עפּעס אַ ליגן. איז אויב איינער וועט דערציילן און זאָגן אַזאַ זאַך וואָס אַלע וועלן מסכים זיין אַז דאָס איז אַ ליגן, זאָל יענער קריגן דעם הונדערטער. האָבן זיך גענומען שיטן ליגנס פון כל המינים. די געסט לאַכן און האָבן הנאה פון די אומגעהויערע מעשות, אָבער דאָך ווען עס קומט צו שטימען וועגן דעם שקר פון דער מעשה, שטייען אויף אייניקע און זאָגן, ווער ווייס, אין איצטיקע צייטן, ווען עס קומען צו יעדע ווײַלע נייע דערפינדונגען, אפשר קען אַזאַ און אַזאַ פּאַסירונג טאַקע טרעפן. דער הונדערטער ליגט, קיינער געווינט אים ניט. רופט זיך אָפּ איינער פון דעם פּריצ'ס באַדינער — לאָמיר רופן דעם קרעטשמער דעם איד, ער איז קלוג, האָט אַ גוטע קאָפּ, ער וועט שוין זאָגן אַ היפּשן ליגן. שפּעט אין דער נאַכט, דער קרעטשמער שלאָפט געשמאַק. פּלוצלונג מען קלאַפּט צו אים, קום, שטעה אויף, דער פּריץ דאַרף דיך. אַ דערשראָקענער טוט ער זיך אָן, ווער ווייס וואָס דער פּריץ וויל פון אים! מען ברייננגט דעם אידן אין הויף, מען דערקלערט אים וואָס מען וויל פון אים — זאָל ער געפינען עפּעס אַן אויסנאַם אַ ליגן. דער איד קוקט אויף די געסט, באַטראַכט זיי, און גיט זיך אַ זאָג — ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן, איך דענק אַז אייער נוצרי איז געבאָרן געוואָרן פון אַ פאָטער און אַ מוטער אַזוי ווי מיר אַלע! אין זאָל איז געוואָרן שטיל אויף אַ ווײַלע, און מיט אַמאָל האָבן אַלע אויסגעשריען: „דאָס איז אַ ליגן!” — און דער איד האָט געוואונען דעם הונדערטער.

אין אַפּאָר טעג אַרום באַגעגנט דער פּריץ זיין קרעטשמער, לאַכט צו אים און פרעגט: ווי אַזוי איז דאָס דיר איינגעפאַלן אויף אַזאַ המצאה און זאָגן דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט? — מיין פאָטער האָט מיר אַלע מאָל געלערנט, אַז דער בעסטער ליגן איז אַן אמת, האָט דער איד געענטפערט.

הונדערטער אַזעלכע משלים און ווערטלעך וועט איר געפינען אין די מעשה אלפס ספרים, און אַלע האָבן איין ציל — צו דערקלערן די תורה, דערהויבן דעם אידן און דעם נאָמען פון אידישן פאָלק און זיין לאַנד ארץ ישראל. אַזאַ בוך איז אַ מצוה צו דרוקן און פאַרשפּרייטן צווישן אידן. זאָלן זיין געבענטשט די הענט וואָס זיינען זיך מתעסק מיט דעם.

**די רעדאַקציע**

# בראשית

בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ, אין אָנפאַנג פון אַלעס האָט גאָט באַשאַפן די הימל און די ערד. דער סדר עולם איז, אַז יעדער פאַר־פאַסער שרייבט אַן הקדמה (פאָררעדע) צו זיין בוך. די תורה איז דאָך גאָטעס בוך וואָס ער האָט געשריבן א) צו לערנען דעם מענשן ווי ער זאָל זיך אויפפירן אין זיין לעבן, אום ער זאָל זיין געזונט און גליקלעך אויף ביידע וועלטן, האָט השי"ת אויך געשריבן אַ פאָררעדע (דער ערשטער פסוק איז די הקדמה), „בראשית" אין אָנפאַנג פון אַלע למודי השכלה (בילדונג) צום ב"ש נאַטור־וויסענשאַפט, אָדער צו פאַרשטיין די געביידע פון מענטשן, מוז מען פריער לייגן אַ פונדאַמענט פון אמונה, ברא אלהים אַז דער עוויגער האָט באַשאַפן די הימל מיט אַלע אירע הערשאַפט און די ערד מיט אַלעס וואָס געפינט זיך אויף איר, ווייל ראשית חכמה די הויפט זאַך פון חכמה איז יראת ה׳ מ׳זאָל דורך איר דערקענען גדולתו של יוצר בראשית, אַז עס איז דאָ אַ גאָט (אַ גרויסער וועלט אינזשינער) וואָס האָט באַשאַפן שמים וארץ, דאַן וועט די הכמה ברייננען נוצן לקיום העולם. און דער ב פון „בראשית" איז ווי עס האָלט שטיין „בשביל ראשית" צוליב די זאַכן וואָס הייסן „ראשית" האָט גאָט באַשאַפן די וועלט. און וועלכע זאַכן הייסן **ראשית**? שרייבט רש"י הקדוש דאָס ערשטע איז די **תורה** ה׳ קנני ראשית דרכו (משלי ה׳), דאָס הייסט אַז די מענטשן וועלן זיך אויפפירן אין אייגענעם לעבן און אויך אין די באַציאונג פון איינעם מיטן

---

ב נ י ן   צ י ו ן

א) תלמיד. — השי"ת אַליין האָט דאָך נאָר געשריבן עשרת הדברים (אויף די לוחות) און די גאַנצע תורה האָט דאָך משה רבינו געשריבן (ווי עס שטייט אין פ׳ וילך, ויכתוב משה את התורה הזאת), היינט ווי אַזוי הייסט זי גאָטעס בוך? — רב — יאָ יאָ, מיין קינד, משה רבינו האָט געשריבן די גאַנצע תורה. ער הייסט אָבער נאָר „ספרא רבא דישראל", דער שרייבער אָבער ניט דער פאַרפאַסער. אַזוי ווי אַ סופר שרייבט אַ ספר תורה טאָר ער ניט שרייבן פון קאָפּ נאָר דער תקון סופרים ליגט פאַר אים אָפן, און ער קוקט אַיין יעדער וואָרט און זאָגט מיטן מויל „בראשית" און שרייבט אויפן יריעה בראשית. נאָכהער קוקט ער אין תקון און זאָגט „ברא" און שרייבט אויפן יריעה ברא — אַזוי אויך משה רבינו, השי"ת האָט אים דיקטירט יעדער וואָרט — „בראשית" האָט משה רבינו איבערגעזאָגט דעם וואָרט בראשית און געשריבן אויפן יריעה. און אַזוי יעדער וואָרט ביז „לעיני כל ישראל (סוף וזאת הברכה), און אפילו די טיפע ווערטער וואָס משה רבינו האָט פאָרלויפיג ניט פאַרשטאַנען די כונה, ווי צב"ש „נעשה (לאָמיר מאַכן) אדם בצלמנו", וואָס משה רבנו איז פאַרציטערט געוואָרן און געפרעגט, ווי קען

צווייטן נאָך דער פראַגראַם פון דער תורה, דאַן קען די וועלט עקזיסטירן (אַ קיום האָבן), און ווען ניט מוז זי אונטערגיין, ווי עס האָט פּאַסירט ביים דור המבול. אידישע פאָלק הייסט **ראשית** (קודש ישראל לה׳ ראשית תבואתו, ירמיה ב׳), אידן זיינען הייליג צו גאָט, זיי זיינען די הויפּט פון זיינע תבואה, אַזאַ תבואה וואָס שטאַמט פון גוטע זריעה (פון די אבות הקדושים), און אָפּגעהיט געוואָרן מיט גרויס השגחה בעת זיי האָבן געוואַקסן (זיך געהאָדעוועט) אין מצרים, און נאָכהער אַריינגענומען אין אַ גוטן שפּייכלער (אוצר, אין ארץ ישראל), אַז די פאָלק וואָס הייסט „ראשית" (קרוין־סחורה) זאָלן זיך פירן נאָך דער בילדונג פון דער תורה, וואָס הייסט „ראשית", וואָס אירע וועגן זיינען דרכי נועם אַנגענעם (וכל נתיבותיה שלום), און אַלע אירע שטעגן זיינען פרידן. איז גאָר קיין ספק ניט אַז מיט דער צייט וועט זייער גוטער אויפפירונג פאַרשיינען די גאַנצע וועלט, אַז אַלע וועלן דער־קענען דעם אמת, און דאַן וועט די וועלט קומען צו איר ציל וואָס דער באַשעפער האָט געמיינט.

די סופי תיבות פון בראשי**ת** בר**א** אלהי**ם** איז **אמת** (ראש דברך אמת) און דאָס זעלבע איז די 3 ווערטער פון סוף פרשה „בר**א** אלהי**ם** לעשו**ת**" איז אויך **אמת**, נאָר אין אָנפאַנג איז דער „אמת" ניט כסדר און אַם ענדע איז כסדר. דאָס איז מרמז אויף דעם מאמר פון מדרש, בעת השי"ת האָט געוואָלט באַשאַפן דעם מענטשן האָט ער זיך באַראַטן מיט די מלאכים, **צדק** האָט געזאָגט מ׳זאָל אים באַשאַפן ווייל ער טוט פיל צדקות, **חסד** האָט אויך געזאָגט יאָ ווייל ער איז גומל חסדים, **שלום** האָט געזאָגט ניין, ווייל ער איז דורכאויס קריג, **אמת** האָט אויך געזאָגט ניין, ווייל ער איז דאָס מערסטע שקרים. וואָס האָט השי"ת געטאָן? ער האָט געוואָרפן אמת צו דער ערד (ותשלך אמת ארצה) און האָט דעם מענטשן באַשאַפן. האָבן די מלאכי השרת

---

ב נ י ן צ י ו ן

מען שרייבן אַזאַ וואָרט וואָס לאָזט אַן אָרט פאַר אפיקורסים (**אַז עס איז** חלילה שתי רשויות)? האָט השי"ת געענפערט, שרייב ווי איך דיקטיר דיר! און דער וואָס וועט וועלן זאָל זיך טועה זיין. דאָס הייסט אָבער, דער חכם וועט ניט וועלן לעבן אין טעות, וועט גוט באַטראַכטן דעם ענין און וועט געפינען גרויסע נוצן אין דעם ריזיקאַלישן אויסדרוק פון „נעשה" (ווי מיר וועלן בע"ה שרייבן ווייטער).

**דאָס** גלייכן באַ דעם וואָרט ו י ק ר א אל משה, איז באַ משה רבינו **אויסגעקומען** שווער צו שרייבן אויף זיך אַזאַ טיטול (לשון חיבה ולשון **זרוז**), אים איז ליבער געוועזן צו שרייבן „ויקר" (אַז די נבואה איז צו אים בדרך ארעי, ווי ויקר אלהים אל בלעם), נאָר ווייל מען טאָר ניט ענדערן איין

געזאָגט, רבש"ע וואָס ביסטו מבזה דיין חותם? זאָגט דער בורא, זאָל אמת זיך אויפהויבן פון דער ערד, ווי דער פסוק זאָגט (אמת מארץ תצמח). דער געדאַנק איז דאָס די פּראַקטיקע ווייזט, עס איז דאָ פיל צדקות און גמילות חסדים אין דער וועלט, אָבער „אמת" און „שלום" איז זייער ווייניג, און אַז מ'נעמט זיך מתבונן זיין, קומט פאַרלויפיג אויס אַז עס ניטאָ קיין חשבון ווי די וועלט האָט אַ קיום. דאַכט זיך סוף כל סוף מוז זי חרוב ווערן, שלום און אמת שרייען אין איין קול „ניט אַנדערש אַז דער מענטש מוז אַראָפּגיין פון דער וועלט-סצענע". מיר זעהן דאָך פאָרט אַז די וועלט האָט אַ קיום? דער סוד פון דעם איז, הגם שכר המצות גיט דער בורא ניט אויף דער וועלט, וויל די מצות זיינען רוהניות, דאַרף דער שכר אויך זיין עונג רוהני, דאַרום האָט ער קיין אָרט ניט אויף דעם עולם הגשמי, נאָר פאַר די טייערע מצוות פון „אמת" גיט השי"ת עטוואָס שכר אויף דער וועלט אויך. דאָס הייסט דער בורא האָט איינגענאָטירט אַז אַלע האָבן ליב דעם אמת'ן מענטשן און דעם שקרן האָבן אַלע פיינט. דער גרעסטער רשע האָט פיינט אַ פאַלשן מענטשן און האָט זייער ליב דעם איש אמת. פאַרפאַלן, דער אמת איז אַ פּרעזידענט, אַלע האָבן פאַר אים גרויס רעספּעקט. דאָס איז די מליצה „ותשלך אמת ארצה", דעם שכר פאַר אמת האָט דער בורא אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, אויף דיזער וועלט. דער שקר פאַרבלענדט די אויגן נאָר אין אָנפאַנג, עס דוכט זיך, אַז מען וועט גיין מיט שקר וועט מען האָבן אין האָבן. אָבער נאָכהער שטעכט די פּראַקטיקע אויס די אויגן און ווייזט אַז דער שקר האָט קיין באַשטאַנד (שקר אין לו רגלים) ער מוז פאַלן, און דער אמת געהט

---

## בנין ציון

אות פון דעם בורא'ס דיקטירן, האָט ער זיך געקליגט און געשריבן אַ קליין א ויקרא פון ווייטן זאָל זיך זעהן נאָר „ויקר" אָבער אַז מען קוקט נאָענט שטייט פאָרט „ויקרא", זעהן מיר פון דעם אַז משה רבינו האָט פון איינענעם געדאַנק ניט געשריבן איין אות. דאַרום האָט דער חכם „סמליון" געזאָגט אויף משה רבינו אַ הספד, „וימת שם משה ספרא רבא דישראל" (סוטה יג), אָט דער גרויסער שרייבער וואָס האָט אָפּגעשריבן דעם לעצטן טאָג (ז' אדר שנפטר בו) דרייצען ספרי תורה (ער האָט געגעבן יעדן שבט אַ ספר תורה), אַזאַ גרויסער שרייבער איז געבליבן ביז זיין טויט (עבד ה') אַ טרייער גאָטעס דינער, ער האָט ניט געענדערט איין אות פון אייגענעם געדאַנקען, ביז זיין לעצטן טאָג הייסט ער נאָר „דער גרויסער שרייבער" אָבער ניט דער פאַר־פאַסער, דער פאַרפאַסער פון דער תורה איז נאָר השי"ת. דאַרום ווען עס פעלט איין אות אין ספר תורה איז זי פסול, וויל פון „בראשית ביז לעיני כל ישראל" איז אַלעס מפי הקב"ה.

אַרויף ווי בוימאייל אויפן וואַסער (תעלה אמת מן הארץ). דאַכט זיך די רשעים באַגראָבן דעם אמת טיף אין ד'רערד, דאָס איז אָבער נאָר ווי מען באַגראָבט אַ קערנדל געהט ער שפּעטער אַרויס מיט מער פראַכט, „אמת מארין תצמח" ער שפּראָצט אַרויס מיט פולן פראַכט און גלאַנץ. — דאָס האָט די תורה מרמז געווען, אַז די חתימה (די אונטערשריפט) וואָס איז מקיים דעם גאַנצן כתב, איז נאָר דער אמת, הגם אין אָנפאַנג איז ניט אַלע דערקענען אים, זיינע אותיות זיינען צעוואָרפן ת'א'מ', דאָס איז נאָר צו שטעלן דעם מענטשן אין אַ נסיון, די נאַראַנים זאָלן מיינען אַז מיט שקר וועלן זיי האָבן מער הצלחה. אָבער דער סוף לאָזט זיך אויס אַז דער שקר פאַלט און אַלע דערקענען דעם גליק פון אמת (דארום ביים סוף מעשה בראשית שטעהט דער אמת גלייך, ברא אלהים לעשות), דער איש אמת האָט אַ נאָמען, אַלע האָבן אים ליב, פאַר אים זיינען אָפן אַלע טויערן, ער דאַרף אַ גמילות חסד, אַן הלואה איז אים אומעטום פריי, ער פאַרקויפט אַ סחורה דאַרף ער זיך ניט אויסעסן די האַרץ, ווייל אַלע ווייסן אַז ער בעט ניט העכער פון פרייז, ער גיט ראַיעלע סחורה, הכלל, וואו ער קערט זיך איז אים ליכטיג. א).

און וואָרום הויבט זיך די תורה ניט אָן מיט דעם אות **א**, דאָס הייסט עס האָט געזאָלט שטיין (אלהים, בראשית ברא), ווי די חז"ל זאָגן אין זייער מליצה, 26 דורות (פון בריאת העולם ביז קבלת התורה) האָט דער **א** פאַרדרוס געהאַט, וואָס מ'האָט מיט אים ניט אָנגעהויבן די תורה. ער איז דאָך דער בכור (דער ערשטער אות פון דער הייליקער שפּראַך!) דער ענטפער איז, ווען אויך פון דער וואונדערלעכער בריאה, פון דעם הערלעכן פּאַלאַץ, וואָס ער איז געבויט מיט גרוים חכמה, איז צו דערקענען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער אינזשינער וואָס האָט אים באַשאַפן, דאָס הייסט, דער ליכטיקער שכל ווייזט דאָך אַז עס איז דאָ

---

ב נ י ן   צ י ו ן

א) און אַז מיר וועלן זיך באַמיען צו באַפייכטן אונזער האַרץ מיטן רעגנדל פון תורת אמת (יערוף כמטר לקחי), עס זאָל אויסשפּראָצן דער צווייגעלע פון אמת וואָס באַ אונז איז פאַרפלאַנצט, ווי דער בורא זאָגט דורך ירמיהו הנביא „ואנכי נטעתיך שורק כולו זרע אמת (וכן אמר דוד המע"ה „כי אמת הפצת בטוחות"), מיר זאָלן דערזעהן דעם אמת בגלוי, וועלן מיר זוכה זיין צו דער ישועה אמתית אַז „אלהים אמת" וועט קומען מקבל פנים זיין לישראל „זרע אמת" און פירן אונז אין אונזער לאַנד (ונקראה ירושלים עיר האמת, זכרי' ח), ווי דער משורר איז מרמז אין שיר המקודש, **אתי מלבנון תבואי — תשורי מראש אמנה** (אין די 6 ווערטער גייען 2 **אמת** מקבל פנים זיין איינער דעם צווייטן).

א גאָט וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד מיט אַלע זייערע הערשאַפט, דאָך איז דער שכל אַליין ווייניג, ווייל די תאוה קען אים פאַרבלענדן און בויגן צו אַלעס וואָס זי וויל, אָפּצולייקענען אין בורא האמת און מאַכן זיך טויזנטער געטער נאָך דעם געשמאַק פון דער תאוה, בכדי עס זאָל דערלויבט זיין צו טאָן וואָס די האַרץ געלוסט.

הכלל, דורך מענטשלעכע בילדונג איז שווער צו דערגיין אלקות. דאָס ערשטע, ווייל דער שכל האנושי איז קורצזיכטיג צו אַזאַ הויכע חכמה, וואָס איז העכער פון דער וועלט. שנית, אַלע הכמות בילדן נאָר דעם מוח ניט די האַרץ, קומט די נטיה פון האַרץ, וואָס זי איז משוחד פון תאות וחמדות העולם, און פאַרבלענדט דעם שכל (כי השוחד (שוחד הרצון) יעור עיני חכמים) נאָר ביים הר סיני, וואָס דאָרטן איז געגעבן די געטלעכע תורה, דאָרטן וועל איך אָנהויבן מיטן **א** (אנכי ה' אלהיך), ווייל נאָר דורך חכמת התורה, וואָס זי רייניגט די האַרץ, קען מען זיך מתבונן זיין אין חכמת אלהות און זעהן שיינבאַר גאָט־הייט, עס זאָל שיינען פאַר די אויגן „אלהים ברא בראשית".

און דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ **ב**, אַזוי ווי דער **ב** איז אַרומגערינגלט פון 3 זייטן און אין צפון זייט איז ער אָפן, אַזוי איז די וועלט גלייך אין 3 זייטן נאָר אין צפון זייט איז זי אַנדערש, עס ווייזט אויס ווי זי איז דאָרטן ניט אַרומגעצאַמט א), דאָס איז אַ מליצה. דער הימל אינזשעניר האָט געלאָזן אין זיין בנין איין אָרט אָפן, אַז פילייכט וועלן קומען אַנדערע און זאָגן אַז זיי זיינען אויך הימל־אינזשענירן, זיי קענען אויך באַשאַפן וועלטן און וועלן געבן נייע תורות, וועלן מיר זיי מכבד זיין מיט אַ קליינער רעפּייר אַרבעט, פאַריכט פריער דעם צפון זייט פון דער וועלט ער זאָל זיין גלייך ווי די איבעריקע זייטן, וועט מען וויסן אַז איר זיינט געטער און קענט געבן אַ תורה. — נאָך אַ טעם איז, ווייל **ב** איז 2, צו ווייזן אַז עס איז דאָ צוויי וועלטן, עולם הזה און עולם הבא. דו מענטש זאָלסט ניט

---

ב נ י ן   צ י ו ן

א) דער רוח צפון (פון דער וועלט) האָט אין זיך גרויסע אייגנשאַפטן, 1) די מאַגנעט־נאָדל פון קאָמפּאַס וואַרפט נאָך צו צפון. די אורזאַך פון דעם ווייס מען נאָך עד היום ניט, 2) די צפון ליכט (נאָרטהערן לייטס), פיל צייטן אין יאָר (מערסטנס ווינטער צייט באַווייזט זיך פון צפון זייט אויפן הימל גרויסע שטראַלן ליכטיקייט, דאָס איז מען נאָך אויך ניט דערגאַנגען עד היום.

מיינען אַז עס מער ניטאָ נאָר וואָס דו זעסט. אויך ווייל ברכה הויבט זיך אָן מיט אַ ב, האָט השי״ת געוואָלט די וועלט זאָל זיין געבענשט א).

רש״י הקדוש שרייבט (אמר ר׳ יצחק) ר׳ יצחק זאָגט די תורה איז דאָך קיין היסטאָריע בוך. „תורה״ איז טייטש לערנונג, זי קומט אונז לערנען מצוות און מעשים טובים ווי צו פירן זיך אויף דער וועלט, האָט זי דאָך באַדאַרפט אָנהויבן פון „החודש הזה לכם (בפ׳ בא) די ערשטע מצוה וואָס כלל ישראל זיינען געבאָטן געוואָרן, וואָרום הויבט זי אָן פון מעשה בראשית? דער אַנטוואָרט איז ווי דוד המע״ה זאָגט (כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים) דער בורא דערציילט אונז זיין כח וואָס ליגט אין זיינע ווערק. אַ בשר ודם בויט אויף אַ פּאַלאַץ, איז שוין געענדיגט דער כח פון מייסטער, ער מעג שוין אַוועקפאָרן אין אַמעריקע, דער פּאַלאַץ וועט שוין שטעהן אָן אים. אָבער דער כח פון בורא עולם אין זיינע מעשים איז אַ שטענדיקער. ער הייסט „חי העולמים״ דער היות (די הארץ) פון דער וועלט. אַזוי ווי דער מענש קען אַ רגע ניט לעבן אָן אַ האַרץ, ווייל די האַרץ גיט חיות אין גאַנצן קערפּער, אַזוי איז השי״ת משפיע אַלע רגע חיות אין דער וועלט (ער איז מחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית), דאַרום אַז די שבעה אומות וועלן טענה׳ן צו אידן, איר זיינט גזלנים, וואָס איר האָט אַוועקגענומען אונזער לאַנד, ווי איינער גיט אַ מתנה דעם צווייטן, איז דאָך גלייך ווי ער וואָלט אים פאַרקויפן (מתנה כמכר) און עס געהער צו יענעם שטענדיק, אַזוי אַז גאָט האָט זיי געהאָלפן איינגעמען די לאַנד פון די בני שם (וואָס נח האָט געגעבן אין שם׳ס חלק ארץ ישראל) איז דאָס

---

ב נ י ן צ י ו ן

א) דאָס הייסט די רשעים זאָלן ניט זאָגן, די נאַטור צווינגט דעם מענטשן ער זאָל זיין שלעכט, ווייל דער אָנפאַנג בריאה הויבט זיך אָן מיט אַן א (לשון ארור), אַ פאַרפלוכטע וועלט, זי שלעפּט פאַרן קאָלנער, מען מוז זיין אַ רשע (ווי מאַנכע נאַראָנים זאָגן), דאַרום האָט דער בורא אָנגעהויבן די בריאה מיט אַ ב (לשון ברכה), פאַרקערט, פון דער נאַטור דאַרף דער מענטש זיין גוט (ווי די פּראַקטיקע ווייזט, ווען מען וואָלט זיך ניט האָדעווען בין אנשי שקר וואָלט דער געוויסן פון מענטשן זיך ניט דערלויבן צו זאָגן אָדער צו טאָן אַ דבר שקר). און אַזוי זאָגט דער חכם מכל אדם „האלהים עשה את האדם ישר״, אָבער „והמה בקשו חשבונות רבים״. און דער תלמוד זאָגט אויך „ומשביעין אותו תהא צדיק״ דאָס הייסט די נשמה הקדושה ווירקט אויפן קערפּער צו טאָן גוטעס אַזוי ווי ער וואָלט זיין צוגעשוואָרן צו טאָן גוטעס. און אַזוי ווי די תורה שבכתב הויבט זיך אָן מיט אַ לשון „ברכה״, אַזוי הויבט זיך אָן די תורה שבעל פה (משנה) אויך מיט מסכת ברכות (באמרם שם יליף מברייתו של עולם ויהי ערב כו׳).

זייערע. אָבער איצטער ענטפערן מיר אַז זייער טענה איז בטעות. ביי אַ בשר ודם איז יאָ מתנה ווי מכירה, ווייל זיין כוח האָט ער געהאַט אין דעם איז נאָר בעת זי איז אין זיין רשות, און ווי ער גיט איבער דעם צווייטן איז שוין נסתלק (אָפּגעטאָן) זיין רשות (זיין כוח) פון דער זאַך. אָבער דער כוח פון דעם בורא ב"ה איז שטענדיק פאַרבונדן מיט דער וועלט, ווען ער זאָל אויף איין רגע אָפּטאָן זיין כוח, ווערט די וועלט תוהו ובוהו. איז אפילו ווי זיי זאָגן אַז מיט דעם וואָס זיי האָבן איינ־גענומען פון די בני שם איז דאָס זייערע (הגם באמת איז דאָס ניט אַזוי, זיי האָבן נאָר גענומען בגזלה) אָבער פון גאָטעס רשות איז דאָך ניט אַרויס, איז בעת ער האָט געוואָלט האָט ער זיי געגעבן אויף דערווײַלע. נאָכהער אָבער ווען זיי האָבן ניט געהיט זייער פּראָגראַם (די שבע מצוות בני נח) און האָבן געטאָן גרויסע תועבות, האָט גאָט צוגענומען פון זיי און אונז אָפּגעגעבן. מיר האָבן דאָך ניט גענומען די לאַנד מיט אייגענע קראַפט דורך שווערד און ביקס (כי לא בחרבם ירשו ארץ) נאָר מיט דעם רצון הבורא (ואור פניך כי רציתם). בעת מ'האָט געדאַרפט אַריבער דעם ירדן צו קומען צו דער פעסטונג פון יריחו האָט מען ניט אַריבער געוואָרפן קיין בריקן, נאָר די כהנים וואָס האָבן געטראָגן דעם ארון ה' האָבן אַריינגעטראָטן אין וואַסער, האָט זיך דער ירדן געשפּאַלטן (הירדן יסוב לאחור) און געמאַכט אַ וועג פאַר גאָטעס מיליטער. נאָכהער בעת מ'האָט געדאַרפט נעמען די פעסטונג יריחו האָט מען ניט געשאָסן מיט קאַנאָנען, נאָר אַרום געגאַנגען מיטן ארון הקודש (הקפות) און געבלאָזן תרועה גדולה, איז איינגעזונקען דער מויער און מ'איז אַריין פריי. דער אדון כל הארץ האָט אונז געגעבן די לאַנד מיר זאָלן דאַרטן היטן די תורה בכדי די גאַנצע וועלט זאָל אַ קיום האָבן.

את השמים ואת הארץ דער מדרש פרעגט וואָרום שטייען די ווערטער „את", עס וואָלט דאָך גענוג זיין „השמים והארץ", ווי עס שטייט ווייטער „ויכולו השמים והארץ"? ענטפערט דער מדרש, דאָס ווייזט, אַז ניט הימל און ערד אַליין זיינען באַשאַפן געוואָרן ביום ראשון, נאָר אַלעס וואָס געפינט זיך אין זיי, אַלע צמחים און בעלי חיים, דאָס גלייכן אין הימל די זון און אַלע פּלאַנעטן, אָבער דעם ערשטן טאָג זיינען זיי נאָך ניט אַרויס בפועל, זיי זיינען נאָר געווען בכוח, ווי דער פסוק זאָגט ווייטער והארץ היתה תוהו ובוהו די ערד איז געווען וויסט און לעהר, עס איז קיין זאַך אויף איר ניט געווען, ניט קיין גראָז, ניט קיין בעלי חיים. למשל ווי די יאָדרע פון אַן עפּל ליגט אין איר אַ כוח, ווען מ'זאָל איר פאַרפלאַנצן אין ערד וועט ער מיט דער צייט אַרויסגעבן אַ גאַנצן עפּל בוים, אָבער איידער מען פאַרפלאַנצט איר הייסט ער „תוהו" ווייל פאַרן אויג איז ער אַן אַ

שום צורה פון אַ בוים, ער הייסט אָבער אויך „בו־הו" אין אים איז דאָ אַלעס, אַ בוים מיט צווייגן מיט פּירות מיט יאָדרעס אין יעדער פּרי. דאָס גלייכן איז די ערד געווען פאַרן אויג „תוהו" הייסט לעהר, אָן אַ שום צורה, אָבער די גאַנצע בריאה איז פאַרוויקלט אין איר, פון איר איז אַרויס אַלע גרינסן, אַלע בוימער, אַלע בעלי חיים, ווי דער בורא האָט באַשטימט יעדער טאָג וואָס עס זאָל אַרויסגעגעבן ווערן ביז פרייטיק פאַר נאַכט, וואָס דאַן איז שוין אַלעס אַרויס מכוח אל הפועל. — דער מדרש שרייבט דער פּסוק איז מרמז אויפן גלות, תוהו ווייזט אויף גלות בבל, בוהו אויף גלות מדי (בימי אחשורוש), חשך איז מרמז אויף מלכות יון, וואָס זי האָט פאַרפינסטערט אידישע אויג מיט אירע גזירות, זי האָט גוזר געווען (כתבו לכם על קרן השור שאין לכם חלק באלהי ישראל) אידן זאָלן אָנשרייבן אויפן האָרן פון אָקס אַז זיי ענטזאַגן זיך פון אידישן גאָט א). די תורה באַמערקט אונז, אַז אין אָנפאַנג בריאה, ווען דער בורא האָט באַשאַפן הימל און ערד, איז די ערד ניט געוואָרן גלייך אין דער פאָרמע און אויס־זיכט ווי זי איז איצטער, נאָר זי איז געווען „תוהו ובוהו והשך על פני תהום" און ערשט נאָכדעם האָט גאָט געזאָגט „יהי אור"! (עס זאָל ווערן ליכטיק), צו וועלכן ציל האָט דאָס גאָט אַזוי געאָרדענט? האָט ער דען ניט געקענט אַרויסגעבן די ערד אין דער פאָרמע ווי

---

שערי ציון

א) די מליצה פון אָנשרייבן אויפן האָרן פון אָקס איז אַזוי: הגם אידן האָבן געהאַט צרות און גזרות פון נבוכדנאצר מלך בבל, ער האָט חרוב געמאַכט אונזער בית המקדש. מיר האָבן געהאַט גלות מדי (אין אחשורוש צייטן), זיינען זיי אַלע אָנגעשטאַנען נאָר אויפן קערפּער, פיזיש, אָבער אונזער אויג, דאָס הייסט אונזער גייסט האָבן זיי געלאָזן ליכטן. אָבער מלכות יון האָט זיך גענומען צו אונזער גייסט, און אַזוי ווי זי האָט גוט געוואוסט דעם אידישן כאַראַקטער, אַז ער איז פעסט. אַז אויב מ'דריקט אים צו בייטן זיין גלויבן, זאָגט ער „או יהודי או צלוב", ד. ה. לאָז מיר בלייבן אַ איד אַז ניט הענג מיר אָדער ברען מיר. ווי חנניא מישאל ועזריה האָבן זיך געלאָזן וואַרפן אין קאַלך אייוון, און נאָך טויזנטער אידן האָבן זיך איבערגעגעבן צו מיתות משונות, נאָר ניט שיידן זיך פון אמת'ן גאָט. האָט זיך מלכות יון באַקלערט אַ פּלאַן צו פאַרבלענדן די אויגן דעם אידן, אַז זיי מיינען ניט דעם דת. דו מעגסט זיך זיין דער פרימסטער איד ווי דו ווילסט, נאָר ביסטו אַ איד האָסטו קיין גלייכע רעכטן ניט, קיין גרויסער סוחר טאָרסטו ניט זיין, קיין קאָנטראַקטן קאָנסטו ניט נעמען, קיין גוט־באַזיין טאָרסטו ניט קויפן, אין פאַראַדנע גאַסן טאָרסטו קיין געשעפט עפענען איר מוזט ליגן פאַרשטיקט אין געטאָ ווי הערינג אין פאַס. ווען

זי איז איצט?דערויף ענטפערן די חז״ל, אַז דאָס איז אַ רמז אויף לעתיד, וואָס מ׳וועט דאַן דערקענען דעם אור ה׳ (די ליכטיקייט פון גאָטהייט), איז אַזוי ווי דער אור גשמי, ווען פאַרשטייט מען זיין ווירדע, אַז פריער איז געווען פינסטער, און מ׳איז פאַרקראָכן אין זומפּן, מ׳איז אַרויפגעקראָכן אויף די ווענט, און מ׳האָט זיך צע־בראָכן רוק און לענד. נאָכהער אַז עס ווערט ליכטיק פאַרשטייט מען ווי די ליכט צו שעצן, אַזוי איז עס מיט דער גרויסע וועלט־ליכטיקייט פון תורת אמת, אַז ניט אַזוי לייכט דערזעט מען איר. ווי מיר זעהן אַז אַ גרויסע טייל מענטשן לעבן אָן אַ ציל, דען וואָס איז שוין דער גליק אַז מען לעבט אָפּ 70 יאָר און מ׳עסט און טרינקט און נאָכדעם איז ווי גאָר ניט געווען אויף דער וועלט? און בפרט נאָך ווי אַנדערע פעלקער לעבן, אַז זייערע גרויסע חכמות באַשטייען אין דעם, ווי אויסצוטראַכטן נייע כלי־משחית, אַזעלכע ביקסן און קאַנאָנען וואָס קענען שיסן אַ סך מענטשן מיט איין מאָל, מער בלוט פאַרגיסן און איבערלאָזן פיל טרויעריקע הערצער, אלמנות ויתומים, און נאָכדעם, פון די מלחמות, ווערט אַ פעסט (אַ מגפה) אין דער לאַנד. הכלל, מ׳וויל שטייגן און באַקומען כבוד דורך יענעמס בזיון (מתכבד בקלון חבירו), מ׳וויל ווערן גליקלעך דורך יענעמס אומגליק

---

## שערי ציון

דו ווילסט זיין אַ גילדע סוחר, נעמען אַ מלוכה קאָנטראַקט, קויפן אַ נחלה, מאַכן אַ געשעפט אויף דער הויפט גאַס, דאַרפסטו נעמען אַ טויף־שיין. אַזאַ גזירה איז ערגער ווי שרפה, דאָס איז אָדערין ציען פון גוף, דאָס איז פאַר־בלענדעניש און ווייטיק פון די אויגן, אַזאַ נסיון קענען דורכטראָגן נאָר איינציקע הויכע מענטשן, ווי דער תנא ר׳ עקיבא, אַז מ׳האָט אים גערים די לייב מיט אייזערנע קאַמען האָט ער פאַרליטן די יסורים און געשריען נאָר ה׳ אחד. אָבער פאַר די גאַנצע מאַסן זיינען אַזעלכע נסיונות צו שווער. דאָס רופט זיך זיי האָבן פאַרבלענדט די אויגן מ׳זאָל פאַרלויפיג ניט פאַר־שטעהן אַז זיי צילן צו פאַרניכטן די רעליגיע. אַז די חז״ל האָבן דאָס אונז געוואָלט דערציילן, און עס איז דאָך באַוואוסט, אַז אין יעדער צייט פעלט ניט קיין שלעכטע מענטשן, וואָס טראָגן אָפּ אַ וואָרט וואוהין מען דאַרף ניט, האָבן זיי דאָס אַרויסגעזאָגט בלשון חכמה (אויף בלומענשפּראַך). „פרנסה״ רופט זיך בלשון חכמה „שור (ורב תבואות בכח שור, משלי יד), די שטאַרקע און וויכטיקע געשעפטן רופן זיך „קרן השור״ און „על״ איז דער טייטש ווענן די זאַך. דאָס איז דער זינען „כתבו לכם על קרן השור״ אויב איר ווילט מאַכן געשעפטן מוזט איר זיך אונטערשרייבן אַז איר ענטזאָגט זיך פון אייער דת (מרבינו יעקב יאָזעף חריף זצ״ל).

(עקספלאַאטאַציע), עס לייגט זיך ניט אויפן גלייכן שכל, אַז דער בורא, וואָס ער איז דער מקור הטוב והחסד (דער קוואַל פון גוטעס און גענאַד), זאָל בויען אַזאַ הערליכן פּאַלאַץ ווי די וועלט איז פאַר אַזעלכע סאָרטן מענטשן, וואָס זייער גאַנצער לעבן באַשטעהט אין שקר און אכזריות. אַלזאָ אורטיילט דער גראַדער פאַרשטאַנד, אַז דער תכלית הבריאה איז נאָר פאַר איידעלע מענטשן וואָס פירן זיך אין די אַנ־גענעמע וועגן וואָס דער בורא האָט זיי געלערנט אין זיין תורה.

מיר זעהן אָבער אַז דאָס איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך, אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל אָנערקענען דעם אמת, דעם גוטן אויפפירונג, צו לעבן אַ הייליקן ריינעם לעבן, דאָס איז גאָר אַ שווערע זאַך. ווי אַזוי וועט דאָס פּאַרט זיין? האָט דער בורא אונז מרמז געווען, אַז די ערד איז ניט באַשאַפן געוואָרן מיט איינמאָל אין אַזאַ פאָרמע ווי זי איז איצט, נאָר דורך תוהו ובוהו וחשך על פני תהום און נאָך אַלעם איז ורוח אלהים מרחפת על פני המים, דורך דעם האָט דער בורא ערשט געקאָנט זאָגן יהי אור! דאָס הייסט, אַז ווען אפילו אידן זיינען שוין אריין אין ארץ ישראל איז נאָך אַלעם די כונה עליונה ניט דערפילט געוואָרן, אַז די גאַנצע וועלט, אַלע זאָלן דערקענען דעם אמת און זאָלן אַוועקוואַרפן זייערע הבלים און זיך קומען בוקן צום איינציקן גאָט. עס מוז פריער זיין „תוהו ובוהו", דאָס ווייזט אויף די 4 גלות'ן: בבל, מדי, יון, אדום וואָס דער לעצטער גלות איז געגליכן צום „תהום", אַזוי ווי דער תהום האָט קיין גרונט ניט, אַזוי איז דער לעצטער גלות גרויס און לאַנג, אַז פשוט פיל מענטשן זיינען זיך מיאש פון דער גאולה. נאָכדעם ערשט וועט דער בורא זאָגן „יהי אור"! עס זאָל קומען די אמת'ע ליכט „דער אור שבעת הימים א). און מיט וועלכן זכות וועט קומען דער אור? דאָס הייסט ווי אַזוי וועט די וועלט קומען צום אמת? מיט דעם וואָס נאָך אַזעלכע כוואַליעס פון תוהו ובוהו וחשך על פני תהום, אַזעלכע שווערע און פינסטערע גלגת'ן, וואָס האָבן געפּלייצט און געשטורעמט אויף אידן, און דאָך איז „ורוח האלהים מרחפת", איז נאָך דער איד מיט זיין גייסט געבליבן עקזיסטירן, ווייל זיין הייליגער גייסט שוועבט אויף דער תורה (וואָס זי איז געגליכן צו וואסער), זי איז אַזאַ הייליגער באַלזאַם, אַז ווער עס קערט אַמאָל אָפּ פון גראַדן וועג, איז איר ליכטיקייט ברייגנט אים צו תשובה (תשובה

בנין ציון

א) „אור שבעת הימים" שאדם צופה ומביט בו מסוף העולם ועד סופו, היינו שנשיג אָז תכלית הבריאה וכוונת ההנהגה מתחילת בריאת העולם עד עכשיו, שהכל היה בחכמה רבה ולתכלית טוב.

נמשלה למים, שפכי כמים לבך, ב"ר פ"ב) און פירט אים צוריק אויפן גוטן וועג (המאור שבה מחזירו למוטב), און דערפאַר עקזיסטירט ער אַזוי לאַנג געגן אַלע כוואַליעס וואָס פלייצן אויף אים. דער גרויסער וואונדער וואָס די קליינע אידישע שיפעלע איז ניט צוקלאַפּט געוואָרן אונטער די גרויסע כוואַליעס פון ים הצרות, וואָס די שוואַכע שעפעלע איז געבליבן גאַנץ צווישן די ציינער פון אַזויפיל חיות, וועט עפענען די אויגן צו דערקענען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער גאָט, און דאַן וועט דער בורא זאָגן „יהי אור" און די וועלט וועט ווערן ליכטיג, עס וועט אויסגעהן אַלע פאַרדאָרבענקייט און עס וועט מקוים ווערן די נבואה פון ישעיהו הנביא (וכתתו חרבותם לאתים, וגר זאב עם כבש, לא ירעו ולא ישחיתו כו' כי מלאה הארץ דעה את ה').

דער תנא שרייבט (אין אבות פ"ה) „בעשרה מאמרות נברא העולם", יעדער טייל פון דער בריאה איז ענטוויקלט געוואָרן אין זיין טאָג דורך אַ באַזונדער מאמר פון השי"ת. זיי זיינען ניט אַרויס אל הפועל אין איין מאָל אין ערשטן מאמר. פרעגט דער תנא צוויי קשיות. דאָס ערשטע „ומה תלמוד לומר"? וואָס דאַרף די תורה דאָס באַשרייבן, די תורה איז דאָך קיין היסטאָריע נאָר אַ לערנונג, טאָ וואָס לערנען מיר פון דעם? און דאָס צווייטע, אַלץ קשה „והלא במאמר אחד יכול להבראות"? צו וועלכן ציל האָט ער איר פונאַנדערגעטיילט אין 10 מאמרים, וואָרום האָט ער דעם ערשטן טאָג ניט אַרויסגעגעבן אַלעס בפועל דורכן ערשטן מאמר? ענטפערט דער תנא, פון דעם האָבן מיר אַ גרויסע לערע, דער געזונטער פאַרשטאַנד ווייזט, אַז די וועלט איז טייער ביים בורא, ער האָט דאָך איר באַשאַפן, מסתמא וויל ער אַז מעשה ידיו זאָל אַ קיום האָבן. היינט דער וואָס פירט זיך אויף שלעכט, אַז דורך דעם איז ער מהרס די סדרי הבריאה (ווי דער דור המבול און אנשי סדום), וועט ער געווים שטרענג באַשטראָפט ווערן, און דער וואָס פירט זיך אויף גוט, ער טוט צדקות ומעשים טובים, וואָס דורך דעם האָט אַ קיום דער ישוב העולם, וועט יענער מקבל זיין אַ גוטן לוין. איז ווען דער בורא וואָלט באַשאַפן די וועלט מיט איין מאמר, וואָלט מען רעכענען, ווער וועט מקבל זיין אַ שכר טוב פאַר צדקות ומעשים טובים, נאָר דער גרויסער צדיק וואָס זיין תורה ומעשים טובים זיינען אַזוי גרויס אַז די גאַנצע בריאה קען שטעהן אויף זיין זכות, אָבער ווען די מעשים טובים זיינען אין אַ קלענערן פאָרמאַט, אַז זיין זכות קען נאָר אויפהאַלטן אַ חלק פון דער בריאה, היינו בזכותו איז אַ ברכה אין תבואה אָדער אַנאַנדער חלק פון דער בריאה, דער איז ניט מקבל אַזאַ שכר טוב. און דאָס גלייכן ביי רשעים, ווען וועט ער מקבל זיין פורעניות, אַז זיינע רשעות איז אַזוי גרויס דאָס זיי זיינען אומשטאַנדע חרוב מאַכן די גאַנצע

בריאה, ווי דער דור המבול, אָבער אַקליינער פּאַך רשעים, וואָס זיינען מחריב נאָר אַ חלק פון דער בריאה, ווי פּרעה און די מצריים, וואָס דורך זייערע בייזע מעשים זיינען אויסגעשטאָרבן די פיש פון וואַסער און נאָכדעם די בהמות, אַזעלכע רשעים ווערן ניט שטרענג באַשטראָפט. דאַרום האָט דער בורא באַשאַפן די וועלט-מאַשינע גלידערווייס און אויף יעדער גליד און טייל פון איר האָט ער מיחד געווען אַ באַזונדערן מאמר, צו ווייזן, אַז יעדער חלק פון דער בריאה איז באַ אים זייער טייער. אַלזאָ דאַרף דער מענטש זיך זעהן אָפּצו־היטן פון דער קלענסטער עבירה, און די קלענסטע זאַך פון גוטס דאַרף באַ אים זיין טייער א).

ויאמר אלהים יהי אור גאָט האָט געזאָגט עס זאָל ווערן ליכטיג, און עס איז געוואָרן ליכטיג, האָט גאָט געזעהן אַז די ליכט איז גוט, כלומר, גאָט פאַר זיך האָט פריער (איידער ער האָט געזען) אויך גע־וואוסט אַז די ליכט איז גוט, נאָר מען מיינט, ער האָט איינגעצייכנט אין דער בריאה, אַז דער זעהן זאָל מאַכן אַ התפעלות אויפן מענטשן מער ווי די זאַך וואָס ער הערט נאָר און זעהט ניט ב). דער מדרש זאָגט, גאָט האָט געזעהן אַז דער „אור" איז גוט און עס איז ניט ראוי, אַז די רשעים זאָלן זיך באַנוצן מיט אַזאַ ליכטיקייט, וואָס מ'קען אין אים זעהן פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן, האָט ער דעם „אור" באַהאַלטן פאַר די צדיקים לעתיד לבא. — אויך זאָגט דער מדרש,

---

### שערי ציון

א) און ווייל די דאָזיקע לערע איז זעהר וויכטיג (ווי די תורה האָט מאריך געווען וועגן דעם אַ גאַנצע פּרשה) האָבן אונזערע חכמים געמאַכט פיל אָנדענקונגען צו דערוועקן אין אונז דעם רעיון. היינו ר"ה וואָס דאַן איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן (זה היום תחלת מעשיך זכרון ליום ראשון) האָט מען מתקן געווען אין מלכיות זכרונות שופרות ניט ווייניקער ווי 10 פסוקים (קעגן די עשרה מאמרות). אַז מען לייענט אין דער תורה (וואָס זי איז דער קיום העולם), זאָל מען ניט לייענען (שבת צו מנחה וב' וה') ווייניקער ווי 10 פסוקים (עשרה מאמרות) — אַלס צו דערוועקן אין אונז דעם נייטיקן למוד, מיר זאָלן אויסווייכן די קלענסטע עבירה און פלייסיק זיין אין דער קלענסטער מצוה, ווייל אַ חלק פון דער בריאה איז אויך זייער וויכטיק ביי השי"ת. ער האָט מיחד געווען אויף דעם אַ באַזונדער מאמר אין מעשה בראשית.

ב) דאַרום האָט משה רבינו ניט געהאַט אַזאַ התפעלות בעת דער בורא האָט אים געזאָגט ל ך ר ד, נידער אַראָפּ פון הר סיני דיין פאָלק האָבן פאַרדאָרבן און געמאַכט אַן עגל, ווי די גרויסע התפעלות וואָס ער האָט באַקומען בעת ער איז אַראָפּ און דאָס דערזען מיט די אויגן, דאַן איז ער

פינף מאָל „אור" שטעהט אין דער פרשה, קעגן „חמשה חומשי תורה" 1) יהי אור קעגן ספר בראשית, וואָס דאָרטן איז באַשריבן די געשיכטע פון אברהם אבינו, וואָס ער האָט באַלויכטן די וועלט. ווי דער נביא ישעיהו זאָגט, „מי העיר ממזרח", ווער האָט אויפגעוועקט פון מזרח, דאָס גערהט אויף אברהם אבינו, וואָס ער האָט אויפגעשיינט ווי די זון פון מזרח. אַזוי ווי די זון ווען זי שיינט אויף, וועקט זי אויף אַלע פאַרדרימלטע, אַזוי האָט אברהם אבינו אויפגעלייכט און אויפגעוועקט אַלע וואָס זיינען געווען פאַרשלאָפן אין די פינסטערניש פון ווילדע זיטן און געטצנדינסט. — 2) ויהי אור איז קעגן ספר שמות, ווי אידן זיינען אַרויס פון גלות מצרים פון פינסטערניש אין דער ליכט, און האָבן מקבל געווען די תורה, אַרויסגעטראָגן אַ ליכטיקייט אויף דער וועלט. — 3) וירא אלהים את האור כי טוב קעגן ספר ויקרא, תורת כהנים וקרבנות, דאָס דער מענטש האָט ביים קרבן תשובה געטאָן, אַזוי איז אים ליכטיג געוואָרן אין דער נשמה. — 4) ויבדל אלהים בין האור קעגן ספר במדבר, דאָרטן שטעהט מען זאָל אַרויסשיקן פון מחנה ישראל אַלע טמאים, ווייל דער משכן, דער ארון מיט דער שכינה זיינען אין מחנה ישראל וואָס באַלייכט זייער וועג. — 5) ויקרא אלהים לאור יום קעגן ספר דברים, דאָרטן שטייען פיל הלכות און מוסר השכל, וואָס מונטערן אויף די געפילן פון מענטשן און שיינען אין אים אַריין אַ געטליכע ליכט. ויהי ערב עס איז געווען אָוונט, דאָס איז די צייט (12 שעה) זינט גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד ביז ער האָט געזאָגט „יהי אור", איז געווען פינסטער. ויהי בוקר, נאָכהער אַז ער האָט געזאָגט יהי אור איז געווען ליכטיג (12 שעה) צוזאַמען

---

שערי ציון

פאַרציטערט געוואָרן און אַרויסגעוואָרפן די לוחות פון די הענט און זיי צעבראָכן. — נאָך אַ געדאַנק זאָגן די מפרשים אויף דעם (וירא אלהים את האור כי טוב) און אויף וואָס עס שטייט באַ יעדער טאָג „וירא אלהים כי טוב". די תורה שטעלט פאָר אַז דער גרויסער קינסטלער, וואָס האָט באַשאַפן דעם וועלט־וואונדערלעכן פּאַלאַץ, האָט ביי יעדער שטיקל אַרבעט איבער־געזען אויב עס איז ניטאָ קיין פעלער אין זיין אַרבעט, און אַז ער האָט געפונען אַז עס איז גוט אַרויס, האָט ער נאָכדעם אָנגעהויבן די צווייטע אַרבעט. דאָס איז צו לערנען דעם מענטשן, ער זאָל זיך אויך אַזוי פירן, ער זאָל זיך ניט האַלטן גרויס, זאָגן אַז מיין אַרבעט איז געווים גוט, נ־טאָ נאָך וואָס צו זעהן. אָט גאָר אַ קליינעם ביישפּיל, ער שרייבט אַ בריף, איז איידער ער לייגט אַריין אין ענוועלאָפּ זאָל ער עס איבערקוקן, פיליייכט האָט ער פאַרפעלט אַ וואָרט, וואָס דאָס קען ענדערן דעם גאַנצן געדאַנק און עס קען ברייננגען צו גרויס פאַרדרוס, און דאָס גלייכן.

איז יום אחד איין טאָג. רש"י שרייבט, נאָכן סדר לשון הפרשה האָט געזאָלט שטעהן יום ראשון (ווי עס שטעהט ווייטער יום שני, שלישי), נאָר דאָס געהט אויף דעם בורא ב"ה, ער איז דאַן געווען א יחיד אויף דער וועלט, די מלאכים האָט ער ערשט באַשאַפן דעם צווייטן טאָג. איך זאָגט דער מדרש, אַז „יום אחד" איז מרמז אויף יום כפור, דאָס הייסט אַזאַ הויכגעשעצטער טאָג (ווי דער ערשטער טאָג פון מעשה בראשית) וואָס אין אים איז ניט געווען קיין קריג (ווי אין צווייטן טאָג מ'מט די וואַסער, ניט קיין לשון הרע ווי אין פערטן טאָג (וואָס די לבנה האָט מקטרג געווען מ'זאָל די זון קלענער מאַכן) און ניט קיין דעות כוזבות אַז עס איז הלילה פאַראַנען נאָך כחות חוץ השי"ת, ווייל עס איז נאָך ניט געווען קיין מלאכים, קיין זון און לבנה, אין דעם אַרט דאַרף זיין דער טאָג יום כפור, דער מענטש דאַרף דערווייטערן פון זיך קריג און לשה"ר און שנאת חנם, זיין מיט אַלעמען באהבה ואחוה, אויס־רעכענען אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז ווי איין מענטש, רייניקן די גע־דאַנקען פון דעות כוזבות, שרייען אין דער הויך „ברוך שם כבוד מלכותו", עס זאָל פאַרברייטערט ווערן דער כבוד פון מלכות שמים, די געפילן זאָלן זיין ליכטיק צו זעהן אַז מסוף העולם ועד סופו איז „אין עוד מלבדו".

ויאמר אלהים יהי רקיע דעם צווייטן טאָג האָט השי"ת געזאָגט, עס זאָל ווערן אַן אויסשפּרייטונג (אַזאַ מין פאַרהאַנג) צווישן די וואַסער, עס זאָל פונאַנדערטיילן צווישן די אונטערשטע וואַסער און לופט א) וואָס מענטשן און בעלי חיים קענען אָטעמען (מ'רופט דאָס אַטמאָ־ספערע) און צווישן די אויבערשטע וואַסער און לופט (איבער דאָס אַטמאָספערע). דאָרטן איז אַנדערע וואַסער און לופט וואָס בעלי חיים קענען זיי ניט אָטעמען. דער מדרש זאָגט, וואָרום שטעהט ניט דעם צווייטן טאָג „כי טוב"? ווייל אויף אַזאַ זאַך וואָס איז ניט פאַרטיג לייגט זיך ניט דער וואָרט „טוב". די אַרבייט פון די וואַסער איז ערשט פאַרטיק געוואָרן דעם דריטן טאָג ב). אַ טייל הכמים זאָגן, דאַרום שטעהט ניט „כי טוב", ווייל דעם צווייטן טאָג איז באַשאַפן

---

ב נ י ן צ י ו ן

א) אין לופט איז פיל וואַסער, די זון ציט אַרויף דעם וואַסער אין לופט, ווערט דער וואַסער אין טייך ווייניקער, דאַרום קען מען פון לופט מאַכן וואַסער.

ב) תלמיד, וואָרום איז טאַקע ניט פאַרטיג געוואָרן מלאכת המים גלייך דעם צווייטן טאָג, היפלא מה' דבר? —

רב, זעהר גוט האָסטו געפרעגט, דאַפיר וועל איך דיר מגלה זיין א סוד. זעסטו אַז דער וואָרט מים לייענט זיך הין און צוריק ווייל ער ווייזט

געוואָרן דער גיהנום, און אַנדערע זאָגן, די אונטערשטע וואַסער האָט זיך געקריגט מיט די אויבערשטע וואַסער, פאַרוואָס זייענען זיי הויך און מיר נידעריק (דאַרום שטעהט ניט כי טוב, ווייל פון קריג קומט קיין גוטס ניט אַרויס), האָט הקב"ה מפייס געווען די אונטערשטע וואַסער, אַז מען וועט פון זיי נעמען זאַלץ אין בית המקדש צו די קרבנות (על כל קרבנך תקריב מלח). אין דעם מדרש ליגט זייער אַן איידעלער געדאַנק, אַז סיי גיהנום התחתון, וואָס אויף דער וועלט ליידט מען אַמאָל גרויסע צרות, און סיי גיהנום העליון, וואָס אויף דער אמת'ער וועלט, קומט נאָר ווייל דער מענטש איז ניט צופרידן מיט זיין שיקזאַל וואָס דער בורא האָט אים געגעבן, ער איז מקנא פאַרוואָס שטעהט יענער העכער, דאַדורך הויבט ער אָן צו קאָכן און צו זידן אויפן פייער (פון כעס און קנאה) און ציט אָן די סטרונע צו שטאַרק ביז וואַנען זי פּלאַצט אין ווערט ניזוק, און פאַלט אַריין דאַדורך אין פיל עבירות פון הסגת גבול, גזל, חמס ורצח. הכלל, ער האָט גיהנום אויף דער וועלט, ער איז ניט צופרידן פון זיין לעבן, פאַר וואָס יענער שטעהט העכער, און דאָרטן וועט ער אויך ליידן גיהנום. אַ בר דעת דאַרף אויסרעכענען דאָס וואָס דער בורא האָט אים געמאַכט נידעריג איז דאָס אין דער בחינה פון זאַלץ (וואָס ווערט ניט מכולה), פיליכט

---

בנין ציון

אויך אויף חסד, דער מענטש וואָס טוט חסד באַקומט ער צוריק חסד, און נאָך אין אַ גרעסערן פאָרמאַט, ווייל דער ם איז אין צאָל מער ווי דער ב', און דאָס איז דער רמז „ורוח אלקים" דער רצון פון השי"ת „מרחפת על פני המים" שוועבט אויף חסד, דאָס הייסט צו וועלכן ציל האָט השי"ת באַשאַפן די וועלט? ער איז דאָך דער אדון עולם אשר מלך בטרם כל יציר נברא? נאָר דער רצון הבורא איז געווען צו משפיע זיין חסד לבריותיו, ווי אברהם אבינו (איתן האזרחי) האָט דערקלערט אַז „עולם חסד יבנה", נאָר די השפעה איז נאָך די מעשים פון מענטשן. ווי אַ שר האָט געשיקט זיין בן יחיד לערנען, איז אַז ער איז שטאַרק צופרידן פון אים ברייינגט ער אים זיין לעבנס־מיטל בכבודו ובעצמו און ער זעט דעם פאָטער פנים אל פנים (הנני ממטיר לכם לחם מן השמים). ווען ער איז ווייניגער צופרידן, פאַרקליידט זיך דער שר אין איינפאַכע קליידער (ער זאָל ניט דערקענען אַז דאָס איז דער פאָטער) און ברייינגט אים, און אַמאָל שיקט ער אים גאָר דורך אַ שליח, דאָס איז די תורה מרמז מיט די ווערטער „ויבדל" (וואָס דער פסוק איז פאַרלויפיג איבעריק, דער רקיע אַליין איז דאָך מבדיל און עס שטעהט דאָך צום סוף „ויהי כן", עי' העמק דבר), נאָר דאָס ווייזט אַז חוץ די איינפאַכע הבדלה (בין מים העליונים למים התחתונים) איז דאָ נאָך אַ סאָרט הבדלה, צווישן דעם חסד וואָס דער בורא איז משפיע „מתחת לרקיע", וואָס

נאָך זיין תכונה און מזג (כאַראַקטער) ווען ער וואָלט זיין הויך וואָלט ער קאַליע געוואָרן (וישמן ישורון ויבעט), אָבער דורך זיין נידעריגערן שטאַנד איז ער נעענטער צום בית המקדש (צו הייליקע זאַכן), ער איז מער איד. און דורך דעם קלייבט ער אַ גרעסערן קאַפּיטאַל אויף דעם אויביקן לעבן. הכלל, ווען דער מענטש זאָל זיין אַ פעסטער מאמין, אַז עס איז אַלעס מיט אַ רעכענונג, ווי דער תנא זאָגט (אבות פ"ד) „ודע שהכל לפי החשבון", די קלענסטע יסורים און ניט אַנגע־נעמקייטן געהן אַלעס אַריין אין חשבון, דאַרף ער זיין צופרידן מיט זיין מצב, וואָס דער בורא האָט אים באַשטימט, דאַדורך וועט ער זיין אַ שמח בחלקו, וועט זיין אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבאא).

---

## בנין ציון

אין דעם רקיע איז נקבע די זון מיט די מזלות, היינו ער שיקט די השפעה דורך אַ שליח (מערכת השמים), און צווישן דעם חסד וואָס „מעל לרקיע", דאָס אין דעם נאַטור־מאַנטל ליגט השגחה נפלאה צו געבן יעדער לפי מעשיו (ומעשה ידיו מגיד הרקיע), און ווייל דער צווייטער סאָרט הבדלה ווענדט זיך דאָך אָן די מעשים פון מענטשן, בלייבט ער אַלע מאָל ניט געענדיגט און מ'קען אויף אים ניט באַשטימען כי טוב, ווייל אין איין פאַל איז די הבדלה לטובה, דער קינד ווערט ניט אַזוי שווער געשטראָפט פאַר זיין ניט מכיר טובה זיין, דער פאָטער איז אים דן לכף זכות, ווייל איך שיק אים 'אַלץ דורך אַ שליח מיינט ער אַז דער שליח גיט דאָס אים זיינע אייגענע, דאַנקט ער דעם שליח און ניט מיר. און אין צווייטן זייט איז זי ניט צום בעסטן דערפאַר, ווען דער קינד וואָלט זעהן כאָטש אַ פּוסטריט פון זיין פאָטער וואָלט ער זיך נעמען אין אַכט מכיר טובה צו זיין און נעמען זיך פלייסיקער לערנען; און ווייל די צווייטע הבדלה איז ניט געענדיקט, איז די ערשטע אויך ניט געענדיקט, ווי מיר זעהן אַז אַמאָל ווערן ביידע סאָרטן לופטן צוריק צומישט, אַז דער מענטש קען אין דער אַטמאָספערע אויך ניט אָטעמען (זי ווערט פאַרגיפטעט), ווייל באמת נאָר אויבן (מעל דמעל לרקיע) וואָס דאָרטן איז חסד גלוי (זה אלי ואנוהו) איז דער קינד זוכה צו זעהן אור פני אביו (באור פני מלך חיים) זיינען ביידע הבדלות געפלאָכטן צוזאמען „ויהי מבדיל בין מים למים, ואבדיל אתכם מן העמים להיות לי" ודו"ל.

א) אל יטעה אדם בביאור „שמח בחלקו" היינו שישב בחבוק ידים ולא ישתדל להטיב מצבו. לא ולא, התורה אמרה בפירוש „ששת ימים תעבוד", שמצוה לעסוק בישובו של עולם, כל אחד לפי כשרונותיו יראה וישתדל שיפרח (ישובו של עולם) כחבצלת בכל מיני מסחר וחרושת המעשה. אלא הכונה היא, שאם עשית ככל אשר היה לאל ידיך ואעפ"כ נתקיים בך לא לחכמים לחם (ברווח), לא תתן מקום לקנאה לרקב עצמותיך, אלא שמח בחלקך.

יקוו המים דעם דריטן טאָג האָט השי"ת געזאָגט, אַלע וואַסער; זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין איין אָרט דאָס די ערד זאָל ווערן אָנגעזעהן, אַז מענטשן און בעלי היים זאָלן דאָרטן באַוואוינען. אַזוי האָבן זיך אַלע וואַסער אויפגעזאַמלט אין איין אָרט, דאָס איז דער ים אוקינוס · און השי"ת האָט געמאַכט די זאַמד אַ גרעניין אַרום ים, אַזוי ווי אַ צאַם אַרום אַ ווייגנאָרטן. ווען די וואַסער פון ים הויבט זיך אויף אין דער הויך און קענען פאַרפלייצן די וועלט, אַז זיי דערזעען די זאַמד פאַלן זיי צוריק אַריין אין ים און ווערן רואיג. דאָס איז אַ גרויסע לערנונג פאַרן מענטשן. ווען זיין אויג הויבט זיך אויף אַז ער וואָלט וועלן איינשלינגען די וועלט, דאַרף ער זיך דערמאָנען אָן די ביסעלע זאַמד וואָס מ'וועט סוף כל סוף אַרויפשיטן אויף איר, דאַן וועט זי רואיק ווערן און וועט זיין שמח בחלקה. ווי מ'פרעגט אַ רעטעניש: „וואָס איז שווערער פאַר גאָלד און זילבער (זי וועגט אַלעס אראָפּ) און איז גרינגער פאַר אַ הייפל זאַמד?" (דאָס איז דעם מענטשנ'ס אויג). דער רבינו בחיי שרייבט, ווייל דער תהום איז געוועזן וואַסער מיט ערד צומישט, האָט השי"ת גוזר געוועזן אַז די וואַסער וואָס זיינען געווען הויך ביזן רקיע זאָלן נידריק ווערן און אַריינלויפן אין די נידעריקע ערטער און די ערד וואָס איר נאַטור צו פאַלן אַראָפּ, זאָל, פאַרקערט, אויפשטייגן אין דער הויך, עס זאָל ווערן פאַרשיידענע בערגא), ווי דוד המע"ה זאָגט „לרוקע הארין על המים", לויבט צו דעם וואָס האָט אויסגעשפרייט די ערד ביי די וואַסער און איבער די וואַסער „כי לעולם חסדו" די גענאַדע איז לקיום העולם, דער מענטש מיט אַלע ברואים זאָלן האָבן וואו צו באַוואוינען. דער פרקי דר' אליעזר שרייבט, אין דער ערד איז דאָ אָדערן (רינעס) אַזוי ווי אין

שערי ציון

א) תלמיד, צו וואָס האָט השי"ת געמאַכט אין ערד־קוגל בערג און טאָלן, און ניט דעם גאַנצן כדור אַ גלייכן פלאַץ?

רב, די זעלבע פראַגע קען מען אויך פרעגן אויף דער קליינער וועלטעלע דאָס איז דער מענטש (שהוא עולם קטן), וואָרום האָט דער בורא געמאַכט הויכע (רייכע) און נידעריקע? —

תלמיד, יאָ רבי, היינטיקע מאָדערנע פרעגן דאָס טאָקע און ווילן מאַכן קאָמונע, אַז אַלע זאָלן גלייך זיין.—

רב, לבד וואָס יעדע זאַך ברייננגט נוצן אויף דער וועלט. די בערג האָבן זיך זייערע אייגנשאַפטן און דאָס גלייכן די טאָלן. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע געוואוקסן וואָס אויף בערג וואַקסן זיי בעסער, און אַנדערע וואָס וואַקסן אין טאָל בעסער, אויך פיל מעטאַלן וואָס מען געפינט גראָבנדיק אין די בערג, האָט נאָך דער בורא געלאָזן אַן אָרט פאַרן מענטשן (אשר ברא

מענטשן, און די וואַסער פון תהום לויפן דורך די אָדערן און טרינקען אָן די ערד, און די וואָלקנס ציען אין זיך אַריין וואַסער פון די אָפּ־גרונטן, דאָס הייסט, דורך דער היץ פון דער זון געהן די אדי המים אַרויף אין דער לופטן, עס ווערט פון דעם וואָלקנס, און אויף וועלכן אָרט הקב״ה הייסט זיי זאָלן אהין געהן רעגענען, קומט דער ווינט, דאָס איז דער שליח פון השי״ת (רוח סערה עושה דברו) און פאַרטראָגט די וואָלקנס אַהין און דאָרטן רעגענען זיי, און די ערד ווערט מעוברת פון די וואַסער אַזוי ווי אַן אלמנה ווערט מעוברת פון זנות, און עס וואַקסט אַרויס פון דער ערד אירע פאַרזייאונג. און ווען די מענטשן זיינען ווערט אַז השי״ת בכבודו ובעצמו זאָל זיי שפייזן, עפנט גאָט די אוצרות פון רעגן וואָס זיינען איבערן רקיע און מאַכט רעגענען אויף דער ערד, טרינקט דאַן די ערד פון די מים העליונים, ווערט זי מעוברת ווי אַן אשה ווערט מעוברת פון איר מאַן, דאַמאָלסט איז אַ גרויסע ברכה אין די פאַרזייאונג פון פעלד, ווי די תורה שרייבט „יפתח לך את אוצרו הטוב את השמים" גאָט וועט עפענען פון דיינטוועגן

---

## שערי ציון

אלהים) גאָט האָט באַשאַפן מאַטעריאַל (לעשות) דער מענטש זאָל האָבן אַרבעט צו מאַכן דעם פּאַסן. ווען מ'דאַרף מאַכן אַ באַן, למשל, איז דאָ פאַרן מענטשן אַרבעט אַראָפּגראָבן די בערג און מיט די ערד פאַרשיטן די טאָלן, מאַכן גלייך דעם פּלאַץ. דאָס גלייכן האָט דער בורא געלאָזן אַן אָרט דער מענטש זאָל זיך קענען אויסצייכענען מיט זיינע גוטע מעשים, די בערג (די רייכע) זאָלן זיך אַראָפּלאָזן אויסצופילן די טאָלן (די אַר־מע). אין דעם מדבר בעת די אידן זיינען געגאַנגען איז דער ארון ברית ה' געגאַנגען פאָרויס, האָבן זיך די בערג איינגעבויגן און אויסגעפילט די טאָלן, צו ווייזן אַז די תורה ווירקט אוי־פן מענטשן ער זאָל אַראָפּקוקן פון זיין הויך צו באַ־טראַכטן די לאַגע פון דעם אָרעמען און דערהויבן אים פון זיין שפלות, ווי דער פסוק זאָגט „צדקתך כהררי אל". עס זיינען דאָ מענטשן וואָס דער בורא איז זיי מצליח, זיי ווערן הויך ווי די העכסטע בערג, און עס זיינען ווידער דאָ „משפטך תהום רבה" מענטשן וואָס זיינען דערנידערט ביזן תהום, דאָס איז כדי דער מענטש מיט זיין הויכן פאַרשטאַנד זאָל פאַרשטיין אַז מ'דאַרף ניט לעבן נאָר פאַר זיך אַליין. „מלפנו מבהמות הארץ" דער בורא האָט אונז געגעבן אַ מוסטער־בילד דאָס שעפּעלע, זי באַנוגנט זיך מיט גראָז און וואַסער און אירע וואָל, מילך, וולדות גיט זי אָפּ פאַר דער וועלט. נאָר דער בהמה דאַרף מען קיין דאַנק ניט געבן, ווייל זי טוט עס אָן פאַרשטאַנד, אָבער (אדם ובהמה) אַז דער מענטש מיט זיין פאַרשטאַנד טוט נאָך די שעפּעלע, ניט צו לעבן נאָר פאַר זיך נאָר אויך פאַר דער וועלט (תושיע ה') וועט השי״ת אים העלפן ער זאָל ווערן העכער און העכער.

זיין גוטן אוצר וואָס אין הימל צו געבן דעם רעגן אין דער צייט און בענטשן אַלע דיינע האַנטווערק.

ולמקווה המ״ם קרא ימים גאָט האָט גערופן די פאַרזאַמלונג פון וואַסער „ימים״. די ערד איז ווי דער מענטש, וואָס אַלע בלוטן ציען זיך פון האַרצן און לויפן צוריק אין האַרצן, אַזוי גייען אַלע טייכן אין ים און פון ים ציען זיי זיך צוריק אין די ערד־אָדערן. די טייכן איידער זיי פאַלן אַריין אין ים איז זייער וואַסער געשמאַק צו טרינקען און צו באַגיסן גערטנער און פעלדער, אָבער ווען זיי פאַלן אַריין אין ים ווערן זיי ביטער און מ׳קען זיי ניט נעמען אין מויל און פון שטאַרק געזאַלצענע וואַסער וואַקסט ניט, אַזוי זיינען די ישראל („מה טובו אהליך יעקב״ בעת „כנחלים נטיו״) בעת זיי גייען זיך שטיל און פאַר זיך זיינען זיי זיס און ברייגנען נוצן דער וועלט, זיי פאַרזייען דעות און מדות ישרות אין דער וועלט, אָבער ווען זיי פאַרמישן (אַסימילירן) זיך מיט אומות העולם, וואָס זיי זיינען געגליכן צו ימים ווי דער נביא ישעיה זאָגט (הוי המון עמים רבים כהמות ימים יהמיון) ווערן זיי ביטער, געזאַלצן און פאַרדאָרבן און די וועלט קען שוין פון זיי ניט בליען און וואַקסן. און אַזוי האָט בלעם געזאָגט „הן עם לבדד ישכון״ אידן זיינען געשעצט און געאַכט ווען זיי רוען פאַר זיך, זיי פאַרמישן זיך ניט מיט קיין אומה ולשון „ובגוים לא יתחשב״, ווען אָבער זיי אַסימילירן זיך מיט אַנדערע פעלקער פאַרלירן זיי זייער ווירדע.

תדשא הארץ גאָט האָט געזאָגט אַז די ערד זאָל זיך אָנקליידן מיט אַלערליי גראָז, וואָס וואַקסן אַלע יאָר פון זיך אַליין, אויך זאָל זי אַרויסגעבן אַזעלכע גרינסן מזריע זרע וואָס מ׳זאָל קענען פאַרזייען זייערע וואָרצלען אויף אַן אַנדער אָרט, עץ פרי אויך זאָל זי אַרויסגעבן בוימער, וואָס אין האָלץ זאָל זיין דער טעם פון דער פרי עושה פרי וואָס וואַקסט פרוכט אויף זיי. ותוצא הארץ האָט די ערד אַרויסגעגעבן גראָז און אַלערליי סאָרטן קרייטעכער וואָס מ׳קען דערפון זייען זאָמען, און בוימער וואָס אויף זיי זיינען געוואַקסן פירות א) וואָס זייערע זאָמען איז אין זיי, יעדער זאַך צו זיין מין. און גאָט האָט געזען אַז עס איז גוט. דער תלמוד (חולין ס) שרייבט ר׳ חנינא בר פפא

---

ש ע ר י   צ י ו ן

א) ת ל מ י ד, רש״י ברייגנט פון מדרש אַז השי״ת האָט באַפוילן די ערד, זי זאָל אַרויסגעבן „עץ פרי״ בוימער פון פרוכט, ד. ה. דער בוים זאָל האָבן אין זיך דעם טעם פון דער פרי, און די ערד האָט ניט אַזוי געטאָן, זי האָט אַרויסגעגעבן „עץ עושה פרי״ביימער וואָס וואַקסן פרוכט, אָבער דער בוים אַליין האָט ניט טעם פון די פרוכט. פאַרשטיי איך ניט, וואָס הייסט די ערד האָט משנה געווען? איז דען די ערד א בעל בחירה, זי זאָל קענען

**האָט געדרשנט, הנס באַ די גראָז איז ניט געזאָגט „למינו" דאָך האָבן זיי גענומען אַ קל וחומר פון די בוימער, מה דאָך בוימער וואָס עס איז ניט אַזוי לייכט זיי זאָלן זיך פּאַרמישן, האָט גאָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן אַרויסגעהן „למינו" יעדער צו זיין מין (ניט פּאַרמישן זיך איינע מיט די אַנדערע), אַפּשיטא מיר קליינע גרעזעלעך, ווען מיר וועלן זיך פּאַרמישן קענען מיר זיך גאָר פּאַרלירן, בודאי דאַרפן מיר יעדער מין זיין אָפּגעטיילט באַזונדער. און אַזוי האָבן זיי געטאָן, זיי זיינען אַרויסגעשפּראָצט יעדער גראָז צו זיין מין. אין יענער צייט האָט דער שר העולם געזאָגט „יהי כבוד ה' לעולם" גאָטעס כבוד זאָל אויביק**

---

## ש ע ר י  צ י ו ן

טאָן ווי זי ווילט? איר האָט דאָך אונז געלערנט, אַז די בחירה איז געגעבן נאָר דעם מענטשן, ער קען זיך אויסקלייבן דעם וועג פון לעבן, צו פאָלגן וואָס דער השי"ת הייסט, אָדער חלילה דעם וועג פון טויט, נאָכגעהן נאָך דעם וואָס זיין בייזע האַרץ געלוסט, אָבער ביי דער גאַנצער נאַטור שטעהט „ויעמידם לעד לעולם, חק נתן ולא יעבור", השי"ת האָט זיי באַשטימט אַ געזעץ (איין טבע) אַזוי זאָלן זיי זיין זינט די וועלט וועט שטעהן, און זיי קענען ניט איבערטרעטן עס. די זון מוז אויפגעהן אַלע טאָג אין איר צייט, ניט פאַרשפּעטיקן אַ מינוט, די ערד מוז אַרויסגעבן וואָס מען זייט אין איר, היינט ווי פּאַסט עס צו זאָגן, אַז די ערד האָט ניט געפאָלגט און געטאָן וואָס זי ווילט? און וואָס גראַדע אין דער זאַך האָט זי משנה געווען, און ביי דער גאַנצער בריאה שטעהט „ויהי כן" אַלעס איז געוואָרן ווי השי"ת האָט באַפוילן. און אפילו אין דער זאַך גופא געפינען מיר אויך וואָס זי האָט יאָ געפאָלגט. אויפן פסוק „פּרי עץ הדר" מאַכט רש"י וואָס דער בוים האָט אין זיך דעם טעם פון דער פּרי. האָט זי דאָך עפּעס יאָ געפאָלגט?

רב, זאָלסט וויסן מיין קינד, אַז די באַשרייבונג פון מעשה בראשית, לבד וואָס דאָ איז מרומז גאַנץ חכמת הטבע (נאַטור וויסנשאַפט) פון אַלע צמחים און בעלי חיים, און „מערכת השמים" (אַסטראָנאָמיע), און דער סוד פון דער הנהגה ווי השי"ת פירט די וועלט אין יעדן דור, וואָס דאָס ווערט נתגלה נאָר ליחידים בדור, ליגט נאָך מרומז אין די פשטיות אַ גרויסע לערע פאַר דעם מענטשן, צו וויסן דעם רצון הבורא ב"ה, ווי דער מענטש זאָל זיך אויפפירן ער זאָל מאַכן גוטן פּאָרשריט אין זיין אויביקן לעבן. השי"ת **האָט געזאָגט** צום נביא (ישעיהו כט), באַטראַכט עס איז דאָ אין מיין **פאָלק אַ** גרויסער טייל, וואָס דאַכט זיך מיטן מויל גיבן זיי מיר כבוד, **זיי דאַוונען, זיי מאַכן אַ ברכה,** אָבער די האַרץ איז ווייט פון מיר און **איז פול מיט אהבת** העולם הזה, און זייערע מעשים טובים זיינען נאָר **„מצות אנשים מלומדה"**, ער טוט נאָך ווי אַ מאַלפּע ווי זיין **טאַטע האָט געטאָן, אָבער אָן אַ געדאַנק,** והראיה, ווי עס קומט צום דאַלער אָדער צו אַ ביסל כבוד איז רעכט מפקיר

עקזיסטירן „ישמח ה׳ במעשיו״ גאָט וועט זיך פרייען מיט זיינע באַשעפעניש. דעם קלוגן מאמר וועלן מיר פאַרשטעהן מיט אַ משל. אַ פאָטער האָט געבראַכט זיינע קליינע קינדער אַ פּרעזענט אַ פּעַ־דער־מעסערל, זיי האָבן זיך גענומען שפּילן מיט איהם און האָבן זיך צובלוטיגט די פינגער. דער פאָטער האָט געהאַט עגמת נפש פון דעם. אַז זיי זיינען עלטער געוואָרן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז אַ פאָטער וועט ניט ברייגען זיין קינד אַ זאַך ער זאָל זיך שעדיקן מיט דעם, נאָר פאַרקערט צו ברייגען איהם גרויסע נוצן, האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז די כונה פון דעם מעסער איז אַז מ׳זאָל מיט איהם פאַרשניצן די פעדערן צום שרייבן. דאַן האָט זיך דער פאָטער געפרייט, איצט

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

צו זיין דעם גאַנצן כבוד התורה וכבוד שמים. זעהן מיר פון דעם, אַז דער רצון השי״ת איז, דער מענטש זאָל נעמען אין אַכט אויף דער מצוה וועלכע ער טוט. ער דאַוונט, ער מאַכט אַ ברכה, ער וואַשט זיך צום עסן, ער טראָגט ציצית ותפילין, ער איז קובע אַ מזוזה, זאָל ער באַטראַכטן וואָס ער טוט, וועט דאָס איהם אויסאיידעלן זיינע געפילן, און זיין הארץ וועט ווערן דבוק מיט גרויס אהבה צו השי״ת, און דאָס וועט מאַכן אויף זיין כאַראַקטער אזא ווירקונג, אז ניט אזוי כבוד שמים וכבוד התורה וועט ביי איהם זיין הויכגע־שעצט, אפילו כבוד הבריות אויך, ווי מיר לערנען אין פּרק, „יהי כבוד חבירך חביב עליך כשלך, יהי ממון חבירך חביב עליך כשלך״. מען קען זאָגן אז כמעט אין דעם דאַזיקן פינטל באַשטעהט דער גאַנצער מענטש. עס גיט אַז צוויי מענטשן דאַוונען גלייך און טראָגן ציצית ותפילין און וואַשן זיך צום עסן און מאַכן אַ ברכה, און דאָך זיינען זיי ווייט איינער פון צווייטן כרחוק מזרח ממערב וויבאַלד אַז אין דעם פּונקט זיינען זיי ניט גלייך. דאָס איז די תורה מרמז, דער מענטש ווערט גערופן אַ בוים (כי האדם עץ השדה), און די מצוות וואָס ער טוט רופן זיך פּירות (כי פּרי מעלליהם יאכלו), השי״ת האָט באַפוילן אַז די ערד זאָל אַרויסגעבן אַ פּרוכט־בוים, אַז דער טעם פון די פּרוכט זאָל זיין אין בוים, דאָס הייסט, אַזאַ מענטש וואָס דער געשמאַק פון זיינע פּרוכט (די איידעלע געדאַנקען פון זיינע מצוות ומעשים טובים) זאָל איהם אַריינגעהן אין הארצן, וועט ער זיין ווי דער בורא פאַרלאַנגט. היינט ווען די ערד וואָלט דאָס מקיים געווען, וואָלטן דאָך אַלע מענטשן געווען גוט און פרום, וואָלט דאָך בטל זיין די בחירה. צוריק, ווען ברצון הבורא וואָלט די ערד אין גאַנצן ניט געפאָלגט, וואָלט דאָך ניט געפונען זיין קיין „שלם בתכלית השלמות״ ווי השי״ת פאַרלאַנגט, דאַרום האָט די ערד אַרויסגעגעבן (מיט דעם רצון הבורא) אַ מעוט „פּרי עץ הדר, אַנטיקן וואָס זיינען ממלא די כוונה עליונה, אַז דער זאַפט פון דער פּרי זאָל אַריינגעהן אין דער בוים, ד. ה. אַז דער איידעלער געפיל פון דער מצווה זאָל אַריין אין הארצן. איר

וועלן זיי ווערן מענטשן, ווי דער שפריכווארט זאגט „א מענטש מיט א פנים". דאס גלייכן האט דער בורא איינגענאטירט אין דער בריאה, דער קליינער מענטש זאל וועלן נאכטאן דעם גרויסן, כל זמן מיר זיינען קינדער מיינען מיר אז די קליינע גרעזעלעך (די ארימע) דארפן נאכטאנצן די גרויסע בוימער (די גבירים) אין לוקסוס און מאדע. וואס דער גביר טוט דארף דער ארעמען אויך זעהן צו דער־גרייכן, דאדורך שעדיקן מיר זיך איינע די אנדערע און באגיסן זיך מיט בלוט און רציחות, אבער סוף כל סוף וועט די וועלט קומען צום שכל און פארשטיין, אז אונזער ליבער פאטער פון הימל האט ניט געגעבן דעם כוח אין דער נאטור צו אונזער אומגליק, געווים האט ער אין דעם געהאט א גוטע כונה, די קליינע גרעזעלעך (די פשוטע מענטשן) זאלן זיך לערנען פון די בוימער (פון די גרויסע חכמים ואנשי מעשה), מה דאך די הויכע מענטשן וואס האבן פיל מעלות, תורה און עבודה, וואס דורך דעם ווערן זיי געשעצט, פירן זיי זיך אויף אזוי שעהן וואס דורך דעם איז יעדער אויסגעצייכנט באזונדער, הייזט מיר קליינע גרעזעלאך, וואס מיר זיינען ארים אין תורה ועבודה, דארפן מיר לפחות זיך אויסצייכענען אין גוטן אויפפירונג—דאן וועט דער בורא זיך פרייען מיט זיינע מעשים און זיין כבוד וועט ווערן געגרויסט. דשא עשב „דשא" ווערט גערופן גראז פאר בהמות און „עשב" רופט זיך גרינסן פאר מענטשן (ספורנו).

יהי מאורות דעם פערטן טאג האט גאט געזאגט עס זאל זיין באַ־לייכטונגען (די זון מיט דער לבנה). רש"י שרייבט די ליכט איז באשאפן געווארן דעם ערשטן טאג (עס שטעהט ויאמר אלהים יהי אור), נאר דעם פערטן טאג האט גאט געבאטן זיי זאלן אריינקומען אין ערשטן

---

## שערי ציון

אויסצואיידעלן. און א גרויסע טייל האט זי ניט דערפילט, צו ווייזן די סיבה וואס פיל מענטשן טוען נאר ווי מאלפעס, ווייל דער מענטש איז „עפר מן האדמה", איז די חומריות שטערט אים מקבל צו זיין אין הארצן דעם גוטן געשמאק פון זיינע פירות (ד. ה. די מצוות וואס ער טוט), איז ער נאר א בוים וואס עס וואקסט אויף אים פירות, ער טוט מצוות, ער טראגט ציצית ותפילין, ער וואשט זיך צום עסן און מאכט א ברכה, אבער די הארץ איז פוסט, און זיין געשמאק ליגט נאר אין וועלטלעכע נארישקייטן. דארום דארף דער מענטש אנווענדן אלע מעגליכקייטן לערנען זיך צו זיין „פרי עץ הדר לפני קונו", עס זאל זיין „ טעם עצו ופריו שוה", דאס איז בכלל דער געדאנק. אז דו וועסט האבן צייט זאלסטו דורכלייענען אין מעשה אלפס (חלק ה' זייט 77) דארטן ווערט געבראכט א סך ביישפילן אויף דעם, וועסטו זעהן ווי ריכטיק דאס איז.

הימל וואָס הייסט „רקיע”. אַ טייל חכמים זאָגן, אַז דער אור פון ערשטן טאָג איז (דעם פערטן טאָג) באַהאַלטן געוואָרן פאַר די צדיקים לעתיד לבוא און אָנשטאָט אים האָט גאָט באַשאַפן די זון מיט דער לבנה וואָס זיי זיינען פיל קלענער, ווי דער פסוק זאָגט אַז לעתיד וועט זיין דער אור החמה שבעתים זיבן מאָל אַזוי ליכטיג, זי וועט זיין כאור שבעת הימים, ווי די ליכט וואָס איז באַשאַפן געוועזן אין די ערשטע 7 טעג. להבדיל צו אונטערשיידן צווישן טאָג און נאַכט. ווען די זון איז איבער דער ערד איז טאָג, ווען זי איז אונטער דער ערד איז נאַכט, כדי דער מענטש זאָל זיך ביינאַכט אויסרוען און שלאָפן, ווען עס וואָלט אימער ליכטיק זיין וואָלטן פיל מענטשן זיך ניט פאַרגינענען צו רוען און וואָלטן פיל אַרבעטן ביז די כוחות וואָלט זיי אויסגעהן. און ווידער ביי נאַכט איז די צייט צו לערנען תורה, ווייל עס איז שטיל און רואיק. אויך ווען עס זאָל זיין אימער ליכטיק וואָלטן מענטשן גאָר ניט פאַרשטיין צו שעצן די מתנה פון ליכטיקייט, אָבער דורך דער פינסטערניש דערקענט דער מענטש די גרויסע טובה פון ליכטיקייט און געפינט אין זיין געוויסן די שולדיקייט צו דאַנקען און לויבן דעם באַשעפער פאַר דער מתנה טובה און זאָגן מיט אַ דאַנקבאַרער הארץ „ברוך יוצר המאורות” געלויבט ביסטו גאָט דער באַשעפער פון די ליכטיקייט. והיו לאותות זיי זאָלן זיין צו וואונדער צייכן א) ולמועדים דורך די מאורות ווערט באַשטימט די צייטן פון יאָר זומער און ווינטער, אויך איז עס מרמז אויף די מועדי ה׳, אידן וועלן געבאָטן ווערן אויף ימים טובים וואָס ווערט גערעכנט נאָך די טעג פון דער לבנה. ולימים ושנים צו טעג און יאָרן, אַז די זון רינגלט אַרום אין גאַנצן כדור הארץ, אָדער נאָך דער איצטיקער שיטה אַז די ערד דרייט זיך רונד אַרום, איז דאָס אַ מעת לעת. אַז די לבנה רינגלט אַרום דעם כדור הארץ איז אַ חודש, אַז די זון דרייט זיך אַרום איר אַקס אַלע צוועלף מזלות איז עס אַ יאָר. אויך זאָלן זיי (די מאורות) לייכטן אויף דער ערד. ויהי כן איז אַזוי געוואָרן. ויעש האָט גאָט איינגעאָרדנט די צוויי גרויסע באַלייכטונגען, איינעם צו הערשן בייטאָג, היינו פיל גענואוקסן און מעטאָלן וואקסן בייטאָג, און די לבנה צו באַהערשן ביינאַכט, פיל זאַכן וואָס וואַקסן נאָר פון דער

שערי ציון

א) „אות” ווערט גערופן באַשטימען אַ נאַטירלעכע זאַך אין דער און דער צייט, דער נמשל איז, איינער ווייל זיך אויסצייכענען מיט זיין וויסנשאַפט און חכמה אין נבואה, זאָגט ער אַז מאָרגן פונקט 12 אַזייגער וועט אָנהויבן רעגענען. רעגן איז אפילו אַ נאַטירלעכע זאַך, אָבער מיט זיין באַשטימען פינקטלעך די צייט הייסט עס אַ וואונדער־צייכן (און ווען ניט די זון, וואָלט מען ניט וויסן ווען 12 אַזייגער איז).

לבנה ליכט. ואת הכוכבים און די שטערן זאָלן אויך זיין ביי נאַכט. די גמרא (חולין ד׳ ס׳) פרעגט, פריער שטעהט „שני המאורות הגדולים״, הייזט אז זיי זיינען געווען גלייך ב) און אין נאַכהער שטעהט „המאור הקטן״, אַז די לבנה איז אַ קליינער ליכטער? ענט־פערט די גמרא, פריער זיינען ביידע גלייך געווען, נאָר ווייל די לבנה האָט מקטרג געווען, ווי קענען צוויי מלכים באַנוצן איין קרוין? האָט געענטפערט השי״ת, גיה און מאַך זיך קלענער, זאָגט די לבנה, צו דען ווייל איך זאָג אַ גלייכע זאַך זאָל איך קלענער ווערן? זאָגט הקב״ה, צדיקים וועלן זיך רופן אויף דיין נאָמען (יעקב הקטן, שמואל הקטן). אַז דער בורא האָט געזעהן, די לבנה בלייבט אומצופרידן וואָס מ׳האָט איר פאַרקלענערט, האָט ער איר צוגעגעבן די שטערן.

דאָ ליגט אַ טייערע לערנונג, דוד המלך זאָגט, „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״, ווי שיין און אַנגענעם איז, אַז ברידער זיינען פאַראייניגט ווי איין מענטש, אַז יעדער איינציקער האָט פאַר־געניגן פון דעם צווייטנס גליק. מיר האָבן פאַר זיך אַ בילד, משה רבינו מיט זיין ברודער אהרן. בעת דער בורא האָט זיך באַוויזן צו משה רבינו ביים סנה (דאָרן בוים) און האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ שליה, גיהן צו פרעה וועגן אידן, האָט משה ניט געוואָלט אָננעמען די שליחות און געזאָגט „שלח נא ביד תשלח״, שיק דורך דעם וואָס דו האָסט ביז אַהער געשיקט. די גאַנצע צייט האָב איך בין געווען אין מדין איז דאַך אהרן געווען דער אָנפירער פון אידן, פאַרוואָס זאָל איך איצט אָפּנעמען די גדולה פון אים און פוגע זיין בכבודו? האָט דער בורא געענטפערט, „האדם יראה לעינים״, אַ מענטש קוקט נאָר פאַרן אויג, דוכט זיך דיר אַזוי, אָבער איך קוק אַריין אין האַרץ „ה׳ יראה ללבב״, זאָג איך דיר אַז אהרן האָט אַזאַ ריינע האַרץ, ניט נאָר וועט ער קיין פאַרדרוס האָבן וואָס דו וועסט פאַרטרעטן זיין גדולה, אין געגנטייל „וראך ושמח בלבו״, זיין האַרץ וועט אים נאָך פרייען אויף דיין גדולה. און אַזוי איז געווען. שטעהט נאַכהער ביי דער ערשטער מצוה וואָס

---

שערי ציון

ב) תלמיד, אויב זיי (די זון און לבנה) זיינען גלייך, ווי וואָלט קאָנטיק זיין ווען טאָג און ווען נאַכט?

רב, בעת דו געהסט ביינאַכט אויף דער באַן־ליניע, פון וואַנען דער־קענסטו צו דער באַן איז שוין פאַרביי געגאַנגען צו ניט?

תלמיד, איך דערקען עס פון דעם קאָלאָר פון דער לאַנטערנע, ווייסע פייער אָדער בלוי.

רב, אַזוי וואָלט געווען די לבנה בלוי אָדער אַן אַנדער מראה, כדי אָפּטיילן איר פון דער זון.

השי"ת האָט געהייסן לערנען אידן, „דברו אל כל עדת ישראל לאמר" אירביידע (משה ואהרן) זאָלט ריידן צו אידן. פרעגט רש"י „וכי אהרן היה מדבר?" האָט דען אהרן גערעט צו אידן, עס שטעהט דאָך „אתה תדבר", דו משה זאָלסט ריידן? ענטפערט רש"י, באמת האָט נאָר משה גערעט צו אידן, נאָר דער שטייגער איז ביי זיי געווען, משה האָט געזאָגט צו אהרן „למדני" לערן מיר, און אהרן האָט געזאָגט צו משה לערן מיר, האָט עס אויסגעזעהן ווי דער דבור איז אַרויס פון ביידן. דאָס שטעלן די חז"ל פאָר, אַז דער רצון העליון איז געווען, דער מענטש זאָל זיך פירן אויף דער וועלט ווי די צוויי ליבע ברידער האָבן זיך געפירט. משה מיט אהרן זיינען „שני מאורות הגדולים", צוויי גרויסע ליכטער (פני משה כפני חמה) ביידע אונטער איין קרוין. נאָר ווי אַזוי? אהרן האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז ער איז קלענער פאַר משה'ן, האָט ער אָפּגעגעבן כבוד משה'ן, און משה האָט זיך געהאַלט קלענער פאַר אהרן און האָט אָפּגעגעבן כבוד אהרן. אַזאַ פירונג איז שיין פאַר גאָט און לייט א) (מה טוב ומה נעים שבת אחים כמוהם). די האָריץ פון מענטשן איז אָבער צוזאַמענגעקנאָטן מיט די כאַראַקטאָרן פון אַלע ווילדע חיות. קומט דער פערדעלע פון מענטשן ב) און זאָגט, נו נו! יענער איז מיר אויך געוואָרן אַ גאַנצע סדרה! ניין! דאָס וועט ניט זיין! איך איינער און מער קיינער. וואָלט ער וועלן מ'זאָל יענעם קלענער מאַכן, בכדי ער זאָל בלייבן דער נכבד. וואָס פירט ער אָבער אויס? יענער בלייבט באַ זיין כבוד נאָר ער ווערט געשעדיקט. דאָס איז די קלוגע ווערטער פון די חז"ל, די לבנה (ממשלת הלילה), די פינסטערע געפילן פון מענטשן שטורעמען, ווי קענען צוויי מלכים באַנוצן איין קרוין? אַלזאָ דאַרפן יענעם באַליידיקן און קלענער מאַכן, בכדי איך זאָל בלייבן איינער. ענטפערט הקב"ה, יאָ מיין קינד, כבוד

---

## בנין ציון

א) סמיכת ענין „דברו" לפרשת קדוש החודש (החודש הזה לכם) הוא רמז נכון לדברינו.

ב) דער פערד איז דער סימבאָל פון „גאוה" (מצרים מוצא הסוסים נקראה „רהב"), אַז ער געהט צום טייך טרינקען בריקעט ער מיטן פוס אין טייך, דאָס איז ווייל עס שיינט אים אָפּ אין וואַסער אַז אַ פערד טרינקט. נאָך זיין פערדעשן געפיל איז דער טייך באַשאַפן געוואָרן נאָר פאַר אים אַליין, היינט ווי קען ער צוזעהן אַז נאָך איינער טרינקט? אַז ער בריקעט אַזוי לאַנג ביז וואַנען דער וואַסער ווערט מוטנע ער זעהט שוין ניט אַנטקעגן קיין פערד דאָרט טרינקט ער. זעלבסט פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נאָר זיך געטאָן (ער טרינקט מוטנע וואַסער), און דעם צווייטן גאָרניט, אַזוי איז דער סוף פון אַלע בעלי גאוות וואָס קוקן מיט אַ בייזע אויג אויפן צווייטן.

איז אַ טייערע זאַך, איך האָב טאַקע איינגעגאַטירט אין מענטשן „עהרן געפיל״, נאָר קריך ניט זוכן אים אין קרומע וועגן, צווישן דערנער, זוך אים ניט ווי דער פערד דורך בריקענען אויף יענעם און באַליידיקן אים, קום איך וועל דיר פירן אין גראַדן וועג, וואו דו וועסט אים טאַקע געפינען. „איזהו מכובד המכבד את הבריות״, גיב יענעם כבוד וועט מען דיר געבן כבוד, „הוה מתלמידיו של אהרן״, פיר זיך אויף ווי אהרן הכהן „אוהב את הבריות״, פאַרגין יעדערן זיין האָב און גאַב און ליב אים, שטעל יענעם פאָר העכער פאַר זיך און שעץ אים, דאַדורך וועט זיין פרידלעך די מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווען דו שעצט יענעם וועט יענער דיך שעצן. ווייזט השי״ת אָן אַ ביישפּיל „יעקב הקטן״, יעקב אבינו איז געווען אויסגעצייכנט מיט דער מדה פון שלום, שטענדיק איבערגעלאָזן זיינע און דורכגעקומען מיט די שווערסטע מענטשן ווי עשו און לבן. און דאָס גלייכן דער תנא „שמואל הקטן״ א) — דאָרום זאָגן אונזערע חכמים „הנעלבין ואינן עולבין״, דער מענטש וואָס שעצט יעדערנס כבוד אַז ווען אפילו עס טרעפט מען פאַרשעמט אים, שווייגט ער שטיל און פאַרשעמט יענעם ניט צוריק, איז דאָס אַ גרויסער באַוויז וואָס פאַר אַ מענטשן פריינד ער איז. ער איז יעדערן דן לכף זכות. אויף אים זאָגט דבורה הנביאה, „ואוהביו כצאת השמש בגבורתו״, די וואָס ליבן דעם בורא און ליבן מענטשן וועלן שיינען ווי די זון אין העלן טאָג. די זון איז אויך געווען באַליידיגט פון דער לבנה און האָט געשוויגן. וואָס איז געווען דער סוף? די לבנה איז קלענער געוואָרן און די זון איז פאַרבליבן ביי איר גרויסע שיין ב).

---

א) די חז״ל (מסכת סנהדרין) דערציילן אַז מאַכן אַן עיבור יאָר האָט זיך געווענדט פאַרצייטן אָן דעם נשיא. ער פלעגט איינלאַדן 7 חכמים און מ׳פלעגט גוט אויסרעכנען ווי עס זאָל זיין, און ווער עס איז ניט געווען גע־לאַדן צו דעם האָט ניט געהאַט קיין רעכט קומען צו דער אסיפה. אמאָל האָט פּאַסירט, דער נשיא איז געקומען צו דער אסיפה און האָט געפונען 8 חכמים, רופט ער אויס, ווער עס איז אַריין אַהער אָן דערלויבעניש, זאָל אַזוי גוט זיין און אַרויסגעהן. האָט זיך דער תנא „שמואל הקטן״ אויפגעהויבן און זאָגט, „איך בין דער איינער״, איך געה שוין אַרויס, ווייל ער האָט חס געהאַט אויף דעם כבוד פון דעם חכם וואָס איז געקומען שלא ברשות, הייסט ער דערפאַר „שמואל הקטן״, ער פלעגט זיך פיל מאָל קליין מאַכן אום צו פאַר־היטן יענעמס כבוד. האָט זיך דער נשיא אָפּגערופן צו אים, „זיץ מיין זון, זיץ, דו ביסט זעהר ווירדיק ביי דער אסיפה״, האָט ער מיט זיין געבן כבוד דעם צווייטן באַקומען אַליין גרוים כבוד פון נשיא.

ב) דאָס איז דער ענין פון „שלום עליכם״ — „עליכם שלום״ וואָס מ׳זאָגט בעת „קדוש לבנה״. מיר אידן ציילן די צייט נאָך דער לבנה און מיר

ויאמר אלהים, דעם פינפטן טאָג האָט גאָט געזאָגט די וואַסער זאָלן ווידמענען אַלערליי פיש און פאַרשיידענע פויגלען, סיי די וואָס פליען נאָענט בא דער ערד (ועופף על הארץ), ווי הינער, ענטעלעך, און סיי די וואָס פליען גאַנץ הויך (על פני רקיע השמים). — את התנינים הגדולים, און גאָט האָט באַשאַפן די גרויסע וואַל־פישן. עס איז פאַראַנען אין ים אַזעלכע פיש וואָס זיינען אונגעהויער גרויס, ווי רבה בר בר חנה דערציילט (אין מסכת בבא בתרא), מיר זיינען אַמאָל געפאָרן אויפן ים, דערזעען מיר פון ווייטן אַ וויספּע, האָבן מיר געמיינט דאָס איז אַ קליינער אינזל. זיינען מיר אַרוים פון שיף און געלייגט פייער צו קאָכן מיטאָג. צו אונזער גרויסן וואונדער האָבן מיר מיט אַמאָל געקראָגן צו וויסן אַז דאָס איז ניט קיין אינזל נאָר אַ גרויסע פיש, וואָס עס האָט פאַרזאַמלט זאַמד אויף זיין רוקן, איז ווי דער פייער האָט זיך גוט איינגעברענט האָט ער דערשפּירט און האָט זיך אַ קער געטאָן, און ווען מיר וואָלטן זיך ניט אַריינכאַפּן געשווינד אין שיף וואָלט ער אונז אַלעמען אַריינגעקערט אין ים. ויברך, און גאָט האָט זיי געבענטשט, פרו, זייט פרוכטבאַר און מערט זיך אין די ימים, און די פויגלען זאָלן זיך מערן אויף דער ערד. רש״י שרייבט דאַרום האָט הקב״ה געבענטשט די פיש מיט די עופות, ווייל מען פאַנגט פון זיי זעהר פיל, קענען זיי דאַך ווייניקער ווערן, דאַרום האָט ער זיי געבענטשט זיי זאָלן זיך מערן, און די היות ובהמות וואָס זיינען באַשאַפן

---

## שערי ציון

זיינען געגליכן צו דער לבנה. דאָס וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צו געהן אראָפּ און אראָפּ ביז מיר זיינען געוואָרן פינסטער ווי סוף חודש די נאכט, איז דאָס אַלעס פאַר אונזערע שנאת חנם און קיטרוגים איינער אויפן צווייטן. איז ווי מיר זעהן אז די לבנה הויבט שוין אָן אביסעלע צו שיינען און מיר בעטן „למלאות פגימת הלבנה״ — „ויהי אור הלבנה כאור החמה״, מיר זאָלן שוין אויפגעריכט ווערן עס זאָל שוין אָנהויבן שיינען אונזער מזל ווי די ליכטיקע זון, דערמאָנט מען אונז, קינדערלעך, אויב איר ווילט איר זאָלט איבער אַניים אויפשיינען, זעהט צו זיין „שלום״ איינער מיטן צווייטן. שלום איז די כלי וואָס איז מחזיק ברכה, זי האַלט איין אין זיך אַלע ברכות והצלחות.

איצט קענען מיר פאַרשטעהן די ענדע רייד וואָס דער תלמוד (אין חולין) פירט אויס, „חזא דלא מיתבא דעתא״, השי״ת האָט געזעהן, אז די לבנה איז געבליבן אומצופרידן „אמר הביאו כפרה עלי שמעטתי את הירח״, זאָגט ער ברייגגט פון מיינט ווענן אַ קרבן חטאת (דאָס איז דער שעיר ר״ח) פאַר־וואָס איך האָב פאַרקלענערט די לבנה. (והיינו דאר״ל, מה נשתנה שעיר ר״ח שנאמר בו חטאת לה׳). חז״ל באַמערקן דאָ ווי ווייט עס איז „שכר

געוואָרן פּריטיק וואָלטן אויך באַדאַרפט געבענטשט ווערן, ווייל מען באַפּט פון זיי זעהר פיל צום עסן און מאַנכע צוליב זייער פעל, נאָר ווייל דער נחש איז דאָך אויך אַ חיה דאָרום האָט ער די חיות ניט געבענשט, כדי דער נחש זאָל ניט זיין אין דער ברכה. דאָס איז „אוי לרשע אוי לשכנו" צוליב אַ רשע ליידן די שכנים.

ויאמר אלהים, דעם זעקסטן טאָג אין דער פרי האָט גאָט געזאָגט די ערד זאָל אַרויסברייינגען לעבעדיקע זאַכן, בהמות און חיות קליינע און גרויסע, יעדע נאָך איר אַרט, און עס איז געוועזן אַזוי. כי טוב, און גאָט האָט געזעהן דאָס עס איז גוט. נעשה אדם, נאָכהער אַז עס איז אַלעס פאַרטיק געוואָרן, פאַרשיידענע גרינסן, בוימער מיט אַלערליי פרוכט, אַלערליי פיש, אַלערהאַנד בהמות וחיות, האָט גאָט געזאָגט, מיר וועלן מאַכן אַ מענטשן „בצלמנו" אין אונזער שאָטן ("צלם„ מלשון „צל"), דער מענטש ווערט גערופן אין דער מליצה „דער שאָטן" פון גאָט, אַזו ווי דער שאָטן טוט נאָך אַלעס וואָס דער מענטש טוט, אָבער

---

## שערי ציון

עבירה עבירה", פאַר דעם עונש וואָס דער חוטא באַקומט, פאַר דעם גופא קומט אים אַ שטראָף, וואָס ער האָט גורם געווען צער דעם רב חסד,—די שכינה כביכול איז שרוי בצער וואָס די לבנה (דער נמשל איז די ישראל) האָט ניט פאַרשטאַנען די גוטע עצה וואָס ער האָט איר געגעבן, און איז געגאַנגען דערפילן איר עהרן־געפיל אין קרומע וועגן, זיין זיך מתכבד בקלון חבירו, וואָס דאַדורך האָט זי באַקומען איר עונש (כל הרודף אחרי הכבוד, הכבוד בורח ממנו), מ'האָט איר פאַרקלענערט. דאָך פון גרויס ליבשאַפט צו אידן נעמט ער כביכול אַ טייל אין דעם שולד, כלומר אין דעם קרבן וואָס מיר ברייינגען ווייל מיר האָבן גורם צער געווען צער לשכינה, ער זאָל דאַרפן ברייינגען אויף אונז אַן עונש געגן זיין רצון וואָס איז נאָר גוטעס צו טאָן. אין דעם קרבן גופא געהט ער כביכול אריין אין שותפות, אַז ער איז אויך אַ שטיקל חייב, אַ שטיקל גורם צו אונזער שלעכטן פירונג פון שנאת חנם ווייל ער האָט באַשאַפן אַ יצר הרע. (ואשר הרעותי, ברכות לב).

אויך פאַרשטייען מיר מיט דעם, דעם מנהג ראשונים פון יו"כ קטן ערב ר"ח. דער ער"ח איז ווי אַ צערטלעכע מוטער לערנט אירע קינדער פירן זיך גוט און אידל און ווייזט דעם בייזן סוף פון שלעכטע מענטשן. זעט מיינע ליבע קינדער! די נאַכט פון סוף חודש וואָס די לבנה איז פינסטער, איז אַ שפּיגל צו זעהן אין אים דעם ניט גוטן סוף פון שנאת חנם און מתכבד בקלון חבירו.

אויך פאַרשטייען מיר מיט דעם דעם אידישן מנהג אָפּשאָקלען די כנפות הציצית נאָך קידוש לבנה. די חז"ל שטעלן פאָר, אַז די לבנה האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס איריגע (וכי בשביל שאמרתי לפניך דבר הגון אמעט את

פריער מוז דער מענטש עפעס טאָן, נאָכדעם טוט אים נאָך דער שאָטן, דאָס זעלבע איז דער מענטש, ער טוט נאָך אַלעס וואָס גאָט האָט פריער געטאָן. גאָט האָט אַרויסגעבראַכט פון דער ערד אַלערליי גרינסן, אַלערליי ביימער, דער מענטש מאַכט אויך וואַקסן פון דער ערד אַלערהאַנד גרינסן און פרוכטן. גאָט האָט געבראַכט דעם מענטשן און בהמות און חיות ועופות אויף דער וועלט, דער מענטש ברייננגט דאָס אויך אַרויס, נאָר דער אונטערשייד איז, השי"ת האָט עס אַלעס פריער אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט פון גאָרניט (בדבר ה׳ השמים נעשו), ער האָט געזאָגט עס זאָל ווערן איז אַזוי געוואָרן, און דער מענטש איז מיט גאָטעס ווילן פאַרמערט ער זיך אויף דער וועלט וואָס גאָט האָט באַשאַפן. דאַרום רופט זיך דער מענטש „דער שאָטן פון גאָט", אַז ער פאַרזייט און גאָט גיט נאָכדעם רעגן און גוטע ווינטן וואַקסט עס. כדמותנו, ער זאָל זיין ענליך צו אונז, כלומר ער זאָל האָבן פאַרשטאַנד און שכל ער זאָל קענען זיין מיין שטעל-פאַרטרעטער אויף דער ערד א) ב). ער (דער מענטש) זאָל זיין אַ בעל הבית איבער דער וועלט, ער זאָל הערשן איבער די פיש פון ים, איבער די געפליגל פון הימל, איבער דער גאַנצער ערד און אויף אַלעס וואָס געפינט זיך אויף איר. ויברא, און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין בילד, דאָס מיינט מען דעם קערפער פון מענטשן, בצלם אלהים, אין גאָטעס בילד האָט ער אים באַשאַפן. דאָס מיינט מען די נשמה פון מענטשן,

---

שערי ציון

עצמי?), דאָס איז אַ רמז אויף דעם גרויסן אומגליק וואָס דער מענטש באַקענט ניט זיין פעלער (הנני נשפט אותך על אמרך לא חטאתי), דער יצה"ר כאַפּט זיך אָן בכנפות הציצית, דאָס הייסט ער לייגט אַריין די טומאה אין יראה, עס איז אַ מצוה יענעם פיינט צו האָבן און די מחלוקת איז נאָר לשם שמים, ווי קרח האָט געזאָגט, איך קריג זיך ניט פאַר מיין כבוד, נאָר „מדוע תתנשאו על קהל ה׳?". דאַרפן מיר די טומאה אָפּשאָקלען פון די ציצית, עס זאָל זיין באַ אונז נאָר אהבה ויראה „ורב שלום עד בלי ירח" וד"ל.

א) דער רצון שמים איז געוועזן מיט זיין באַשאַפן די וועלט אַרויסצוברייננגען זיינע מדות, אַז אמת, חסד, רחמים, צדק, ומשפט זאָלן הערשן צווישן די באַשעפענישן פון דער וועלט, און דורך דעם מענטשן ווערט דאָס אַרויסגעבראַכט, רופט זיך דער מענטש דער שטעלפאַרטרעטער פון בורא עולם, אויף דער וועלט.

ב) קרבת הברת „אדם" אל „הדם" (פוס-ביינסל) מורה כי האדם הוא „הדום רגלי שכינה" פה עלי אדמות ובתור איש הבינים ממוצע ונושא הוד כבוד ה׳ על פני הארץ. „הדום" יתן היכולת להאיש המרומם להשאר מורם מעל הארץ, לבל יצטרך להציג כף רגלו על הקרקע. — כי לולא נברא האדם

וואָס זי איז גאָטעס בילד „אַ חלק אלוה ממעל", אַ זכר מיט אַ נקבה האָט ער אים באַשאַפן (ווי אין דער צווייטער פרשה ווערט באַשריבן דער צוגאַנג פון חוה'ס באַשאַפונג).

דער מדרש שרייבט, בעת משה רבינו האָט געשריבן די תורה (השי"ת האָט אים דיקטירט וואָרט אין וואָרט), ווי עס איז געקומען צו דעם וואָרט „נעשה אדם" (לאָמיר מאַכן אַ מענטשן), האָט משה רבינו געזאָגט, רבון העולמים, וואָרום לאָזטו אַן אָרט פאַר אפיקורסים, זיי זאָלן זאָגן אַז אין דער קונציגסטער אַרבעט פון דער בריאה (דאָס איז דער מענטש) האָסטו געדאַרפט האָבן אַ שותף? ענטפערט השי"ת, שרייב ווי איך דיקטיר דיר „נעשה", און ווער עס וועט זיך וועלן טועה זיין, זאָל זיך טועה זיין. מיט דעם האָט אים השי"ת אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער וואָס וועט זיך ניט וועלן טועה זיין און וועט זוכן דעם אמת, וועט אין דעם ריזיקאַלישן אויסדרוק פון „נעשה" געפינען טייערע בריליאַנטענע געדאַנקען, 1) די ערשטע לערע איז, אַז דער מענטש זאָל זיך פירן "בדרך ענוה„ און אַז ער דאַרף טאָן אַ וויכטיקע זאַך, זאָל ער זיך באַראַטן מיט אַ צווייטן, און ניט זאָגן, „וואָס קען יענער פאַרשטעהן מער פון מיר?" ניין, מיר דאַרפן זיך לערנען פון אונדזער באַשעפער, אַז בעת באַשאַפן דעם מענטשן האָט ער זיך באַראַטן מיט די מלאכים. 2) די צווייטע לערע איז נאָך אַ וויכטיקערע, אַז דער מענטש דאַרף האָבן אַ רעליגיעזע דערציאונג, דאָס איז אַ פאַסאָן צו זיין מאַטעריאַל (דעם קערפּער מיט זיינע געפילן), וואָס דער מאַטעריאַל (דער קערפּער) איז נאָר באַ השי"ת אין האַנט, ווי עס שטעהט גלייך „ויברא אלהים את האדם", זיין קערפּער מיט אַלע גע-פילן און פעאיגקייטן האָט גאָט אַליין באַשאַפן. אין דעם קען קיינער ניט באַהילפיק זיין צו הש"ת, אָבער דעם רעליגיעזן פאַסאָן וואָס דאָס רופט זיך „עשיה" (אויסאַרבעטן, אויסבילדן) אַז דער מענטש זאָל זיין בדמות אלהים (ד. ה. אדמה לעליון), דאָס האָט דער בורא כביכול אַרויס-געגעבן פון זיין האַנט און איבערגעגעבן צו דער בחירה פונם מענטשן (הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים), היינט ווי זאָל דאָ זיין? דער מענטש ווערט דאָך געבוירן ווי אַן „עיר פרא" (אַ ווילדער אייזעלע) און אויב

---

## שערי ציון

באריץ להיות „הדום" (רגלי השכינה), כי אז על ה' בכבודו ובעצמו, כביכול, לרדת לארץ למטה למען הוציא לפועל שמה את האמת, הרחמים, הצדק והאהבה, אישר חפצו ורצונו להשליטם בקרב יצורי תבל, לכן שם ה' אלקים את האדם בתבל ארצהו למען יוכל להפיק על ידו את רצונו בתבל, והאדם הוא בתור „נציב" (שטעלפארטרעטער) „נשיא אלקים" ובא־כח הבורא בתבל ארצו (עקרת צבי להר"ר הירש).

ער וועט זיך אַזוי האָדעווען, אָן אמונה ודעת, וועט ער דאָך אויס־וואַקסן אַ ווילדע חיה, אַ צוויי פיסיקער טיגער, וואָס קען חרוב מאַכן די וועלט מיט זיך צוזאַמען. דאַרום ליגט אַ פליכט אויף עלטערן זיי זאָלן אים לערנען תורה און דרך ארץ און מחנך זיין במידות טובות. און ווען דער קינד איז חלילה אַ יתום אָדער זיין פאָטער איז גלייך ווי געשטאָרבן (עני חשוב כמת), און קען אים ניט געבן לערנען, דאַרפן גוטע מענטשן זיך אינטערעסירן וועגן דעם יתום, געבן אים לערנען און מחנך זיין במידות טובות, ווי מיר זאָגן אין ברכת התורה (ונהיה אנחנו וצאצאינו) מיר און אונזערע קינדער זאָלן וויסן אַז עס איז דאָ אַ גאָט (וצאצאי עמך בית ישראל) מען דאַרף אויך זאָרגן פאַר פרעמדע עלנדע קינדער זיי זאָלן אויך וויסן אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און לערנען זיין תורה — דאָס איז די תורה מרמז מיטן אויס־דרוק „נעשה" כביכול השי"ת בעט זיך לאָמיר צוזאַמען אויסבילדן דעם מענטשן (כדמותנו), ער זאָל הייסן אַ מענטש אין פולן זינען פון וואָרט, דינען דער מענטשהייט א) אַז דורך אים, דורך זיין חכמת התורה און הנהגה טובה בחסד ואמת, זאָל מען דערקענען, אַז עס איז דאָ אַ בורא עולם מקור החכמה, מקור החסד והאמת וכל המידות טובות ב).

3) אַ דריטער געדאַנק (זעהר אַן איידעלער) ליגט אין דעם אויס־דרוק „נעשה". דער שטייגער פון דער וועלט איז, ווען מען געהט

---

### ש ע ר י  צ י ו ן

א) ובאדם הראשון שלא היה מי ללמדו? כתיב ביום ברא אלקים אדם, בדמות אלקים „עשה אותו" שגם התקון והפאסאָן עשה ה' באדם הראשון, שנברא מלא השכל ודעת, אבל מכאן ואילך מבקש שבהעשיה נשתתף אנחנו עמו.

ב) דער וואָרט „נעשה" וואָס דער לעבעדיקער גאָט האָט געהייסן שרייבן אין זיין תורת חיים, איז אַ לעבדיקער פראָטעסט קעגן די אונוויסנדע מוטערס, וואָס זאָגן זייער פוסטע פילאָסאָפיע, אַז מען דאַרף ניט לערנען אַ קינד קיין תורה און רעליגיע, מען דאַרף דאָס איבערלאָזן, אַז ער וועט קומען צום פאַרשטאַנד וועט ער זיך אליין אויסקלייבן אַ רעליגיע. איר פאַרשטעהט, טייערע שוועסטער, ווי קלוג דער יצר הרע איז?! וואָס פאַר אַ באָמבע ער האָט זיי אונטערגעלייגט כדי צוצערייסן די פעסטנונג פון רעלי־גיע, תורה ומצוות. איר נאַרישע עלטערן וועט שוין לאַנג וואַרטן (טראַכט זיך דער יצה"ר) ביז וואַנען אייער זון וועט האָבן אַ רעליגיע, דערווייל וועט ער איינגעוואָרצלט ווערן אין תאוה וחמדה, נאָכגעבן די טרייפענע האַלז און וואָס די האַרץ געלוסט, ווי באַלד דערווייל איז אים אַלעם דערלויבט אָן תורה ומצוות, נאָכדעם ווען אפילו איינער פון טויזנט וועט זיך אויף דער

גרינדן אַ באַנק, טראָגט יעדער מיטגליד אַריין אַ געוויסן סכום געלט ביז עס דערפילט די סומע מיט וועלכער דער באַנק קען עקזיסטירן. נאָכדעם נעמט מען אויף אַ קלוגן מענטשן פאַר אַ דירעקטאָר ער זאָל פירן די באַנק. איז אויב ער פירט קלוג און מאַכט גלענצענדע געשעפטן, אַז צום יערלעכן באַלאַנס באַקומט יעדער מיטגליד אַ גוטן דיווידענד (רווח), באַקומט דער דירעקטאָר פרעזענטן און אַ העכערן געהאַלט. אָבער אויב הלילה דער דירעקטאָר קוקט ניט אויף דער הנהגה פון באַנק און ער נעמט נאָך דעם קאַפּיטאַל פון באַנק און פאַרשווענדט אין קאָרטן, אין הולטייסטווע, זעלבסט פאַרשטענדלעך אַז די באַנק ווערט דאַן געשטירצט צום אָפּגרונד און אַלע מיטגלידער ווערן אומגליקלעך — פאַרלירט דער דירעקטאָר די שטעלע און באַקומט נאָך אַ גרויסן שטראָף. דאָס גלייכן איז דער מענטש דער דירעקטאָר פון גרויסן וועלט־באַנק. אַלע בעלי חיים זיינען די מיטגלידער, זיי האָבן אַריינגעטראָגן אין מענטשן אַ טייל פון זייערע כאַראַקטאָרן. דער מענטש פאַרוואַלטעט מיט די כאַראַקטאָן פון אַלע בעלי חיים. „כעס" פון דעם בער, „גאוה" פון פערד, „רחמנות" (אויף זיינע קינדער) פון אָדלער, „אכזריות" פון ראָב (עורב), „נאַכטאָן" (וואָס דער צווייטער טוט) פון דער מאַלפּע און נאָך פיל זיטן גוטע און שלעכטע פון אַלע בעלי חיים. חכמה, בינה ודעת פון מלאכים א). דאָס איז די כונה, דער בורא ב"ה האָט געזאָגט צו דער גאַנצער בריאה „נעשה אדם" לאָמיר צוזאַמען מאַכן אַ מענטשן, ד. ה. איר עולמות עליונים ותחתונים גיט אַ טייל פון אייערע כאַראַקטאָרן ומדות אין מענטשן.—וירדו, ווען

## שערי ציון

עלטער אַרומזעהן אַז ער לעבט ווי אַ בהמה אָן אַ גלויבן, ווערט אים שוין שווער זיין זיך שיידן פון זיין געוואוינהייט (הרבה רשעים מלאים חרטות אלא שקשה להם לפרוש מתאותם).

א) אָדער ווי אַנדערע דריקן דאָס אויס, דער מענטש איז דער אַפּטייקער פון וועלט־אַפּטייק. אין אַפּטייק געפינען זיך אַלערהאַנד מעדיצינען, איינפאַכע און געפערלעכע, נאָר דער אַפּטייקער דאַרף וויסן יעדע זאַך וואו צו באַנוצן און אין דער מאָס, קען ער מיט די שאַרפסטע זאַכן ווי קאַרבאָל, אַרסעניק, עסיג־עסענץ, מאַכן אַ סם חיים להחיות נפשות רבות. דאָס גלייכן, דער בר דעת קען מיט די געפערלעכסטע מדות ווי כעס, גאוה, ווען ער באַנוצט זיי אין צייט און אין דער מאָס ברייננגען גרויסע נוצן, אָבער דער אומוויסנדער קען איבערפירן די פּרעסקריפּשאָן מיט דער קלענסטער זאַך וואָס דאָס דאַרף ניט אַריינקומען. אזוי דער נאַרישער מענטש קען מאַכן שאָדן אפילו מיט רחמנות, ווען ער בייזערט זיך ניט אויף זיין קינד ווען ער געהט אין אַ שלעכטן וועג, ווערט פון רחמנות אכזריות.

דער מענטש וועט זיך גוט אויפפירן וועט ער באַהערשן אַלע ברואים פון דער וועלט. ווען אָבער חלילה ער וועט זיך אויפפירן שלעכט איז וירדו (מיט אַ צירה) וועט ער (דער מענטש) ווערן דערנידערט און באַהערשט פון די בעלי חיים. אַלע וועלן חלילה אויף אים הערשן ב).

ויברך אותם, און גאָט האָט זיי געבענטשט ויאמר להם, און האָט זיי געזאָגט, פרו, זייט פרוכטבאַר, ורבו, און מערט אייך און מאַכט פול די ערד (די וועלט) און באַצווינגט איר (ד. ה. נעמט איר אַרונטער אונטער אייער האַנט, בויט שטעט, פאַבריקן א. ד. ג.), און הערשט איבער די פיש פון ים און איבער די פויגלען פון אונטער דעם הימל און אויף די בהמות און חיות וואָס אויף דער ערד זיינען. די מפרשים פרעגן פאַר וואָס באַ די דגים ועופות שטעהט נאָר, גאָט האָט זיי געבענטשט זיי זאָלן זיין פרוכטבאַר און זיך פאַרמערן, און באַ דעם מענטשן שטעהט דאָפּלט ויברך, ויאמר, גאָט האָט אים געבענטשט און פאַרזאָגט ער זאָל זיין פרוכטבאַר? דער תירוץ איז, אַלע בעלי חיים זיינען ניט קיין בעלי בחירה, זיי טוען נאָר וואָס גאָט האָט אין זיי איינגעאַטירט. אָבער דער מענטש איז אַ בעל בחירה, דאַרום האָט אים גאָט געבענטשט, און מיט דער ברכה האָט ער אין אים אַריינ־געגעבן אַ כח ער זאָל קענען האָבן קינדער און האָבן גרוים געדולד צו דערטראָגן די שוועריקייטן פון האָדעווען קינדער, אָבער נאָכדעם

---

שערי ציון

ב) און ניט נאָר בעלי חיים אַליין זיינען מיטגלידער אין וועלט־באַנק, אפילו דער דומם וצומח זיינען אויך מעמבערס. ווי מיר געפינען ביי קריעת ים סוף „הים ראה וינס" מה ראה? ארונו של יוסף ראה. דער ים האָט דער־זעהן, אַז אין מצרים וואָס זי איז „ערות הארץ" מלאה זימה האָבן אידן געלעבט אַ ריינעם פאַמיליען לעבן, זיי האָבן באַנוצט דעם כח התאוה (וואָס דער יסוד המים האָט געגעבן אין מענטשן) נאָר צום נוץ, לקיום המין, אָבער לדבר עבירה האָבן זיי געצאַמט די תאוה (גן נעול אחותי כלה) ווי יוסף הצדיק האָט זיי אויסגעטראָטן דעם וועג, ער האָט כובש געווען די תאוה ביי דער געשיכטע פון אשת אדוניו, האָט דער ים געגעבן עהרע דעם אָבער־דירעקטאָר פון וועלט־באַנק און האָט אָפּגעטראָטן און געמאַכט אַ וועג פאַר אים. אָבער די מצריים וואָס האָבן באַנוצט דעם כח התאוה אויף שמוציקע און שענדלעכע זאַכן האָט זיי דער ים פאַרפלייצט. און אַזוי בכל דור ודור, דער ירדן האָט אָפּגעטראָטן און געמאַכט אַ וועג פאַר אידן — דער טייך „גינאה" האָט זיך געשפּאָלטן און געמאַכט אַ וועג פאַר ר' פנחס בן יאיר (חולין ז). די שטיינער וואָס יעקב אבינו האָט געלייגט צוקאָפּן האָט יעדער פון זיי געוואָלט האָבן די ערע אַז אויף אים זאָל דער אָבער־דירעקטאָר, יעקב אבינו לייגן זיין קאָפּ.

ווענדט זיך אָן זיין בחירה, אויב ער וויל מקיים זיין גאָטעס פאַרלאַנג, נעמט ער אַ פרוי און לעבט אַ פאַמיליען לעבן, און אויב ניט בלייבט ער זיצן כל ימיו איינזאַם. נמצא אַז אין די ווערטער ויאמר להם אלקים פרו ורבו ליגט די מצוה, אַז אַ איד זאָל נעמען אַ פרוי צו האָבן מיט איר קינדער. א)

דער מדרש שרייבט, וואָרום איז אדם באַשאַפן געוואָרן ערב שבת כדי „שיכנס לסעודה מיד", ער זאָל אַריינגעהן גלייך צו דער סעודה פון שבת. דער מאמר ווערט דערקלערט מיט נאָך אַ מאמר פון מסכת שבת (דף קנג) אויף דעם פסוק וואָס שלמה המלך זאָגט, „בכל עת יהיו בגדיך לבנים", שטענדיק זאָלן דיינע קליידער זיין ריין און דיין קאָפּ אויסגעפּוצט. דאָס איז אַ משל צו אַ קעניג וואָס האָט איינגעלאַדן זיינע קנעכט אויף אַ גרויסן באַל און האָט ניט באַשטימט קיין צייט ווען דער באַל וועט זיך אָנפאַנגען. די נאַרישע קנעכט האָבן געזאָגט, ווי קען עס זיין אַ סעודה אָן פאָרברייטונג, מן הסתם וועט עס געווערן צייט, וועלן מיר נאָך האָבן צייט זיך אויסצופּוצן. זיינען זיי דערווייל אַוועק צו דער אַרבעט. די קלוגע האָבן אויסגע־רעכנט, יאָ טאַקע צוגרייטן אַ סעודה דאַרף געדויערן, אָבער דאָס איז גערעדט בּאַ איינפאַכע מענטשן, אָבער ביי אַ מלך, וואָס קיין זאַך פעלט אים ניט, קען עס ווערן אין אַ האַלבן טאָג, אַלזאָ האָבן זיי זיך אַרומגעוואַשן און אויסגעפּוצט און געשטאַנען נאָענט לעבן דעם קייזערלעכן הויף. פלוצלונג האָט מען אַרויסגעשטעלט אַ פאָן, אַז די געסט זאָלן אַריינקומען צום באַל. די קלוגע וואָס זיינען געגרייט

---

ש ע ר י   צ י ו ן

א) און ווייל אום צו נעמען אַ פרוי און פירן אַ פאַמיליען לעבן דאַרף מען דאָך זיין אַ בעל פרנסה, היינו האָבן ערד צו באַאַרבעטן אָדער אַ געשעפט אָדער קענען אַן אומנות, וואָס צו דעם איז מער פעהיג דער מאַנס־פערזאָן, דאַרום האָט די תורה געשטעלט דעם וואָרט „וכבשה" אָן אַ וואַוו (בלשון יחיד) צו ווייזן אַז דער פליכט פון חתונה האָבן און פירן אַ פאַמיליען לעבן ליגט נאָר אויף דעם מאַנס־פערזאָן ניט אויף דער פרויענצימער בעת זי איז אַ פנויה, אָבער נאָכדעם אַז זי איז שוין פאַרהייראַט, ליגט שוין אויף ביידן דער פליכט פון קינדער האָבן (ווי עס שטייט פרו ורבו בלשון רבים), דאָס הייסט, זי טאָר ניט נעמען קיין מיטלען אום אויסצומיידן שוואַנגער־שאַפט, און דאַרף זעהן דערציען אירע קינדער נאָך דער ליכטיקער וועג פון דער תורה. ווייל די ברכה „רבו" (פאַרמערן די פאַמיליע) ווענדט זיך אָן האָרעווען, ווען מ'האָרעוועט די קינדער ווערט דער מין פאַרמערט, ובפרט בּאַ מענטשן איז איבערהויפּט דער האָרעווען. ווען מ'זאָל אויף זיך ניט נעמען די גרויסע מי פון האָרעווען, קאָרמענען און האַלטן זיי ריין און

זיינען אַריין שיין געקליידט, און די טפשים זיינען אַריין איינגעריכט ווי זיי גייען באַ דער אַרבעט. האָט זיך דער מלך געפרייט מיט די קלוגע און האָט זיי גרויס כבוד אָנגעטאָן, און די נאַראָנים האָבן געהאַט חרפות ביושים. דאָס גלייכן איז מיטן מענטשן, דער תנא זאָגט (אין אבות פ"ג), והכל מתוקן לסעודה, דער תכלית פון דעם מענטשן איז. ער זאָל פאַרדינען דורך זיין גוטן אויפפירונג (עפ"י דרך התורה והמצוה) צו קומען צום גרויסן פאַרגעניגן פון יום שכולו שבת. איז ווען ער וואָלט באַשאַפן ווערן אין מיטן וואָך קען ער דענקען ווי די נאַראָנים, עס איז נאָך דאָ גענוג צייט זיך אויסצירן מיט מצוות און מעשים טובים, דערווייל קען איך נאָך געהן בשרירות לבי, טאָן וואָס די האַרץ געלוסט, ווי די נאַראָנים זאָגן. דאַרום האָט ער אים באַשאַפן ערב שבת אום אָנצומערקן, אַז די סעודה פון שבת איז גאַנץ נאָענט, מ'זעט זיך גאָר ניט אַרום ווי דער טאָג (דער לעבן) לויפט אַוועק, בפרט נאָך אַז עס איז ניטאָ קיין באַשטימטע צייט ווען יעדערנס באַל הויבט זיך אָן, פּלוצלונג שטעלט מען אַרויס אַ פּאָן אַז מען פאָדערט דעם מענטשן לבית המלך. דאַרום דאַרף דער מענטש שטענדיק זיין צו־געגרייט מיט מצות ומעשים טובים.

וירא אלהים, גאָט האָט באַטראַכט אַלעס וואָס ער האָט געמאַכט און זעהט אַז עס איז זעהר גוט, ווי אַ מייסטער באַטראַכט זיין אַר־בעט וואָס ער האָט געמאַכט, ווען עס געפעלט אים לאָזט ער דאָס שטעהן, ווען ניט, צעברעכט ער עס. דאָס גלייכן כל זמן דער בורא באַטראַכט אַז זיין אַרבעט איז גוט, היינו עס איז נאָך דאָ אין איר אַ גרויסע טייל פון זיין וואונטש (וואָס ער האָט פאַרלאַנגט) האָט זי אַ קיום, ווען ניט חלילה וואָלט ער צונעמען זיין השגחה און זי וואָלט

---

שערי ציון

שיין און ציכטיק און אויך פאַרהיטן זיי פון שלאַפקייט חלילה, וואָלט דער מענטשלעכער קינד ניט געקענט לעבן אַ טאָג. און נאָך אַ באַדייטונג האָט דער וואָרט „רבו" (גרויסקייט) — „רב" (אַ גרויסער מאַן), דאָס הייסט דורך דעם האָדעווען קינדער און מאַכן זיי פאַר מענטשן אין פולן זינען דער וואָרט מענטש, היינו פרום צו גאָט און גוט צו מענטשן, איז לבד וואָס די פאַמיליע פאַרגרעסערט זיך, ווערן נאָך די עלטערן אליין גרויס, ווירדיק און געשעצט. אָבער דער וואָס האָדעוועט נאָר דעם קערפּער פון זיין קינד, ער זאָרגט פאַר אים אַ תכלית ער זאָל האָבן דעם צייטלעכן לעבנס־מיטל און זאָרגט ניט פאַר זיין אויביקן לעבנס־מיטל, לערנען אים תורה און יראת שמים, אַזעלכע עלטערן האָבן ניט דערפילט דעם פליכט פון „ורבו". אל תקרא „בניך" אלא „בוניך", די וואָס בויען די עלטערן און פאַראייביקן זייער נאָמען, די רופן זיך אָן די אמת'ע קינדער.

ווערן תוהו ובוהו. את כל אשר עשה, אַלעס צוזאַמען איז זייער גוט א), ווען מ׳קוקט אויף דעם איינצעלטן, פאַרשטעהט מען ניט צו וואָס נוצט עס? אָבער צוזאַמען די וועלט ברייננגט יעדע זאַך נוצן. למשל מיר זעהן פאַרשיידענע פליגן. איז באַ אונדז אַ וואונדער, צו וואָס דאַרף מען זיי? אָבער אַז מיר באַטראַכטן די וועלט צוזאַמען זעהן מיר וועלכע נוצן זיי ברייננגען. ווי עס איז באַוואוסט אַז וואָס אויף דער וועלט איז באַשאַפן איז געפּאָרט זכר ונקבה, דאָס קלענסטע גרעזעלע מוז האָבן זיין פּאָר, דער ווינט איז דער שדכן, ער ברייננגט זיי צו־זאַמען, אָפטער ווערט דער ווינט אַ לאַנד־שדכן און פאָרט זיי צונויף פון צענדליקע מיילן. עס זיינען ווידער דאָ סאָרטן צמחים וואָס ליידן ניט דעם ווינד־שדכן, וואָס קומט מיט שטורעם, האָט זיי דער בורא באַזאָרגט אַ רוהיקן שדכן, דאָס זיינען אַזעלכע זומער פליגן, וואָס זוכנדיק אין די בלומען דעם זיסן סאָק נעמען זיי אויף די פליגלען די זאָמען (שטויב) פון איין צמח און ברייננגען דאָס אין די צווייטע. און דאָס גלייכן פילע זאַכן וואָס מיר זיינען נאָך ניט דערגאַנגען די נוצן זייערע. הכלל השי״ת האָט קיין זאַך ניט באַשאַפן אומזיסט,

---

ש ע ר י   צ י ו ן

א) דער ילקוט שרייבט „טוב״ איז דער מלאך החיים, „מאד״ איז דער מלאך המות, דאָס איז גאַנץ איינפאַך. מען מוז וויסן אַז אַלעס וואָס השי״ת האָט באשאפן איז נוצלעך פאַרן מענטשן, אָבער נאָר ווען מ׳נוצט דאָס מיט א מאָס, ווען אָבער צופיל, איז די בעסטע שפייז אומגעזונט. זוכן פרנסה איז גוט און נויטיק, אָבער אָץ להעשיר, דער וואָס וויל גיך רייך ווערן, דער פאַלט עפ״י רוב אריין אין אומגליק חלילה. דאָס איז די כונה „טוב״ ווען מען איז נהנה פון דער וועלט מיטלמעסיק, איז דאָס דער מלאך פון לעבן, „מאד״ אָבער זעהר, היינו ווען מ׳זוכט מותרות איז עס דער מלאך פון טויט חלילה. — ווידער זאָגט דער ילקוט, „טוב״ גוט דאָס איז דער יצר טוב, „מאד״ זעהר גוט דאָס איז דער יצר הרע. דאָס ווערט דערקלערט דורך אַ משל. צוויי זיינען געפאָרן אויפן באַן, איינער אַן עלטערער, אַ פּראַקטיקיר־טער, און דער צווייטער אַ פּריץ, אַראָפּ אויף אַ סטאַנציע אין אַ רעסטאָראַן, עס שטעהט אויפן בופעט צווייערליי פליישן, איינע געווייכלעכע און די צווייטע צוגעריכט מיט פיל בשמים, אַז עס האָט שטאַרק געשמעקט. דער פּראַקטיקירטער האָט גענומען די איינפאַכע, דער פּריץ אָבער האָט גענעסן בעסער די שמעקעדיקע, די געווירצטע. זיי זיינען אָפּגעפאָרן אייניקע סטאַנ־ציעס ווייטער, מיט אַמאָל, דער פּריץ דרייט זיך אין דרייען, עס קראַמפּט אים די געדערים, דען עס איז געווען גאַנץ אַלטע פלייש און די בשמים און געווירץ איז געווען בכדי עס זאָל פאַרשלאָגן דעם שלעכטן ריח. דאָס גלייכן האָט דער בורא איינגעגאַטירט אַלע תאוות ותשוקות נאָר לקיום העולם,

אַלעם נוצט. דאָס גלייכן יסורים, ווען מען באַטראַכט דאָס אַליין איז פאַרלויפיג ניט גוט, אָבער ווען מיר באַטראַכטן אין כלל, איז דאָס זעהר גוט, דער מענטש קומט דורך דעם צו תשובה און וואַרפט אַמאָל אַוועק דורך דעם די הבלי הזמן, און נעמט זיך צו תורה ומעשים טובים. איז ווי מען קוקט אויף יסורים מיט אַ קורצזיכטיקער אויג זעהט מען נאָר אַ פעלער, אָבער אַז מען באַטראַכט בכלל, אַז דער מענטש געהערט ניט צו דער חלומ׳דיקער וועלט, נאָר צו דער אויביקער וועלט, איז כדאי מקבל באהבה זיין די צייטלעכע אומשטענדן, אום מ׳זאָל זיך קליגן און פאַלקאָם ווערן צום אויביקן צוקונפט. הכלל „מה רבו מעֲשיך ה׳!" ווי גרויסאַרטיק און גוט איינגעאָרדנט דיין בריאה איז!

ויהי ערב ויהי בוקר יום הששי, נאָכן סדר הפרשה האָט געדאַרפט שטעהן יום ששי, ווי עס שטעהט, יום חמישי. די תורה האָט אָנגעשריבן אַן איבעריקן ה׳ צו ווייזן, אַז דער זעקסטער טאָג איז אַ באַצייכנטער טאָג, וואָס אַלע פריערדיקע טעג האָבן געוואַרט אויף אים, זיי אַלע זאָלן קומען צו זייער תכלית, דורך דעם מענטשן וואָס אין אים איז ער באַשאַפן געוואָרן, וואָס ער איז דער דירעקטאָר אויף דער גרויסער וועלט-באַנק, ווען ער היט זיין פּאָסטן וואָס ער איז געשטעלט געוואָרן. אָבער די וועלט פּראַקטיקע האָט געוויזן, אַז די צוויי-פיסיקע חיה קען ניט ווערן קיין בן תרבות ער זאָל זיך פירן מיט שטאַט און זיך קענען האַלטן ווי געהעריק, אָן אַ געטלעכער תורה. ווי די חז"ל

---

## שערי ציון

דאַרום איז דאָס וואָס עס איז ניט אַזוי ווילד און העסלעך ווי אכילה ושתיה און קליידן זיך, וואָס מ׳וועט דאָס סיווי טאָן, האָט דער בורא ניט איינגענאַטירט צו דעם אַזאַ גרויסע תאוה, אָבער די זאַכן וואָס זיינען באמת זעהר העסלעך האָט דער בורא דאָס איינגעבשמים׳ט, ווי די חז"ל זאָגן אויפן פסוק „כי הוא אמר ויהי" דאָס איז תאות נשים, וואָס ביים שכל הישר איז דאָס זעהר אַן אָפּשטייסנדע זאַך, אָדער די תאוה ניט צו רוען טאָג און נאַכט צו זאַמלען געלט, בויען גרויסע בנינים און אַליין ווייס מען ניט וואָס מאָרגן וועט זיין, ווי דער שפּריכוואָרט זאָגט, „וואָר עס בויט און ווער עס וואוינט", פיל מאָל בלייבט דאָס פאַר דעם צוויטן מאַן וואָס זיין פרוי וועט נעמען — אָט צו אַזעלכע זאַכן איז געגעבן געוואָרן פיל חשק און געווירץ, וואָרום ווען ניט וואָלט מען אַנטלאָפן דערפון. דאָס איז די כונה, „טוב" גוט, ווייזט אויף יצר טוב, היינו מען דאַרף דאָס טאָן לישוב העולם, „מאד" ווען עס שטעלט זיך אָבער פאַר אַז דאָס איז זעהר גוט, עס שמעקט מיט פיל בשמים איז דאָס אַ גוטער סימן אַז דאָ איז באַהאַלטן אַ שטיק יצר הרע און מ׳דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיק אין דעם, צו נעמען עס מיט אַ וואָג און אַ מאָס, מער ניט לקיום ישוב העולם, און פון די איבעריקע אַנטלויף ווי פון פייער.

זאָגן, בראתי יצר הרע, דער בורא האָט באַשאַפן אין מענטשן אַ יצר הרע וואָס ער פאַרזויערט אים, בראתי לו תורה תבלין, האָב איך צו דעם באַשאַפן אַ תורה, וואָס זי גיט אַריין אין אים אַ געשמאַק, זי בילדעט אים אויס ער זאָל היטן זיין ציל. קומט אויס אַז גאַנץ מעשה בראשית איז זייער ציל אָפּהענגיק אָן דעם זעקסטן טאָג אין סיון, וואָס דאַן האָט דער בורא עולם דערשיינט אויפן הר סיני און געגעבן אַ געטלעכע תורה דעם מענטשן. דאָס איז דער רמז „ה־ששי", דער ה' איז מרמז אויף המשה הומשי תורה (תורה שבכתב), און „ששי" איז מרמז אויף ששה סדרי משנה (תורה שבעל פה), מיט דעם איז אויסגעצייכנט דער זעקסטער טאָג, וואָס אַלע טעג פון מעשה בראשית האָבן מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף אים, אַז ד־רך אים זאָלן זיי קומען צו זייער שלימות.

יום הששי ויכולו השמים, פון די 4 ווערטער שיינט אַרויס דער שם „הויה" ב"ה בראשי תיבות, צו ווייזן אַז דער יום הששי איז באַצייכנט אין חשיבות מיט דעם וואָס ער גרענעצט זיך מיטן שבת, דער שבת דערמאָנט דעם מענטשן שטענדיק זיין ציל, אַז דער בורא האָט מהדש געווען די וועלט און אים האָט ער געמאַכט פאַר זיין שטעלפאַרטרעטער, דעם דירעקטאָר פון וועלט־באַנק. ווי ר' יהודה זאָגט אין מדרש, יום הששי, דאָס באַטייט אויף דער שעה וואָס מען איז מוסיף מהול על הקודש, דאָס הייסט, דער ה' פון הששי ווייזט אַז דער זעקסטער טאָג איז באַצייכנט מיט וויכטיקייט, ווייל אין אים איז באַשאַפן דער נשיא אלקים פון דער וועלט, און דער זיבעטער טאָג דערמאָנט דאָס אים זיין פּאָסטן, דו מענטש לאָז זיך ניט אַריין אין די חומריות און גשמיות פון דער וועלט, זיי וויסן אַז עס איז פאַראַן אַ העכערע וועלט „יום שכולו שבת". אַלזאָ זאָלסטו מענטש דיינע טעג פאַרהייליקן, אַריינציען די קדושה פון שבת אין דיינע לעבנס טעג, אין דעם טאָג וואָס דו ביסט באַשאַפן געוואָרן, און אום אָנצו־מערקן אונז דעם געדאַנק, האָבן די אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען אין קדוש זאָלן מיר אָנהויבן „יום הששי" א).

---

### שערי ציון

א) תלמיד, וואָרום שטייט ניט ביי שבת „ויהי ערב ויהי בוקר יום השביעי"?

רב, דאָס איז אַ רמז, אַז שבת איז ניטאָ קיין נאַכט, עס דאַרף זיין דורכאויס טאָג, היינו מ'זאָל אַ גאַנצן מעת לעת ניט שלאָפן נאָר עוסק זיין בתורה, ווי דער „יום שכולו שבת" וועט זיין „והי' לעת ערב יהי' אור", עס וועט גאָר קיין נאַכט ניט זיין, די לבנה וועט שיינען ווי די זון (והי' אור הלבנה כאור החמה).

ויכלו, עס זיינען פארענדיקט געווארן די הימל און די ערד און אלע זייערע הערשאפט, דאס הייסט נאך דעם מייסטער וואס ער איז בלי גבול ותכלית האבן זיינע ווערק אויך געדארפט זיין בלי גבול ותכלית. למשל, אז דער בורא האט געזאגט פרייטיק פרי „תוצא הארץ נפש חיה" די ערד זאל ארויסגעבן לעבעדיקע זאכן, בהמות וחיות, האט די ערד באדארפט שטענדיק ארויסגעבן, היינו אלע יאר צב"ש האט באדארפט נתחדש ווערן נייע ברואים. דערציילט אונז די תורה ווי עס איז געקומען שבת „ויכולו" איז פארענדיקט געווארן, עס איז

---

שערי ציון

תלמיד, איך האב דאך געהערט, אז איינע פון די ר"ת פון שבת איז שינה בשבת תענוג, דארף מען דאך יא שלאפן שבת?

רב, דאס געהט נאר אויף די תלמידי חכמים, וואס א גאנצע וואך לערנען זיי יומם ולילה, מאנכע פון זיי טוען זיך גאר ניט אויס א גאנצע וואך, זיי שפארן זיך נאר צו זיצנדיק און דרעמלען איבער א ווילע און לערנען ווייטער, ווי ביי יעקב אבינו שטייט געשריבן „וישכב במקום ההוא", אבער די גאנצע 14 יאר וואס ער האט געלערנט אין דער ישיבה פון שם ועבר האט ער זיך ניט געלייגט ביינאכט. פאר די מענטשן איז „שינה בשבת תענוג", פרייטיק צונאכט דארף ער זיך אויסטאן און שלאפן ווי געהעריק. אבער בעלי מסחר ובעלי אומנות וואס א גאנצע וואך איז מען ווייט פון תורה, פאר זיי איז דער ר"ת פון שבת ניט שינה בשבת תענוג, נאר שינון (ושננתם לבניך) בשבת תענוג, כלומר, מ'דארף שבת א גאנצן מעת לעת עוסק זיין אין עבודת ה', דאווגען ארענטלעך, עסן לכבוד שבת, נאכהער לערנען.

געוואוינליך, ניט אלע זיינען אימשטאנד א גאנצן מעת לעת זיין אויף, אבער שלאפן א גאנצע נאכט איז געווים קיין יושר, נאר טאן ווי עס איז איינגעפירט בכמה קהלות קדושות, אז ווינטער פרייטיק צו נאכט איז א גאנצע נאכט ליכטיק אין בית המדרש, איין משמור לערנט פון אוונט ביז האלבע נאכט, דער צווייטער קומט נאך האלבן נאכט ביז טאג. וברם זכור אותו האיש לטוב ור' יעקב שמו (שהיה אופה לחם בווילנא), ער פלעגט שבת נאך האלבע נאכט ארומגעהן אין די אידישע גאסן און שרייען מיט א זיסער שטימע (בקול יעקב), „ישראל עם קדוש! שטעהט אויף לעבודת הבורא! — לעבודת הבורא!" און מיד פלעגן פיל בעלי מלאכות אויפשטעהן און געהן אין בית המדרש „פועלי צדק". דער מדרש זאגט, בעת אידן זיינען אריין אין ארץ ישראל האט די תורה אנגעהויבן טענה'ן, רבש"ע יעדער איד וועט זיך נעמען צו זיין פעלד, צו זיין וויינגארטן, וואס וועט זיין מיט מיר? האט השי"ת איהם געענטפערט, דערפאר שבת וועלן זיי מיט דיר פארברייגנגען. און דאס איז אויך דער געדאנק וואס ר' שמעון בן יוחאי זאגט (אין מדרש), שבת האט געטענה'ט פארן רבש"ע, אלע טעג האסטו געגעבן א בן זוג,

צוגעמאַכט געוואָרן די טויערן פון דער בריאה און פון דעגסטמאָל אָן האָט די בריאה און זי גיט ניט אַרויס קיינע נייס. אפילו אז דער מענטש איז עובר דעם רצון הבורא און פאַרט צוזאַמען צוויי מיני בעלי חיים ווי אַ סוס מיט אַ חמור און עס ווערט געבוירן אַ נייס „אַ פערד אַ מיול" קען ער אָבער קיין קינדער האָבן. מיט דעם איז דער שבת אַ גרויסער באַווייז אויף חדוש העולם, אז די וועלט איז געוואָרן ברצון הבורא, און זינט גאָט האָט גערוהט פון זיין אַרבעט און האָט געזאָגט לעולמו די! גענוג! מער זאָל קיין נייס ניט אַרויס! רוהט די וועלט נאָך ביז היינטיקן טאָג, ואין כל חדש תחת השמש. ווייסט איר זיי ווייט „אין כל חדש", אַז אפילו די אַרבעט וואָס איז געבליבן אין מיטן, ניט פאַרענדיקט, למשל די שדים, וואָס ערב שבת בין השמשות איז באַשאַפן געוואָרן זייער רוח, און ניט פאַרכאַפּט צו באַשאַפן זייער גוף ביז עס איז שבת געוואָרן, זיינען זיי געבליבן גייסטער אָן קערפּער. א)

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

זונטיק מיט מאָנטיק, דינסטיק־מיטוואָך, דאָנערשטיק־פרייטיק, איך בלייב אַליין! האָט השי"ת געענטפערט, ישראל וועט זיין דיין בן זוג, כלומר אין דיר וועט געגעבן ווערן די תורה, וועלן זיך אידן משתעשע זיין אין דיר מיט דער תורה. מיר קענען פון דעם לערנען אַ קל וחומר, מה דאָך ווינטערדיקע נעכט דאַרף מען ניט שלאָפן נאָר עוסק זיין בתורה, אַ פשיטא זומערדיקע טעג, דאַרף מען געוויס ניט אָפּשלאָפן, מכל שכן ניט זיין יושב בטל אָדער פאַרברייגגען אין ליצנות און ראָמאַנען, וואָס דאָס איז פיל ערגער ווי גע־שלאָפן. אפילו אַ פשוט'ער איד קען היינט אויך פיל דערגעהן אין דער תורה, עס זיינען ב"ה פאַראַן טייערע חומשים מיט פיל פרושים אויף אידיש. עס איז דאָ פרקי אבות מיט פרושים אויף אידיש, פיל חלקים מעשה אלפס, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן צו לייענען.

ובפרט מוטערס וואָס דאַרפן זייגן זייערע קינדער, כלומר דערציען זיי אין אידישן וועג, וואָס דאָס ווענדט זיך איבערהויפּט אָן אַ מוטער, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז מיט אַ פּוסטע אַ טרוקענע האַרץ קען מען ניט זייגן קיין קינד, דאַרום איז שבת געשטעלט אַז אפילו שטוב אַרבעט, ווי קאָכן, באַקן טאָר מען ניט, בכדי די פרוי זאָל זיין רואיק און קענען זיך אָנזעטיקן מיט די טייערע גאָטס־פּאָרכטיקע געדאַנקען פון מנורת המאור, פון מעשה אלפס און נאָך פיל הייליקע ספרים, זי זאָל נאָכדעם אַ גאַנצע וואָך האָבן צו זייגן און משפיע זיין אויף אירע ליבע קינדער, מאַכן זיי פאַר מענטשן און פאַר אידן, גוטע מדות אין זיי פאַרזייען, גאָט און לייט זאָלן זיך מיט זיי פרייען.

א) תלמיד, איצט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן די קשיא וואָס האָט מיך שטענדיק געאַרט, וואָרום האָט דער בורא ניט אָנגעהויבן באַשאַפן די

ויכל אלהים ביום השביעי, מיטן שבת האָט גאָט פאַרענדעקט זיין אַרבייט דאָס הייסט ער האָט צוגעפירט די גאַנצע בריאה צו איר ציל, און דאָס זעלבע דער מענטש מיט זיין רוען שבת פירט ער זיין אַרבייט (פון דער גאַנצער וואָך) צו איר ציל. ער ווייזט אַז ער אַרבעט נאָר כדי צו מקיים זיין דעם רצון הבורא, ווי די תורה זאָגט, „ששת ימים תעבוד ועשית כל מלאכתך", דיין מלאכה איז אַ סאָרט עבודה לשמים, דו ביסט מקיים דעם רצון הבורא, וואָס ער פאַרלאַנגט די וועלט זאָל זיין באַזעצט מיט אַלע סאָרטן מלאכות, מיט אַלע סאָרטן מסחור, והראיה זוי עס קומט שבת לייגסטו אַוועק די אַרבעט ווי דער בורא עולם ואדונו פאַרלאַנגט. איז דורך דעם רוען שבת פירט דער איד די אַרבעט פון אַ גאַנצער וואָך צו איר ציל. און בקצור ליגט דאָס אין וואָרט „ויכולו" (צום ציל געפירט) ד. ה. שמים וארץ וכל צבאם זיינען דורך דעם שבת צום ציל (געוואָרן) געפירט. ווי מיר זאָגן אין שמונה עשרה „תכלית מעשה שמים וארץ", דער שבת איז דער ציל פון דער גאַנצער בריאה. די חכמים זאָגן (שבת קיט), דער וואָס זאָגט „ויכלו" פרייטיק צו

---

שערי ציון

שדים אַ ווײַלע פריער אַז ער זאָל האָבן צייט אויף די גופים באַשאַפן? נאָר דאָס איז צו לערנען די וועלט אויף חדוש העולם, אַז ווי עס איז געקומען שבת און ער א״ז געוואָרן „אל שדי" (שאמר לעולמו די) ער האָט געזאָגט צו דער בריאה האַלט אָפּ, גענוג! האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, און זי רוהט ביז היינט, אַז אפילו די זאַכן וואָס זיינען געבליבן ניט פאַרענדיקט, זיינען ביז היינט ניט פאַרענדיקט „ואין כל חדש תחת השמש".

ר ב, אונזערע חכמים זאָגן אין אבות „שכר מצוה מצוה", פאַר דעם וואָס דו האָסט דאָס פאַרשטאַנען וועל איך דיר דערקלערן נאָך אַ געדאַנק אין דעם. עס טרעפט פיל מאָל אַז אַ מענטש הויבט אָן פרייטיק שפּעט אָן אַרבעט, למשל, ער פּוצט אָפּ אַ שוך און פאַרענדיקט ניט דעם צווייטן ביז עס ווערט שבת. איז דער דין ער מוז אויפהערן. וועט ער פילייכט זאָגן, ווי אַזוי זאָל איך געהן? איך וועל דאָך אויסזעהן ווי אַ שד, ווי אַ ניט גוטער. ווייזט מען אים, דער בורא האָט זיך אויך אַזוי געפירט, ער האָט אַוועק־געוואָרפן אין מיטן אַרבעט און עס איז טאַקע געבליבן שדים, ניט גוטע. און אויב ער הערט דאָס ניט און איז מחלל שבת (צו פאַרענדיקן די אַרבעט), האָבן די שדים אַ רעכטע טענה צו אים, פאַר וואָס זיינען מיר געבליבן אין מיטן באַשאַף? און זיי האָבן פאָלקאָם רעכט צו רעכענען זיך מיט אים.

תלמיד, ווי זאָל ער פאָרט טאָן, ווען ער שעמט זיך אַזוי צו גיין?

רבי, גלייכער צו דאַוונען אין שטוב איידער מחלל שבת זיין. דו זעסט דאָך אַז צוועלף מיליאָן אידן הערן ניט קיין שופר בלאָזן ר״ה ווען עס פאַלט אויס שבת, טאָמער וועט איין איד מחלל שבת זיין דורכן טראָגן דעם שופר.

נאכט ווערט ער א שותף צו הקב"ה במעשה בראשית. דאס ווערט דערקלערט דורך א משל. א גראף האט אויסגעבויט א גרויסע פעק־טארי, וואס ארבעט אויס טויזנטער ארטיקלען, און טראגט אריין מי־ליאנען אין פראפיט. האבן פיל גבירים אים מקנא געווען, זיי האבן געוואלט לפחות ווערן אקציאנערן. דער גראף איז אבער געווען א וועלט־ מיליאנער, האט ער ניט באדארפט קיין געלט־הילף און פאר־קויפן אקציעס, נאר מחמת גוטהערציקייט, איז ווי ער האט באמערקט אז פיל זיינען משתוקק צו ווערן אקציאנערן אין דעם מיליאניקן גע־שעפט האט ער ארויסגעלאזן אקציעס ביליקע בכדי דער קלענסטער סוחר זאל קענען ווערן אן אקציאנער און נעמען א טייל אין רווח. דער נמשל איז, דער בורא יחיד האט אויסגעבויט זיין וועלט־פאבריק מיט אן אייגענעם קאפיטאל (בדבר ה' שמים נעשו), נאר ווייל ער איז דער רב הסד האט ער ארויסגעלאזן ביליקע אקציעס, אז דער איד וואס זאגט זאגן „ויכולו" פרייטיק צו נאכט, דאס הייסט ער זאגט עדות אז די וועלט האט גאט באשאפן, ווערט ער אן אקציאנער, ער שלאגט זיך אריין אין א שותפות. דאס איז דער רמז „ויכלו" (חסר ו— ווי מיט א פתח) א) זיי האבן ביידע פארענדיקט, דער בורא עט קא., מיט די וואס האלטן זיינע אקציעס.

ויכל אלהים ביום השביעי, פריער האבן מיר געטייטשט ביום השביעי, מיט דעם זיבעטן טאג, כלומר, מיט דעם טאג שבת (דורך אים) איז געקומען די וועלט צו איר תכלית. עס לאזט זיך אבער טייטשן ביום השביעי אין דעם זיבעטן טאג, אז השי"ת האט עפעס געטאן דעם זיבעטן טאג און דאדורך האט ער געענדיקט מעשה בראשית. איז דאך א פראגע, וואס האט ער געטאן? איך קען ניט זאגן עניני הטבע (וואס געהער צו נאטירלעכקייט), שטעהט דאך „אין כל חדש תחת השמש" נאך די ששת ימי המעשה איז קיין זאך ניט נתחדש גע־ווארן, אלעס וואס מענטשן דערגייען און טוען אויף נייס, ווי באנען, טעלעגראפן, עלעקטרישע קראפט און באלייכטונג, איז נאר מען דערגייט די נאטירלעכע כחות וואס השי"ת האט באשאפן בששת ימי המעשה. דערקלערט די תורה, וואס האט ער געטאן שבת? וישבת

---

### שערי ציון

א) אין ספר תורה איז ניטא קיין נקודות, איז הגם עס איז איבערגע־געבן געווארן פון משה רבינו צו לייענען מיט א שורוק, גלייך ווי עס וואלט שטעהן ויכולו, נאר ווייל השי"ת האט געהייסן שרייבן ויכלו (חסרו) ליגט אין דעם א געדאנק, ויכלו, זיי אלע האבן פארענדיקט די וועלט. ווער זיינען דאס אלע? דאס איז השי"ת מיט זיינע אקציאנערן (די אידן וואס זאגן ויכולו מיט כונה).

ביום השביעי ער האָט צעשטערט (מלשון „תשביתו״ שאור מבתיכם) ער האָט אָפּגעשטעלט די הנהגה טבעיית און באַשאַפן אין הנהגה נסיית (אַן אַ־בערנאַטירלעכע הנהגה) וואָס זי איז למעלה מן השמש (העכער פון דער נאַטור), ווי מיר זעהן דעם שינוי הלשון, דאָ שטעהט „וישבות״ ביום השביעי און אין עשרת הדברות שטעהט „וינח״ ביום השביעי (נאָכן משל וואָס מיר שרייבן אין שערי ציון א) דאָס זאָגט די תורה „ויכל

---

שערי ציון

א) אין שטאָט פּ. איז געווען אַ גביר, אַ גרויסער נדיב. זיינע צדקות האָט ער געזייט איבערהויפּט ביים וואַסער (אשריכם זורעי על כל מים), דאָס הייסט, מפרנס געווען תלמידי חכמים אָבער מיט אַ גרונד. היינו, דער תלמיד חכם וואָס איז אים געפעלן אַז ער לערנט תורה לשמה און פירט זיך אויף מיט אַלע מדות ווי אַ תלמיד חכם דאַרף זיך פירן, האָט ער אים מספּיק געווען זיינע גאַנצע חיונה, בכדי ער זאָל קענען לערנען מיט אַ רואיקער קאָפּ. ער האָט אַזוי געקליבן אמת'ע תלמידי חכמים ביז אַ מנין און האָט זיי געגעבן יעדערן 10 רו״כ אַ וואָך. און אום דער סדר זאָל קענען אויביק עקזיסטירן, האָט ער אויסגעבויט אַ זיידן־פאַבריק און האָט אויסגערעכנט, אַז עס זאָל שטענדיק טראָגן רווח 100 רובל אַ וואָך. אַמאָל איז אים פאַר־געקומען אַ געדאַנק, אַ מענטש שטעהט דאָך ניט אויף איין שטאַנד, אַמאָל שטייגט ער אין גייסט און אַמאָל פאַלט ער חלילה, אַז די לומדים וועלן שטייגן אין התמדה און אין יראת שמים, אַז עס וועט זיין אַ גרויסער קדוש שם שמים וואָלט ער זיי וועלן מער מהנה זיין, אַ מענטש ווערט דאָך וואָס ווייטער אַ גרעסערער בעל הוצאה, עס האָדעווען זיך אונטער קינדער. און פאַרקערט פיליכט פאַלן זיי אין גייסט, אַז דער לערנען וועט זיין נאָר לפנים בכדי צו נעמען די שכירות, וויל ער אַזעלכע די 10 רו״כ אויך ניט געבן נאָר ווייניקער. איז בעת ער לעבט זעהט ער אַליין וואָס ער האָט צו טאָן, אָבער לאחר מאה שנה, אַז עס וועט איבערגעהן אין פרעמדע הענט, וואו וועט נעמען דער אויפזעער צו דערלייגן, און פאַרקערט חלילה אויב ער וועט וועלן פאַרקלענערן די געהאַלט וועט ווערן מחלוקת, זיי וועלן זאָגן וואָס האָט דאָס צו אייך? איר דאַרפט אונז אָפּגעבן וויפיל די פאַבריק טראָגט. האָט ער אויסגערעכנט אַ פּלאַן, אַז אין דעם מאָטאָר וואָס טרייבט די מאַשינען זאָל ער מאַכן אַזאַ שרייפעלע, און ער האָט פאַרטרויט דעם פאַרוואַלטער דעם סוד. בעת ער וועט זעהן אַז זיי לערנען פלייסיק זאָל ער אַ דריי טאָן די שרייפעלע אַזוי אַז דער מאָטאָר זאָל געהן שנעלער, וועלן זיך די מאַשינען דרייען שנעל וועט עס אויסאַרבעטן דאָפּלט סחורה, ממילא וועט זיין פּראָ־פיט 200 רו״כ אַ וואָך, זאָל מען זיי געבן צו 20 רו״כ אַ וואָך. און אויב ער וועט באַמערקן אַז זיי לערנען שוואַך נאָר לפנים, זאָל ער פאַרשרויפן די שרייפל וועט דער מאָטאָר געהן לאַנגזאַם, וועלן די מאַשינען אַרבעטן שוואַ־

אלהים ביום השביעי" זיין ארבעט האט ער פארענדיקט דעם זיבעטן טאג מיט דעם וואס וישבות ביום השביעי ער האט צושטערט די פאריקע הנהגה, היינו ער האט שבת באשאפן די שרייפעלע (די הנהגה הניסיית) וואס זי צעברעכט און צושטערט די הנהגת הטבע, די זון זאל זיך אפשטעלן (שמש בגבעון דום), דער ים זאל זיך שפאלטן. ויברך, ויקדש, דארום האט ער אים געבענטשט און געהייליקט, ווייל אין אים האט

---

שערי ציון

כער, וועט זיין דער פראפיט נאר 50 רו"כ א וואך, זאל מען זיי געבן נאר צו 5 רו"כ א וואך. זיי וועלן גאר נישט קענען האבן צום פארוואלטער, ווי־באלד די פעקטארי טראגט מער ניט ארייין.

דער נמשל איז, דער בורא האט באשאפן די וועלט אין 6 טעג און איר איינגעארדנט מיטן נאטירלעכן גאנג, וואס עס געהט פון אויבן אראפ, פון הימל אויף דער ערד (בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ), אין נאטירלעכן גאנג האט דער בורא פריער באשאפן די הימל נאכדעם די ערד, פון הימל געהט אויף דער ערד. דער נאטירלעכער גאנג געהער זיך ניט אן מיט די מעשים פון מענטשן, אויב מ'דאווענט, אויב מ'היט שבת אדער ניט. ווען עס דארף געהן רעגן געהט, ווען עס דארף וואקסן וואקסט. אויף דעם געהט „וינח ביום השביעי", שבת האט ער גערוט פון דעם עסק הבריאה וואס ער האט באשאפן אין די 6 טעג, דעם זיבעטן טאג האט דער בורא באשאפן די „הנהגה הנסיית", נאך די מעשים פון מענטשן, וואס עס געהט פון אונטן ארויף, די מעשים פון מענטשן פון אונטן זיינען מעורר אויבן צו גוטן אדער חלילה להיפך. דארום שטעהט נאך מעשה בראשית „בהבראם" (די אותיות „באברהם"), אז דורך דעם זכות הצדיקים פירט זיך „ארץ ושמים" פון אונטן ארויף, דאס הייסט א שרייפעלע צו פארגרעסערן אדער צו פארקלענערן די נאטירלעכע פירונג. ווי די תורה שרייבט, אויב איר וועט זיין גוט און פרום (יפתח ה' לך את אוצרו הטוב את השמים לתת מטר ארצך בעתו), וועט גאט אפשרויפן דעם שרייפעלע פון הימל־מאשין און עס וועט אייך געהן פון טיר און טויער, און אויב חלילה איר וועט אפקערן פון גוטן וועג אין א שלעכטע (ועצר את השמים ולא יהיה מטר), וועט ער פארשרויפן די שרייפעלע און די הימל־מאשינע וועט אויפהערן צו געבן רעגן און די ערד וועט אויפהערן צו געבן אירע פרוכט. איצט איז ביידע רעכט, די נאטירלעכע הנהגה האט דער בורא ב"ה באשאפן בששת ימי בראשית און געענדיקט פרייטיק (וינח ביום השביעי), אבער די „הנהגה הנסיית" וואס דאס איז דער עיקר תכלית הבריאה, אז פון דעם גוטן אויפפירונג פון מענטשן זאל מען דערקענען אז עס איז דא א בורא עולם, דאס האט דער בורא פאר־ענדיקט שבת.

ער געדט און צושטערט די נאַטירלעכע הנהגה, לעשות, צו טאָן נייס דורך דער הנהגה הניסיית. א)

ויברך ויקדש, גאָט האָט געבענטשט דעם שבת און אים געהייליקט. דער מדרש זאָגט, „ברכו באור פניו של אדם", השי"ת האָט אים געבענטשט אַז אין אים זאָלן לייכטן די געזיכטער פון מענטשן. דער איד וואָס איז זיך מכין צו שבת בקדושה באַקומט ער אַ „נשמה יתירה", אַ הייליקע מוט אַז ער פילט זיך גאָר אַנדערש. אַ טייל חכמים זאָגן „ברכו ביציאה" אַז די הוצאות וואָס שבת קאָסט זאָלן דערפילט ווערן (חוץ די קצבה וואָס איז באַשטימט ראש השנה). נאָך אַ פשט, „ברכו במטעמים", אַז די מאכלים וואָס מען מאַכט לכבוד שבת זאָלן בעסער שמעקן און זאָלן ניט פאַרשאַטן, הגם זיי זיינען קאַלטע פון נעכטן.— אַנטונינוס (רוימישער קרוין־פרינץ) איז געקומען אַמאָל אין ארץ ישראל, איז ער געווען שבת געלאַדן אויף אַ מיטאָג ביים נשיא (רבנו הקדוש), האָט ער געגעסן די קאַלטע תבשילין וואָס מ' האָט צוגעגרייט אויף שבת, עס האָט אים זעהר געשמעקט. נאָכדעם איז ער געווען געלאַדן אין מיטן וואָך האָט מען דערלאַנגט וואַרעמע פרישע געקאָכטע, זאָגט אַנטונינוס, שבת'דיקע קאַלטע האָט מיר מער געשמעקט ווי היינטיקע וואַרימע. ענטפערט דער נשיא אין היינטיקע שפייז פעלט אַ געווירץ (בשמים). פרעגט אַנטונינוס פעלט דען אין קייזערלעכן אוצר וואָס? כלומר, אויב אין דיין קיך האָט געפעלט דער געווירץ, האָסטו אים געזאָלט נעמען בא מיין קוך־מייסטער (מיטן פרינץ פאָרט מיט זיין קיך), ענטפערט דער נשיא, דעם געווירץ רופט מען „שבת". נו, האָט אים דען דיין קוך־מייסטער? — נאָך אַ פשט (זאָגט דער מדרש), גאָט האָט געבענטשט דעם שבת אַז דער וואָס איז אים מכבד באמת לשם שמים ווערט געבענטשט מיט עושר וכבוד (ברכת ה' היא תעשיר).ר' חייא בר אבא דערציילט (שבת קיט), אַמאָל בין איך פאַרפאָרן צו אַ גביר אין שטאָט לודקיא, ווי עס איז געקומען מיטאָג צייט, האָט מען אַריינ־

---

שערי ציון

א) דאָס איז דער געדאַנק „ושמרו בני ישראל את השבת", אידן זאָלן אָפּהיטן דעם שבת פון טאָן אַ מלאכה, פון מאכן געשעפטן, און מיט דעם וואָס זיי טוען אַ שריט קעגן דער נאַטור (ווייל די נאַטור איז דאָך וואָס מ'טוט מער האָט מען מער) מיט דעם וועלן זיי ווירקן „לעשות השבת", אַז שבת זאָל אָנהויבן צו טאָן זיין אַרבעט (וואָס אין אים איז באַשאַפן געוואָרן די הנהגה ניסיית) משפיע זיין שפע ברכה און פרנסה, הגם עס איז גאָר קיין אויסזיכט דאָ פון וואַנען זאָל קומען די ברכה.

געטראָגן א) אַ גאָלדענעם טיש, זעהר אַ גרויסן, וואָס 16 מאַן האָבן אים געדאַרפט טראָגן, און אַרום אים זיינען געהאַנגען זילבערנע קיי־טעלעך וואָס צו זיי איז געווען באַהעפט סערוויזן טייערע פון אַלער־האַנד פאַייאַנס, און אויסגעלייגט אַלע מיני שפייז און קענדיעס וואָס אַ מויל קען ריידן. נאָכדעם זע איך אַ נייס, ווי מען האָט אַוועקגע־שטעלט דעם טיש אויף זיין אָרט און צוגעריכט פאַר אַלע געסט פלעצער, האָט אַ קינד אויסגערופן מיט אַ הויכער שטימע, „לה׳ הארץ ומלואה״, בכדי דער גביר זאָל זיך ניט בגאוה האַלטן מיט זיין רייכקייט, ווייל עס איז נאָר אַ גאָטעס גאָב, און אויך צו דערמאָנען אַלע געסט אַז די גאַנצע וועלט מיט איר רייכקייט און פאַרגעניגן געהער אַלעם צום וועלט באַשעפער, און מען טאָר ניט רירן איין האָר (פון מלכות) וואו מען צאָלט ניט איין, ד. ה. אַ ברכה, אַ שבח והודאה געבן דעם באַשעפער וואָס׳ער האָט דאָס באַשאַפן. נאָכדעם האָט מען זיך געוואַשן און געמאַכט אַ ברכה און גגעסן די שענסטע און בעסטע וואָס די הארץ האָט געלוסט. ווי אַלע האָבן אָפגעגעסן און געלויבט השי״ת מיט ברכת המזון, ביים צונעמען דעם טיש, האָט מען ווידער אויסגעשריען „השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני אדם״, ד. ה. עס זאָל אייך געהן אין קרעפטן, עס זאָל אייך זיין צו געזונט, איר האָט יעדערער געגעסן כשר׳ע אייגענע פאַרדינטע, איר האָט יעדערער איינגעצאָלט פאַר דער שפייז אין הימל־קאַסע מיט אַ ברכה ראשונה ואחרונה. די אורחים זיינען געווען זעהר צופרידן מיט די איידעלע ווערטער (והמפייסו מתברך בי״א). איך (זאָגט ר׳ חייא) בין זעהר צו־פרידן געווען פון דעם איידעלן שטאַט, און האָב באַ זיך געטראַכט דאָס איז דאָך אַ זעלטענע זכיה, אַזאַ רייכקייט און אַזאַ איידעלע און גוטע אידישקייט. דער מענטש מוז עפעס האָבן אַ זעלטענעם זכות, איך האָב זיך מיט אים פונאַנדער גערעדט וועגן זיין ביאָגראַפיע אום צו וויסן אויב ער איז אַ געבוירענער גביר אָדער אַן אויפגעקומענער, און דער גיין זיינע מדות. — איך בין געווען אַן איינפאַכער בעל הבית (ענטפערט דער גביר) איך האָב געהאַנדלט מיט קיה און האָב געפירט מיין מסחר זעהר אָרענטלעך. מיין יאָ וואָרט איז געווען הייליג, ווייל איך האָב שטענדיג געהאַלטן דעם הייליקן שבת אין זינען, איך האָב אים אַלע טאָג דערמאָנט (היום יום א׳ בשבת וכו׳), האָט ער מיר דער־הויכטן מיינע געדאַנקען צו האַנדלען אָרענטליך, אָן שום ערמה ומרמה (שווינדלעריי), ווייל איך האָב געוואוסט, איך לעב אויף אַ וועלט

*) אַזוי איז געווען די מאָדע פאַרצייטן. זיי האָבן געהאַט פיל דינער־שאַפט, פלעגט מען צוגרייטן דעם טיש אין קיך און אריינטראָגן אַ צוגעפוצטן אין זאַל און נאָכן עסן צוריק ארויסטראָגן.

וואָס אויף איר איז דאָ אַ בעל הבית וואָס ער ליבט דעם ריינעם אמת (עיניך הלא לאמונה, אמונים נוצר ה', כי תועבת ה' כל עושה עול), און אַז איך האָב ריכטיק דערקענט, אַז די עראינערונג פון שבת מאַכט מיר ליכטיק מיין וועג (כמ"ש נר לרגלי דבריך ואור לנתיבתי), האָב איך גע־קראָגן אַזאַ ליבשאַפט צו שבת, אַז איך האָב אים צוגענומען פאַר אַ שותף צום געשעפט. למשל אַז איך האָב געקויפט אַ פעקל רינדער, האָב איך גלייך אָפּגעקליבן די שענסטע און בעסטע און האָב מיט גרויס פאַרגעניגן געזאָגט: „דאָס זאָל זיין אויף שבת פאַר מיר און פאַר לייטן". כ'האָב זיך שטענדיק געפרייט מיט דער טייערער מתנה פון השי"ת (מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה), און וואָס מער איך האָב זיך געפרייט מיט דער מתנה פון שבת, האָט השי"ת מיר מוסיף געווען מתנות (און מתנות א). איך האָב געקראָגן אַ גרויסן נאָמען ביי אַלע פריצים אַרום, און זיי האָבן ליב געהאַט מיט מיר צו האַנדלען, זיי פלעגן מיר אַוועקגעבן די גרעסטע פאַרטיעס סחורה נאָר בלויז אויף מיין וואָרט, אָן שום אויפגאָב אפילו, ווייל זיי האָבן גוט געוואוסט אַז מיין „יאָ וואָרט" איז טייערער ווי גאָלד. און איך האָב באמת געהיט מיין וואָרט, ווייל דער דעראינערונג פון שבת פלעגט מיר דערמאָנען אַז אַ וואָרט איז אַ גרויסע זאַך, מיט אַ וואָרט האָט השי"ת באַשאַפן הימל און ערד (בדבר ה' שמים נעשו), און אַם ענדע האָט ער באַשאַפן דעם מענטשן און אין אים אַריינגעבלאָזן אַ נשמה

---

### שערי ציון

א) ביי אַ גרויסן שר אַ נדיב לב, וועלכער האָט פיל פאַמיליעס אויס־געהאַלטן מיט אַלעם גוטן, האָט איינער געבעטן אַ מתנה. — יאָ יאָ (ענטפערט דער שר) איך וועל דיר געבן מיטן בעסטן פאַרגעניגן, נאָר פריער וויל איך מאַכן אַ חקירה ודרישה אויב דו האַלסט בכבוד די טייערע מתנה וועלכע איך האָב דיר מיט אייניקע יאָר צוריק געגעבן. אויב דו שעצט מיינע מתנות. איז מיר זעהר אַנגענעם צו געבן דיר ווייטער און ווייטער. און אויב ניט, זאָג דו אַליין? דאָס גלייכן בעטן מיר ביי השי"ת, וואָס ער איז דער מקור הנדיבות והרחמים, אַ גאַנצן צעטל מיט מתנות: „שתתן לנו חיים ארוכים, חיים של טובה, חיים של פרנסה" א. א. וו. (אין יהי רצון פון שבת מברכין), ענטפערט דער בורא ב"ה: מיינע ליבע קינדער! מיר איז זעהר איינגענעם צו געבן אייך פיל מתנות, נאָר איך וועל פריער זעהן צי האַלט איר בכבוד די טייערע מתנה פון שבת (מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה), וועל־כע איך האָב אייך פון לאַנג אָן געגעבן. דער וואָס האַלט שבת בכבוד און איז פאָרזיכטיק עס ניט מחלל צו זיין, דער איז זוכה צו אַלע מתנות וברכות, ווי מיר זאָגן „לקראת שבת לכו ונלכה כי היא מקור הברכה", שבת איז דער קוואַל פון אַלע מתנות וברכות.

„חלק אלוה ממעל", דאַרף דער נברא זעהן צו פאַרגלייכן זיך צום בורא. קורץ דערפון, איך האָב פון זיך אַליין באַמערקט ווי ווייט דער געדאַנק פון שבת האָט מיר אויסגעאיידלם אַלע געפילן און ליכטיק געמאַכט אַלע וועגן און מיך געפירט צו אַן אונגאַטירלעכער הצלחה, אַז צייט איינציקע יאָר האָב איך זיך דערוואָרבן אַ גרויסן קאַפּיטאַל מיט גאָלד און זילבער, ווי אייערע אויגן זעהן.

„אשריך שזכית לכך", וואויל איז צו אייך וואָס איר האָט זוכה געווען צו אַזאַ גדולה! „וברוך המקום" און געלויבט איז השי"ת וואָס האָט אייך מזכה געווען צו דעם (ענטפערט ר' חייא), ווי אמת און ריכטיק עס זיינען די רייד פון דער תורה הקדושה „לדעת כי אני ה' מקדישכם", די מתנה טובה פון שבת פאַרהייליקט דעם מענטשן אין אַלע זיינע וועגן.

דער מדרש שרייבט, אַ רוימישער מיניסטער (טורנוסרופוס) האָט געפרעגט ר' עקיבא, מיט וואָס איז דער טאָג שבת אַן אויסנאַם מער פון אַלע טעג, אַז איר אידן גיט אים אַזויפיל כבוד? ענטפערט ר' עקיבא, מיט וואָס ביסטו אַן אויסנאַם פון אַלע מענטשן? זאָגט טורנוסרופוס, ווייל דער קיסר האָט מיך גרויס געמאַכט. ענטפערט אים ר' עקיבא, אַז דיך האָט אַ מלך בשר ודם גרויס געמאַכט, גיבן דיר אַלע אָפּ כבוד, היינט שבת וואָס דער וועלט קעניג האָט גרויס געמאַכט, ווי דאַרף מען אים שוין אָפּגעבן כבוד! פרעגט טורנוסרופוס, פון וואַנען ווייסטו אַז היינט איז דער זיבעטער טאָג, וואָס שטעהט ביי אייך אין דער תורה? פיליכט אין פאַרלויף פון דער צייט איז ער פאַרגעסן געוואָרן און באמת איז עס גאָר אַן אַנדער טאָג? ענטפערט ר' עקיבא, מיר פאַר זיך האָבן געענוג עדות, אַז דער טאָג איז ניט פאַרביטן א), נאָר אויב דו פאַרלאָזט זיך ניט אויף עדות, און אויב דו

---

שערי ציון

א) אויף אַ גרויס אַרטיקער חתונה איז געקומען אַ גאַסט. געהט ער אַריין אין קיך און זאָגט צו דער אַלטער קעכן, „מז"ט אייך כלה!" פרעגט אים אַ צווייטער, ווי אַזוי פאַלט דאָס אייך אוים צו רעכענען די אַלטע פרוי פאַר דער כלה? ענטפערט ער, ווי איז דאָס אַ חתונה אָן אַ כלה? — קומט נאַרישער מענטש (זאָגט אים יענער), איך וועל אייך ווייזן די כלה, און ער ציינט אים ווי זי זיצט אויף דעם טייערן טשער מיט אַ בוקעט אין האַנט און אַלע ברייד־שוועסטער אַרום איר. — ווער זאָגט דאָס אַז זי איז די כלה? (פרעגט דער גאַסט). — אויב איר זיינט בלינד און זעהט ניט אַליין, פרעגט ביי אַלע מחותנים וועט איר הערן ווער די כלה איז, ענטפערט אים יענער. —נו, און וואָס איז אַז זיי וועלן מיר שוין זאָגן, זאָגט דער גאַסט, איך גלויב טאַקע אַז עס איז דאָ אַ כלה, ווייל אָן אַ כלה איז קיין חתונה ניט, אָבער

הוילסט זעהן מיט די אויגן קען איך דיר ווייזן. באַ אונדז איז כשוף פאַרבאָטן, אָבער איר ברויכט דאָך כשוף, פרוביר דורך די בעלת אוב ריידן מיט אַ טויטן א) ווער ווסטו זעהן אַז אַ גאַנצע וואָך געהט איך

---

## שערי ציון

אַז דאָס איז די כלה שטעהט ניט געשריבן אויפן שטערן.

אויב אייך, מיינע טייערע, איז א וואונדער, ווי קומט עס ביי איצטיקע קלוגע צייטן אַזאַ אידיאָט, אַזאַ עזעל קאָפּ? קומט מיט מיר וועל איך צייגן, נאָט לייענט אַ בריף פון אמעריקע מיט אַזאַ אינהאַלט: ליבער פאָטער, דאָס וואָס דו שרייבסט אַז דו קענסט ניט פאָרן צו אונדז, ווייל אין אמעריקע ווערסטו מוזן אַרבעטן שבת, און שבת איז באַ דיר זעהר טייער. יאָ, עס איז, שבת איז באַ אונז אויך טייער, דאָס איז אַ מצוה וואָס שטעהט אין דער תורה און אין עשרת הדברות, אָבער וואו שטעהט דאָס אין דער תורה וועלכער טאָג איז שבת? באַ אייך אין ליטע איז שבת שבת, און באַ אונז אין אמעריקע איז זונטיק שבת. (אַזעלכע רייד האָבן מיר שוין געהערט פון פיל אונוויסנדע). זאָגט, האָט איר ווען געהערט אַזאַ נאַרישע פראַגע! וואו שטעהט אין דער תורה וועלכער טאָג איז שבת? די תורה שטעלט אונז אַז זעקס מאָל הונדערט טויזנט עדות זאָגן וועלכער טאָג איז שבת, און די 600,000 עדות האָבן ניט איין מאָל געזעהן, נאָר 2,000 מאָל, 40 יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיי געזעהן צו 50 מאָל אַ יאָר, אַז אַגאַנצע וואָך איז געגאַנגען מן פון הימל און שבת ניט, אַנשטאָט דעם איז געגאַנגען פרייטיק דאָפּלט אויף שבת, האָבן מיר אויף דעם 600,000 עדות וואָס האָבן דאָס געזעהן מיט זייערע אויגן און איבערגעבן פון איין דור צו דעם אַנדערן. ווייל זינט אידן זיינען אַריין אין ארץ ישראל ביז היינט, האָבן מיר ניט אויפגעהערט צו היטן שבת, ווען אויך עס זיינען געווען בכל דור ודור מחללי שבת, אָבער דער גרעסטער טייל האָט דאָך געהיט, און אפילו די מחללי שבת גופא האָבן דאָך אויך געוואוסט אַז היינט איז שבת. און ניט אַזוי אידן אַליין נאָר פילע פעלקער זיינען עדות אויף דעם. דער טאָג שבת רופט זיך אָן מיט דעם זעלבן וואָרט כמעט אויף אַלע שפּראַכן, „סאַבבאַטה", „סובאָטאַ" א. א. וו. היינט אַז מיליאָנען מענטשן זאָגן „לכה דודי לקראת כלה", אַז דאָס איז די כלה, קומט אַן אייזל־קאָפּ און געהט אין קיך און זאָגט צו דער קעכן: „מז"ט דיר כלה, מז"ט דיר זונטיק!" וואָס איז ער בלינד און זעהט ניט ווי אין דער תורה שטעהען 600,000 עדות, און איז טויב און הערט ניט ווי די גאַנצע וועלט מחותנים זאָגן אַז דאָס איז די כלה. אך, ווי גליקלעך איז דער וואָס לערנט די תורה הקדושה, זי איז מאירת עינים ומחכימת פתי.

א) ווי אין תנ"ך (שמואל א כח) ווערט דערציילט, אַז שאול המלך ביי מלחמת פלשתים איז אים זעהר שלעכט געוואָרן, דער רוח הקודש האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים, איז ער פאַר נויט געגאַנגען צו א כשוף־מאַכערן (בעלת

דער טויטער אָבער שבת ניט. — אַמאָל האָט טורנוסרופוס געדאַרפט ריידן מיט זיין טויטן פאָטער, האָט די בעלת־אוב אַ גאַנצע וואָך גע־קאָנט אויפברייננגען זיין פאָטער אָבער שבת ניט. אויף מאָרגן (זונטיק) האָט ער אים ווידער אויפגעבראַכט. נאָכן טויט ביסטו געוואָרן אַ איד און היטסט שבת? (פרעגט ער דעם פאָטער), אַ גאַנצע וואָך ביסטו אַרויף דורך די בעלת־אוב און שבת ניט? — ענטפערט דער פאָטער דער וואָס היט ניט שבת מיטן גוטן ווילן, אויף דער וועלט, מוז דאָ היטן ניט ווילענדיק. וואָס הייסט איר רוהט שבת? איר האָרעוועט דען אַ גאַנצע וואָך (פרעגט טורנוסרופוס)? יאָ אַ גאַנצע וואָך ווערן מיר גע־משפט און שבת רוען מיר (ענטפערט דער פאָטער) א).

---

## שערי ציון

**אוב) זי זאָל אים אויפברייננגען שמואל הנביא, האָט זי אים אויפגעבראַכט און שאול המלך האָט בא אים געפרעגט אן עצה ווי ער זאָל זיך באַגעהן.**

א) תלמיר, איך האָב געהערט אַז די 7 טעג פון וואָך איז ווי אַ מנורה פון זיבן רערן, שבת שטעהט אין מיטן (נר מערבי), פון איר רעכטע זייט איז מיטוואָך, דאָנערשטיק, פרייטיק (זיי רופן זיך פאַר שבת), און פון איר לינקער זייט איז זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק (זיי רופן זיך נאָך שבת), וואָס באַדייט דאָס, דאַכט זיך די 6 טעג געהן גלייך, נאָכדעם שבת?

רב, דאָס ווערט דערקלערט דורכן מאמר חז״ל, שבת האָט געטענה׳ט פאַרן רבש״ע, צו אַלע טעג האָסטו געגעבן אַ בן זוג, היינו זונטיק מיט מיט־וואָך זיינען אַ פּאָר, כלומר די ליכט וואָס איז באַשאַפן געוואָרן זונטיק איז אויפגעהאַנגען געוואָרן מיטוואָך אין דעם לייכטער (די זון) — די וואַסער וואָס איז פאַנאַנדער געטיילט געוואָרן מאָנטיק, האָבן דאָנערשטיק אַרויס־געגעבן אַלערליי פיש און פויגלען, איז דאָנערשטיק מיט מאָנטיק אַ פּאָר — די ערד וואָס זי האָט דערשיינט דינסטיק (ותראה היבשה) און איז אָנגע־קליידט געוואָרן מיט אַ גרינעם אָנצוג, האָט באַקומען פרייטיק אירע באַ־וואוינער, די בעלי חיים (חיות ובהמות) און נאָכדעם דעם מענטשן, איז פרייטיק דער בן זוג פון דינסטיק — פון שבת הויבט זיך אָן אַ נייע וועלט, אין אים איז באַשאַפן געוואָרן די געטלעכע דערשיינונג אויף דער וועלט (הנהגה נסיית), דער מענטש זאָל דורך איר באַקענען זיין באַשעפער, איז אין דעם זינען איז ער (שבת) צוריק דער יום ראשון, און זעהר אַ וויכטיקער, וואָס גיט נייע ליכט, ליכט פון גאָטעס וויסענשאַפט, ער האָט אָבער קיין בן זוג, עס פעלט ווער עס זאָל טראָגן זיין געטלעכע ליכט! האָט השי״ת איר געענטפערט, ישראל וועט זיין דיין בן זוג, זיי וועלן טראָגן דיין גייסטלעכע ליכט, זיי וועלן מיר מאַכן דערקענען אין דער וועלט, זיי וועלן שטעהן אויף דער וועלט־סצענע און שרייען צו אַלע פעלקער: באַטראַכט און זעהט די גרויסע וואונדערלעכע וועלט־מאַשינע, את השמים ואת הארץ, די הימלען

אלה תולדות, דאָס איז די געבורט פון הימל און ערד „בהבראם" א) אין זייער באַשאַפן ווערן ביום מיט דעם טאָג וואָס גאָט דער האַר האָט באַארבעט די ערד און הימל. דאָס הייסט, די פיל וועלט קינדער וואָס געפינען זיך אין גרויסן וועלט־פּאַלאַץ. למשל, מיר זעהן אַ זאַנג פּוּ

---

### שערי ציון

מיט אַלע זייערע פּלאַנעטן אָן אַ צאָל, די ערד מיט אירע מיליאָנען יצורים, האָט עס (אלקים) דער קראַפט וואָס פּאַראייניקט אַלע כחות באַשאַפן (בראשית) אין די ערשטע סעקונדע פון דער צייט. און דורך אַזעלכע מענטשן וואָס מאַכן דערקענען דעם כבוד פון גאָט איז די וועלט געקומען צו איר ציל. היינט אַז שבת איז דער תכלית מעשה שמים וארץ, הייסט ער דער פּאַרמיטלער, כלומר ער שטעהט אין מיטן און שליסט צוזאַמען די לעצטע דריי טעג מיט די ערשטע. ווען ניט שבת וואָלט די וועלט ניט קומען צו איר תכלית, וואָלט פאַנאַנדער געטרענט ווערן זייער פאַרבינדונג.

**תלמיד**, ביים יום שלישי וואָס די ערד האָט זיך אָנגעקליידט מיט גרינסן און פרוכט ביימער, איז מיר אַ גרויסע פראַגע. די אַלע וועלדער וואָס מיר האַקן פון זיי ברען־האָלץ און מאַטעריאַל־האָלץ, וואו ווערט דערמאָנט אַז דער בורא האָט געהייסן די ערד זי זאָל דאָס ארויסגעבן?

**רב**, די נוצן (פּראָפיטן) וואָס מיר נעמען פון אַ זאַך רופן זיך „פּירות". דאָס זאָגט די תורה, דער בורא האָט געהייסן די ערד זאָל אַרויסגעבן „עץ פרי", ביימער וואָס די נוצן זייערע (פּירות) איז נאָר דער בוים אַליין, דאָס איז וועלדער. נאָכדעם „עושה פרי" ביימער וואָס אויף זיי וואַקסט פרוכט, און אַזוי האָט די ערד געטאָן. זי האָט אַרויסגעגעבן עץ (פרי) עושה פרי (דער וואָרט פרי פון ענדע געהט אויף ביידע), און דאָס וואָס די תורה שרייבט ניט דייטלעך עץ (פרי) עושה פרי — **איז מרמז אויף דעם דרש חז"ל**, אַז אין איין זאַך האָט די ערד ניט דערפילט ריכטיק גאָטעס פאַרזאָג, **ווי מיר האָבן געשריבן אויבן.**

א) **תלמיד**, וואָרום איז דער ה פון בהבראם אַ קליינינקער?

**רב**, ווייל קוקנדיק אויף דער נאַטור ווי זי אַרבעט שטענדיק איר אַרבעט מיינען פיל מענטשן, אַז זי איז אַליין דער מעכאַניק, די זון אַליין איז דער פאָטער פון די תולדות, זי גיט וואַרעמקייט, זי גיט שפייז־קראַפט אין אַלע געוואוקסן, אָבער דאַדורך בלאָנדזשען די מענטשן אַראָפּ פון גלייכן וועג און גיבן כבוד דער זון אַז זי איז דער שפייזער און דער וועג ווייזער. גאַנץ ווייניק מענטשן לייגן צו די קאָפּ צו באַטראַכטן אַז די קראַפט פון דער זון איז שוואַך ווי אַ נקבה. דער כח אירער איז נאָר וואָס דער בורא עולם איז אין איר אַלע טאָג משפיע (לעושה אורים גדולים), דאָס איז די מליצה, דער ה' (סימן נקבה) וואָס באַצייכנט אַז די אייגענע קראַפט פון דער זון איז שוואַך ווי אַ נקבה. די באַמערקונג איז זעהר אַ קליינע, גאַנץ ווייניק

מיט קערנער דאָס איז אַ קינד פון הימל און ערד, די מוטער (די ערד) האָט אים אויסגעטראָגן און אויסגעהאָדעוועט און דער פאָטער (דער הימל) האָט געגעבן רעגן, לופט, וואַרימקייט און אַ שפּייז-קראַפט. זאָלן מיר ניט רעכענען אַז די הימל און ערד זיינען דאָס די פועלים (מעכאַניקער) פון דעם זאַנג, זיי האָבן אים באַשאַפן? ניין! זיי (הימל און ערד) זיינען אַליין „נפעלים" (באַשאַפענע) פון דעם גרויסן וועלט-מעכאַניק, דער בורא עולם. אין ששת ימי המעשה האָט ער באַשאַפן זייער נאַטירלעכן גאַנג, און דאַרום שטעהט אין אַנדערן האַלבן פסוק ארץ פריער נאָכדעם שמים, צו ווייזן אַז אין דער „הנהגה נסיית" (וואָס איז באַשאַפן אום שבת) איז אומגעביטן די סצענע. אין דער הנהגת הטבע איז דער הימל דער פאָטער (משפיע) און די ערד די מוטער (מקבלת השפעה), אָבער די הנהגה פון ה' אלהים, די איבערנאַטירלעכע וועלכע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן שבת, וואָס זי ווענדט זיך אָן די מעשים פון מענטשן, ווערט די וועלט דער פאָטער (דער משפיע לויט די מעשים פון מענטשן) און דער הימל די מוטער, זי איז מקבל די השפעה און גיט נאָכהער אַראָפּ אויף דער וועלט. דער מענטש איז „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה" און די „מלאכי אלהים" וואָס ווערן באַשאַפן פון זיינע מעשים טובים „עולים" געהן אַרויף אין הימל און גיבן פון דאָרטן שפע ברכה אויף דער וועלט. כי לא המטיר ה' אלהים, די תורה דערציילט ווי דער וועלט-פּאַלאַץ האָט זיך גענומען צוגרייטן מיט גרויס הכנה צו דעם וויכטיקן גאַסט, דעם אָבער-דירעקטאָר אויף דער וועלט-באַנק. הגם די ערד איז שוין געווען באַדעקט מיט איר גרינע קלייד (גראָז) און מיט בוימער, אָבער שיח ב) השדה (דער וואַקסטום) זיי זאָלן

---

ש ע ר י  צ י ו ן

מענטשן באַמערקן דאָס. דער ערשטער פון די וואָס האָבן עס פאַרשטאַנען איז געווען אברהם אבינו. דאָס איז די מליצה, די אותיות „בהבראם" איז די זעלבע וואָס „באברהם". און בזכות אברהם, וואָס ער האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר דעם אידעאַל האָבן מיר אידן זוכה געווען, אַז השי"ת האָט אונז אַלעמען מגלה געווען אַז ער איז דער בורא עולם ומחדשו. דאַרום דאָס (וואָס פאַנגט זיך אָן צו באַשרייבן די היסטאָריע פון מענטשן) קומען ביידע שמות, דער שם הוי' (וואָס באַצייכנט דעם געדאַנק „מהוה כל הוה", ער האַלט שטענדיק די וועלט-מאַשינע אין זיין האַנט, קערעוועט איר נאָך די מעשים פון מענטשן) צוזאַמען שם „אלקים", וואָס באַצייכנט נאָר, אַז ער איז דער בורא הטבע („אלהים" בגמטריא „הטבע").

א) דער וואָרט „ש‍ׂיח" (כח הצמיחה, וואַקסטום) לייגט זיך סיי אויף נאַטירלעכע וואַקסן, די ערד טרינקט זיך אָן מיט וואַסער און זעטיקט די קערנער און וואָרצלען וואָס אין איר איז פאַרזייט, זיי זאָלן קוועלן און

וואַקסן און גרעסער ווערן איז נאָך ניט געווען, ווייל עס האָט געפעלט דער רעגן, וואָס אים איז גאָט משפּיע ניט צוליב דער ערד נאָר צוליב דעם מענטשן א) ער זאָל באַאַרבעטן די ערד, ציען פון איר זיין לעבטס־

שערי ציון

וואַקסן, און סיי אויף גייסטליכן וואַקסן. דאַרום רופט זיך „תפלה" מיטן אויסדרוק „שיח" (ויצא יצחק לשוח בשדה), ווייל די סגולה פון תפלה איז, דער נפש טרינקט זיך אָן (מנחל עדנים) מיט הייליקע געפילן פון דבקות והתקשרות בקדושה (ירויון מדשן ביתך ונחל עדנך תשקם) דאָמיט מאַכט זי פייכט די כחות הנפש, עס זאָלן שפּראָצן און וואַקסן גוטע געדאַנקען און מדות טובות.

א) בנוהג שבעולם א גוט־באַזיצער האַלט אַן עקאָנאָם און טרוי׳ט אים אָן אַלע שליסלען פון די שפּייכלערס, אָבער די הויפּט־שליסלען האַלט דער בעל הבית אונטער זיין האַנט און בעת מ׳דאַרף עפנט ער אליין. אַזוי פירט זיך כביכול דער וועלט גוט־באַזיצער (קונה שמים וארץ), אַלע שליסלען טרוי׳ט ער אָן זיין שליח, כלומר די נאַטירלעכע הנהגה וואָס ער האָט באַשאַפן בששת ימי בראשית, אָבער די דריי הויפּט־שליסלען, „מפתח של גשמים" די ערד זאָל קענען אַרויסגעבן אירע פּרנסה, „מפתח של חיה" די פּרוי זאָל קענען אַרויסגעבן פרי בטנה, „ומפתח של תחיית המתים" די ערד (אם כל חי) זאָל אַרויסגעבן דעם פּקדון וואָס מ׳האָט באַהאַלטן בא איר (הקיצו ורננו שוכני עפר) — די דריי שליסלען האָט ער ניט אַרויסגעגעבן פון זיין האַנט. דאָס הייסט, הגם דער רעגן פון וואַנען דער רעגן קומט האָבן די חכמי הטבע דערגאַנגען, אָבער אין „וועלכער צייט" דער רעגן וועט געהן, און אין „וועלכן אָרט" און אין וואָסער אופן ער וועט געהן, ווי מיר בעטן „לברכה ולא לקללה, לשובע ולא לרזון", דאָס קענען די חכמי הטבע פאַר קיין פאַל ניט אויסרעכנען, ווייל דאָס איז ניט איבערגעגעבן געוואָרן צו דער הערשאַפט פון עולם הטבעי, דאַרום שטעהט, „כי לא המטיר ה׳ אלקים" ווייל דאָס ליגט אונטער דער הערשאַפט פון עולם המוסרי, וואָס דער שם ה׳ נקרא עליו. ווי די תורה שרייבט, „אם בחוקותי תלכו ונתתי גשמ כם בעתם", חלילה „פּן יפתה לבבכם וסרתם וחרה אף ה׳ ועצר" כו׳ — און דאָס גלייכן דעם טאָג ווען די מוטער וועט געבוירן דעם קינד און אויף וועלכן אופן דער האָבן וועט זיין, שווער אָדער גרינג, קען קיין דאָקטאָר ניט אויסרעכנען, און אויך תחיית המתים, דאָס איז נאָר בעת שתעלה רצון מאת הבורא ית״ש. אונזערע הכמים זאָגן א גוט וואָרט. מה דאָך א פּקדון וואָס מען באַהאַלט שטילערהייט, עפנט ער אויף און גיט אָפּ מיט קולי קולות (מז״ט, מז״ט! די פרוי האָט געבוירן אַקינד). היינט א פּקדון וואָס מ׳באַהאַלט בא דער מוטער (אם כל חי) מיט קולי קולות פון וויינען און קלאָגן, א פשיטא אַז ער וועט עפענען און אָפּגעבן בקולי קולות פון פרייד און גרויסע מז״ט וואָס וועט זיין בעת תחיית המתים במהרה בימינו.

מיטל, אַז מיט די קערפּטן זאָל ער קענען דינען דעם בורא עולם און מיט דעם וועט ער פירן די גאַנצע בריאה צו איר תכלית. דערציילט די תּורה ואד יעלה מן הארץ אַז די ערד האָט זיך אָנגעטרונקען פון די „אדים“, די פּאַרע וואָס גייט אַרויף פון דער ערד (אַזוי ווי אַ טוי) אָפּצוּווייקן די גאַנצע פלאַכע פון דער ערד און זי ווייך מאַכן, און דאַן האָט גאָט צוזאַמענגענומען ביסלעך פייכטע ערד א) פון גאַנצן ערד קוגל, אַזוי ווי דער מענטש רופט זיך „עולם קטן“ (קליינע וועלט) און די וועלט רופט זיך „אדם הגדול“ (דער גרויסער מענטש), זי האָט אַ קאָפּ דאָס איז ארץ ישראל (ראש עפרות תבל) און אַלע גלידער ווי אַ מענטש (טבור הארץ, רגלי הארץ, ערות הארץ), זאָגן אונזערע חכמים אַז די קאָפּ פון אדם הראשון האָט גאָט גענומען פון עפר ארץ ישראל און אַ גרויסן טייל פון קערפּער האָט ער גענומען פון בבל וואָס בבל שטעהט אין אַ טאָל אַזוי ווי דער קערפּער איז נידעריקער פון קאָפּ ב)

---

## שערי ציון

א) תלמיד, פאַרוואָס בא אַלע בעלי חיים שטעהט ויצר ה׳ מן „האדמה“, און ביים מענטשן שטעהט „עפר“ מן האדמה?

רב, יעדע זאַך וואָס איז מחובר צום שורש, צום מקור האָט עס מער קראַפט ווי ווען עס איז אָפּגעריסן פון מקור, למשל, מ׳זאָל אויסגראָבן אַ גרוב לעבן אַ טייך און אריינציען וואסער פון טייך, ווען עס איז נאָך מחובר צום טייך אפילו מיט אַ קליינעם שנירעלע וועט די וואסער פון גרוב ניט מכולה ווערן, ווען אָבער מ׳טיילט איר אָפּ אין גאַנצן פון טייך ווערט זי מכולה. עס איז אַ סברה אַז די וואסער וואָס איז אויסגעשעפּט בערך 12 שעה איז שוין ניט צום בעסטן פאַרן קעסל פון אַ לאָקאָמאָטיוו פון אַ טריין (די פּאַרע פון איר וועט שוין ניט האָבן אַזאַ קראַפט ווי ווען געפּאָמפּעט גלייך פון קוואַל). דארום בא אַלע בעלי חיים וואָס זיינען באַשאַפן פון „אדמה“ וואָס איז מחובר צום כדור ליגט אין זיי אַ גרויסע חומריות, אָבער צום מענטשנס קערפּער האָט דער בורא אָפּגעשיידט די ערד פון כדור. „אדמה“ רופט זיך בעת זי איז מחובר און „עפר“ רופט זיך בעת זי איז אָפּגעשיידט (ומה דכתיב ואדמה על ראשו, יש בו דרש לחז״ל), בכדי עס זאָל זיך אויסוועבן די גראָבע חומריות און גשמיות, זיין קערפּער זאָל זיין איידל און נעענטער צו רוחניות.

ב) מיט די הייליקע רייד פון חכמי התלמוד, אַז אדם הראשון איז געווען זיין קאָפּ פון ארץ ישראל און די גרעסטע טייל פון גוף פון בבל, פאַרשטייען מיר די אידישע געשיכטע. בעת די אידן זיינען געגאַנגען בדרך התורה והמצוה, דאָס הייסט אין קאָפּ זיינען געווען איידעלע הימלישע געדאַנקען און זייער גוף איז געווען נכנע צום קאָפּ, דער תכלית פון זייערע געשעפטן און אַרבעט איז געווען די קאָפּ זאָל זיין רואיק צו תורה און יראת שמים,

און אזוי האָט ער גענומען ביסלעכוויים פון יעדער טייל (גליד) ערד און האָט אויסגעקנאָטן אַ פיגור פון אַ מענטשן. איז דער מענטש געלעגן אויף דער ערד ווי אַ שטיק ליים, ויפח באפיו, האָט גאָט אים אריינגעבלאָזן אין די נעזלעכער אַ נשמת חיים, אַ נשמה וואָס זי האָט פריער אויך געלעבט און געטאָן פיל גייסטלעכע אַרבעט, ויהי האדם, דורך דער נשמה איז דער מענטש געוואָרן אַ לעבעדיקער וועזן. ניט ווי אַלע בעלי חיים וואָס די ערד האָט אַרויסגעגעבן זייער קערפּער מיט זייער נשמה, דאַרום איז זייער לעבהאַפט געבונדן מיטן קערפּער, אַז דער קערפּער ענדיקט זיך, ווערט כלה (אויס) זייער זעלע אויך. אָבער דעם מענטשנס נשמה געהער ניט צום קערפּער, זי געהערט צו דער געטלעכקייט. דאָס איז ווי צוויי שותפים, ברצון הבורא האַלטן זיי זייער שותפות אויף אַ באַשטימטער צייט, נאָכדעם שיידן זיי זיך, בלייבט דער קערפּער באַזונדער ווי ער איז געוועזן פריער אַ שטיק ליים, און די געטלעכע נשמה מיט דעם נפש חיה (דאָס זיינען די מדרגות אין דער נשמה—נפש, רוח, נשמה, חיה, יחידה) באַזונדער און געהן אַוועק צו זייער אָרט (אין צרור החיים) ביז דער באַשטימטער צייט, וואָס דאַמאָלסט וועט צוריק געשלאָסן ווערן די אויביקע שותפות וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט צורייסן. נאָך אַ פשט איז לנפש חיה, אַז דורך דער הייליקער נשמה וואָס גאָט האָט אריינגעבלאָזן אין אדם'ן איז אדם געוואָרן דער „נפש חיה" (די לעבהאַפט) פון דער גאַנצער בריאה, דער אָבער־דירעקטאָר פון דער וועלט־באַנק, וואָס באַלעבט אַלע חלקי הבריאה (די מעמבערס פון דער באַשאַף).

אונזערע חכמים זאָגן דער „וייצר" וואָס ביים מענטשן שטעהט מיט צוויי יודן (ביי אַלע בעלי חיים שטעהט ויצר מיט איין יוד) ווייזט אַז דער בורא האָט באַשאַפן דעם מענטשן דאָפּלט, איין יצירה אויף

---

### שערי ציון

איז ממילא אין גרויסן מענטשן (אין דער וועלט) אויך געווען ארץ ישראל (אידישע מלוכה) די קאָפּ פון דער וועלט, און בבל מיט אַנדערע מדינות זיינען געווען נכנעים צו אידן (צום קאָפּ). אָבער ווען אידן האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגעהן פון דרך התורה און זיך אריינלאָזן אין לוקסוס און תאוות, אַז דער עיקר איז געוואָרן באַ זיי דער קערפּער (שטאָפּן אין בויך) און די קאָפּ איז געוואָרן נכנע צום גוף (טראַכטן פלענער ווי צו כאַפּן געלט נאָכצוגעבן די תאוות הגוף) דאָס הייסט דער גוף האָט חרוב געמאַכט די קאָפּ (ונתיישב העולם בחורבן שכלנו) האָט אין גרויסן מענטשן (די וועלט) אויך אַ הויב געטאָן דער גוף (נבוכדנצר מלך בבל) און האָט חרוב געמאַכט ירושלים (די קאָפּ), מדה כנגד מדה (עיין בסדור תפלה „מעשה אלפס" סוף אז ישיר ועלו מושיעים בהר ציון).

איצט און די צווייטע אויף די תחיית המתים, מ׳זאָל ניט מיינען אַז תחיית המתים וועט זיין אַ נייע בריאה (און דאָס קען דאָך ניט זיין ווייל „אין כל חדש תחת השמש״). ניין, דאָס ליגט אין טבע הבריאה, אַזוי ווי פריער האָט דער בורא אויסגעקנאָטן פון ליים אַ פיגור פון אַ מענטשן און אַריינגעבלאָזן אין אים אַ נשמה, אַזוי צו דער צייט פון תחיית המתים וועלן צוזאַמען קומען די אַטאָמען (די ברעקלעך שטויב) פון זיין קערפער וואָס איז פונאַנדער געשפּרייט אין אויר, סיי ער איז צעפוילט אָדער פאַרברענט געוואָרן (פאַרלאָרן ווערט קיין זאַך ניט, נאָר פאַרשפּרייט אין אויר), וועט דאָס השי״ת צוזאַמענקלייבן און אויפשטעלן צוריק יעדער איינציקן קערפּער און אַריינגעבן אין אים זיין אויסגעלייטערטע נשמה, וועט ער לעבעדיק ווערן און וועט געדיינקען אַלעם וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, אַזוי ווי איינער שטעהט אויף פון שלאָף. - אויך ווייזן די 2 יודין אויף די צוויי יצירות (יצר טוב ויצר רע), אַזוי ווי דער יצר טוב איז נויטיק אין מענטשן, אַזוי איז אויך נויטיק דער יצר הרע, ווייל דורך אים קומט דער מענטש צום עולם הבא. אויך ווייזן די 2 יודין, אַז איין יצירה איז אויף דער וועלט, און די צווייטטע יצירה איז אַז דער מענטש זאָל נאָכדעם זוכה זיין דורך זיינע מעשים טובים צום עולם הנצחיי.

ויטע, גאָט האָט געפלאַנצט אַ לוסט-גאָרטן בעדן, אין מזרח זייט פון דעם אָרט עדן א) און האָט דאָרטן באַזעצט דעם אדם וואָס ער האָט באַשאַפן. דאָס לערנט אונז, אַז ווען די מענטשן וואָלטן זיך אויפפירן ווי גאָט האָט געבאָטן, וואָלט די גאַנצע וועלט פאַר זיי געווען ווי אַ גן עדן, זיי וואָלטן לעבן אַ גליקלעכן צופרידענעם לעבן. ויצמח, אין לוסט-גאָרטן האָט גאָט געפלאַנצט אַלע טייערעביימער וואָס איז ליבלעך צום אָנזעהן און געשמאַק צום עסן און דעם „עץ החיים״ (אַ בוים פון לעבן) וואָס זיינע פרוכט האַלטן אויף דעם לעבן האָט ער געפלאַנצט אין מיטן גאָרטן און אויך דעם בוים פון פאַרשטאַנד

---

## שערי ציון

א) „עדן״ איז דער טייטש „באַפרידיקונג״, דאָס איז אַזאַ אָרט וואָס פאַרשאַפט דעם מענטשן זעלטענע פאַרגעניגן, אַז דער מענטש געפינט זיך העכסט באַפרידיקט, און דעם ליבן גרויס-געשעצטן אָרט אין דער וועלט האָט נאָך קיין מענטש ניט אָנגעזעהן (עין לא ראתה), אדם הראשון איז נאָר געווען אין גן אָבער ניט אין עדן. ווען ער וואָלט היטן גאָטס געבאָט און וואָלט קונה שלמות זיין אין גן, וואָלט גאָט אים נאָכהער אַריינברייגגען אין עדן און זיין פאַרגעניגן וואָלט זיך פאַרמערט פון טאָג צו טאָג, אָבער איצטער ווי ער האָט פאַרזינדיקט, איז געבליבן דער „עדן״ נאָר פאַר די גרויסע צדיקים לעתיד לבא, זיי וועלן באַזוכן דעם גרויסן פאַרגעניגנדן אָרט.

(זיינע פרוכט גיט פארשטאנד). ונהר און אַ שטראָם וואַסער פליסט פון עדן אַנטרינקען דעם לוסט גאָרטן (דער שטראָם הייסט „פרת"), און ביים ענדע גאָרטן האָט ער זיך געענדיקט און איז אַריין טיף אין דער ערד און פון ד'רערד (גאַנץ ווייט פון גאָרטן) איז ער אַרויס אין פיר ערטער וואָס זיינען איצט פיר גרויסע טייכן. איין טייך הייסט „פישון" וואָס רינגלט אַרום די גאַנצע לאַנד „חוילה" וואָס דאָרטן גראָבט מען די גוטע גאָלד און דאָרטן וואַקסט טייערע בשמים (בדולח) און פינקל־שטיינער. דער צווייטער טייך הייסט „גיחון" ער רינגלט אַרום די לאַנד כוש, דער דריטער הייסט „חידקל" ער פליסט פאַר אשור (קדמת כמו לפני), און דער פערטער איז דער „פרת" ער פליסט פון ארץ ישראל נאָך בבל. נמצא אַז די אַלע ברכות וואָס די פיר לענדער זיינען געבענטשט דורך די טייכן וואָס שטראָמען אַרום זיי. די אַלע טייערע זאַכן האָבן זיך געפונען אין לוסט־גאָרטן און זיין עיקר פליסן איז געווען אַנצוטרינקען דעם גן, נאָר פון דאָרטן האָט ער זיך פאַרשפרייט אין דער וועלט. אַזוי איז שטענדיק די השפעה געהט פון הימל נאָר צוליב דעם גרויסן צדיק און אויף זיין טיש (פון צדיק) ווערט גע־שפייזט די גאַנצע וועלט א).

ויקח, גאָט האָט גענומען אדם'ן מיט גוטע רייד און האָט אים אַריינגעפירט אין גן־עדן, ווייל פריער איז אדם געווען דבוק צו השי"ת און האָט גאָר ניט געלוסט עסן, ער איז געווען זאַט פון זיו השכינה ווי אַ מלאך, האָט גאָט אים גענומען מיט גוטע רייד, מען דאַרף זיין אַ מענטש אויך, מ'דאַרף עפּעס טאָן אין דער וועלט. לעבדה, באַאַר־בעטן די ביימער זיי זאָלן גוט וואַקסן, ולשמרה, און היטן זיי זאָלן ניט מכולה ווערן, דאָס איז אַ גאַנץ לייכטע אַרבעט, דאָס וועט דיר ניט שטערן צו דיינע דבקות, די צייט פון אויפּפּאַסן (היטן) ביסטו דאָך רואיק, וועסטו קענען עוסק זיין אין חכמת אלהות. אפילו די קורצע צייט וואָס מ'באַדאַרף באַאַרבעטן, קענסטו מיט די הענט אַרבעטן און דער מוח קען טראַכטן אין הכמה. ויצו, גאָט האָט באַפוילן דעם אדם לאמר ער זאָל דאָס איבערגעבן (חוה'ן און זיינע קינדער), אַז פון אַלע ביימער פון גאָרטן זאָלסטו שטענדיק עסן, נאָר פון דעם עץ הדעת זאָלסטו ניט עסן „פון אים", ווייל אין דעם טאָג וואָס דו וועסט עסן „פון אים" ביסטו אַ מחויב מיתה (באַשולדיקט אַ טויט שטראָף) ב).

---

## שערי ציון

א) כמ"ש כל העולם כולו ניזן בשביל (בדרך, כמו שביל היחיד) חנינא בני, ועיין בהעמק דבר שמבאר שיש ללמוד מזה הליכות האדם.

ב) תלמיד, וואָס באַדייט די דאָפּלטע ווערטער „מות תמות", און אויך ער איז דאָך ניט געשטאָרבן דעם זעלבן טאָג?

ויאמר, גאָט זאָגט, עס איז ניט גוט דאָס דער מענטש זאָל זיין **אַליין,** ד. ה. הגם אַלע ברואים זיינען דאָך זכר ונקבה, **אָבער זיי פירן ניט** קיין פאַמיליען־לעבן, דער זכר איז באַזונדער און די נקבה באַזונדער, ווען דער מענטש וועט זיך אויך אַזוי פירן הייסט דאָס ניט גוט. **איך** וועל פאַר אים מאַכן **אַ** געהילף וואָס זי וועט שטענדיק זיין **אין זיין** געגנוואַרט. פון דעם איז געדרונגען, דער וואָס האָט ניט קיין פרוי צו לעבן מיט איר אַ טרייען פאַמיליען־לעבן, דער רוהט אָן גליק, אָן פרייד, און אָן פרידן. נאָך זאָגן אונזערע חכמים, עס שטעהט „עזר" (אַ הילף) און עס שטעהט „כנגדו" (קעגן אים), ווען דער מענטש איז זוכה באַקומט ער אַ פרוי וואָס איז מיט אים, זי פערשווינט זיין געזונט, בעת עס מאַכט זיך די צייט ניט צום בעסטן טרייסט זי אים, זי פאַסט אויף די שטוב, פאַסט אויף די קינדער, דערציט זיי אין גוטע מדות. און ווען ער איז ניט זוכה קריגט ער אַ פרוי וואָס לויפט אום שטענדיק אין פרעמדע הייזער, און זיין שטוב פירט זיך ווי אַ שיף אָן אַ רודער, און עס ווערט אַ תל פון אים און פון זיינע קינדער. גיב און גיב, רייסט זי אים די הויט, אַז עס איז אים ביטער ווי דער טויט.

ויצר, גאָט האָט מכניע געווען (אונטערטעניק געמאַכט) אַלע חיות און פייגל (אונטערן מענטשנס האַנט) און האָט זיי געבראַכט צו אדם, אדם זאָל באַטראַכטן זייערע כאַראַקטערן און די נוצן וואָס יעדער בעל חי ברייגנט, צו באַשטימען וואָס פאַר אַ נאָמען עס פאַסט פאַר יעדערן.שרייבט די תורה אַז גאָט האָט מסכים געווען אויף די נעמען וואָס אדם האָט זיי געגעבן, נאָך זיין רגש נאָך וואָס ער (אדם) איז אויך אַ נפש חיה, הגם צו פאַרשטעהן דעם גאַנצן אמת (וואָס יעדע

---

**שערי ציון**

רב, דער שטראָף פון אַ רוצח נפש איז מיתה, דאָס איז אַלעס ווען ער טוט במזיד, ווען אָבער בשוגג, האָט די תורה פאַרביטן זיין טויט שטראָף אויף גלות. דעריבער ווייל אדם האָט זיך מתנצל געווען, אַז די פרוי האָט אים געגעבן, דאָס הייסט, ווען די פרוי גיט דעם מאַן אַ שטיקל פלייש, דאַרף ער דען פרעגן צי דאָס איז פון אַ כשרה'ער יאַטקע? אַז זי גיט אים, מן הסתם איז כשר. היינט אַז די פרוי האָט מיר געגעבן מהסתם איז דאָס כשר, הייסט ער אַ שוגג, האָט גאָט אים נאָר געשטראָפט מיט גלות (אַרויסגעשיקט פון גן עדן), דאָס איז רמוז אין „מות תמות", פאַרשידענע טויט שטראָפן, מיתה ממש אָדער גלות וואָס איז אין פיל זאַכן גלייך ווי דער טויט. ובפרט אַרויס־שיקן פון גן עדן איז פילייכט מער צער ווי דער מענטש שיידט זיך פון דער וועלט. אויך איז דער „מות תמות" מרמז אויף שטאַרבן ביסלעכווייס, אַלע טאָג אַביסל, ווייל אַ מענטש שטאַרבט ניט מיט איין מאָל, נאָר יעדער יאָר שטאַרבט ער איין זיבעציקסטן טייל פון זיין לעבן.

זאַך איז נוציק) איז דעם מענטשנס פאַרשטאַנד צו שוואַך, דאַך איז אַ חלק פון אמת אויך אמת. פון דעם לערנען מיר אַז דעם כּוח הדעת, וואָס דער בורא האָט איינגעאַטירט אין מענטשן (אתה חונן לאדם דעת), גיב דער מענטש האָט אים ניט פאַרפּלעקט מיט זיין תאוה, ווייזט אים דער דעת אַז עס איז דאָ אַ בורא וואָס האָט באַשאַפן די גרויסע וועלט מיטן מענטשן, און הגם וויסן אַלעם דייטלעך קען דעם מענטשנס פאַרשטאַנד ניט דערגרייכן, דאַך אויף דעם גרויסן חלק פון אמת, וואָס דער ריינער רגש שפּירט, קען מען זיך גאַנץ זיכער סומך זיין. ויקרא, ווי אדם האָט דאָ דורכגעבליקט די אַלע טויזנטער ברואים און האָט ניט געפונען פון די קליגסטע פון זיי איינע וואָס זאָל קענען זיין אַ צוותא (אַ חבר) מיטן מענטשן, ויפּל א), האָט גאָט אַרויפגעוואָרפן אַ האַרטן שלאָף אויף אים, און אָפּגעשניטן איינע פון זיינע זייטן און האָט דעם אָרט דערפילט מיט פלייש און אויסגעבויט די זייט ב) (אויסגעפורעמט) אין דער פיגור פון אַ פרויענצימער, און האָט איר אויסגעצירט, פאַרפּוצט די לאָקן זי זאָל זיין שיין, און האָט איר אַריינגעפירט צו אדם, אַזוי ווי די אונטערפירער ברייגנען די כלה אונטער דער חופה צום התן. אַזוי האָט השי״ת געמאַכט אַ חופה צו אדם (אין

## שערי ציון

א) די גמרא זאָגט ביים שלאָף שטעהט „ויפל״, דאָס איז פון לשון „מפלה״, ווייל דער מענטש ליבט פיל שלאָפן איז דאָס אַ מפלה (אַן אומגליק) ער פאַרוואַנדלט זיך פון אַ מענטש אויף אַ בהמה, ער נעמט די צייט וואָס דאָס איז די טייערסטע זאַך אין דער וועלט (מען קען עס ניט קויפן פאַר כל הון דעלמא) און ברייגנגט אוים אין גאַרנישט. מען דערציילט אויף אַ געוויסן קייזער וואָס ער פלעגט זעהר ווייניק שלאָפן. האָט מען אים געפרעגט, וואָרום אַלע מלכים שלאָפן עד שלש שעות און דו ניט? האָט ער געענטפערט „איך וויל אַז מיין קעניגרייך זאָל דויערן וואָס לייגנער, און בעת מיין שלאָפן בין איך ניט קיין קעניג.״ דאָס זאָגט דוד המלך „עורה כבודי״ איך באַמיע זיך מיין עהרע זאָל באַשטיין אין וואַך זיין, ווייל דאַן בין איך אַ מלך, ניט ווי די מלכי אומות העולם, וואָס זייער עהרע באַשטעהט אין שלאָפן, שטיל, רואיק! דער מאַנארך שלאָפט!

ב) די אותיות „הצלע״ איז די זעלבן פון „לעצה״, ווי די חז״ל זאָגן, „ויבן את הצלע״ (לשון הבנה), השי״ת האָט געגעבן אין דער אשה דעם כח הבנה שטאַרקער ווי ביים איש (דאָרום ווערט די אשה צו 12 יאָר אַ בת עונשין און אַ זכר צו 13 יאָר), ווייזט די אותיות „לעצה״, אַז די עצה פון דער אשה צום מאַן איז שטאַרקער ווי דעם מאַנס עצה צו דער אִשה. ווי דער ילקוט ברייגנגט אַ מעשה. אַ צדיק האָט געהאַט אַ פרוי אַ צדקניות, האָבן זיי זיך אין גוטן מוט געשיידט צוליב קינדער האָבן. האָט ער חופה געהאַט מיט

גן עדן) און האָט אים געבראַכט אַ שיינע כלה. די מפרשים שרייבן, דאָס וואָס דער בורא האָט געוואָרפן אַ שלאָף אויף אדם'ן בעת ער האָט געמאַכט חוה'ן איז אַ רמז, ווייל מצד השכל קומט דאָס פאַר זעהר שווער, פאַרדרייען זיך אַ קאָפּ, נעמען אויף זיך די לאַסט פון אַ פרוי און קינדער, און ווידער דאָס איז אַ גרויסער ביטול צום לער־נען, הגם זי איז „עזר" (אַ הילף) אָבער דאָך „כנגדו" (קעגן שכל און קעגן רצון). אַלזאָ האָט ער אויף אים אַרויפגעוואָרפן אַ שלאָף, צו לערנען דעם מענטשן, אַז ווי עס קומט די צייט פון נעמען אַ פרוי, דאַרף מען זיך מאַכן ווי שלאָפעדיק, ניט צופיל חקירה'נען זיך, ווי וועט מען לעבן? קוים האָט מען נאָר אַ שטיקעלע טאַלאַנט אָדער אַ געשעפט דאַרף מען האָפן צו השי"ת אַז ער וועט שפייזן מיט דער ווייב און קינדער. און מען זאָל ניט זוכן קיין פאַרדינערקע. עס איז שוין אָך און וויי דעם מאַן וואָס דאַרף געשפייזט ווערן פון דער ווייבס האַנד. חוה האָט געגעבן איין מאַלצייט צו אדם הראשון, האָט זי אים אומגליקלעך געמאַכט לדור דורות. דאָרום האָט השי"ת באַשאַפן די אשה פון אדם'ס זייט, ווייל מיט אַלע גלידער קען אַ מענטש פאַרדינען לעבנס מיטל. איינער פאַרדינט מיט זיין אויג, איינער מיט זיין מויל, איינער מיטן האַנט, איינער מיטן קאָפּ, איינער מיט זיינע פיס, אָבער מיט די זייטן פאַרדינט קיינער ניט. דאָרום האָט ער באַשאַפן די אשה פון זייט צו ווייזן אַז אַן אשה דאַרף זיין אַ צנועה (ווי דער זייט איז פאַרדעקט בצניעות), אַ ווירטן אין שטוב און אַ מוטער צו די קינדער, און ווען די אשה ווערט די פאַרדינערקע רופט זיך דאָס „דער מאַן אַרבעט מיט די זייטן". ער דאַרף זיין אַן אַם און אַ קעכן. ויאמר האדם, ווי אדם האָט דערהערט איר שטימע, זאָגט ער „אָט די קלינגענדיקע שטימע איז פון מיינע ביינער". ווי די חכמים זאָגן, דאָרום איז באַ דער אשה די שטימע דינער און קלינגענדיקער ווי באַ דעם מאַן, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן פון ערד און זי פון ביין א), ווען מען קלינגט

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

אַ פרוי ניט אַ פרומע, האָט זי אים געמאַכט פאַר אַ רשע, און זי פאַרקערט האָט גענומען אַ מאַן ניט קיין פרומען, האָט זי אים געמאַכט פאַר אַ צדיק. זעהן מיר אַז די הנהגת הבית ווענדעט זיך ע"פ רוב אָן דער אשה, ווען זי איז אַ פרומע קען זי דעם מאַן אויך איבערמאַכן. די חז"ל זאָגן אַז אין שטור־ביקע זאַכן זאָל דער מאַן אַלע מאָל פרעגן אַן עצה באַ דער פרוי, ווען די פרוי איז אַ נידעריקע בויג זיך איין צו איר און האָרך איר אויס.

א) די גמרא שרייבט, וואָרום איז די פרוי שווערער איבערצובעטן ווי דער מאַן, ווייל ער איז באַשאַפן פון ערד, און ווען מען גיסט עטוואָס וואַסער אויף דעם ווערט עס גיך ווייך. אָבער אויף ביין קענסטו גיסן פיל וואַסער

אויף אַ ביין איז די שטימע דינער און הילכיקער ווי מען קלינגט אויף ערד. לזאת יקרא אשה, איר נאָמען זאָל זיין „אשה” ווייל זי איז גענומען פון „איש”. פון דאַנען איז געדרונגען אַז די ערשטע שפּראַך וואָס דער בורא האָט געלערנט דעם מענטשן איז „לשון הקודש”, און די וואָס שרייבן מיט דער שפּראַך נאַרישע ביכלעך איז זייער פאַרברעכן דאָפּלט. על כן, ווייל די אשה איז אַ טייל פון מאַן, איז בעת מען נעמט אַ פרוי דאַרף מען זיך שיידן פון די עלטערן, דאָס הייסט נעמען פאַר זיך אַ וואוינונג און לעבן מיט דער פרוי ווי איין לייב און זעל.

אונזערע חכמים מאַכן אַ גרויסן פּאַראַד פון ערע געבן אַ פרוי. זיי זאָגן די מליצה „ווען דיין פרוי איז אַ נידעריקע, בייג זיך איין און האָרך צו אירע רייד”, און נאָך פיל וויכטיקע מאמרים וועגן דעם. אונזערע חכמים זיינען עפּעס געוואָרן, ווי מען זאָגט, „היינט וועלטיקע” וואָס האַלטן זעהר שטאַרק פון „דאַמען רעכט”. אַלזאָ געפינען מיר פאַר נויטיק דאָס צו דערקלערן, אַז „דאַמען רעכט” איז טאַקע אַ וויכטיקע זאַך, אָבער ניט אין דעם זינען פון די פּוסטע פראַנטן, וואָס פּאַטערן דאָס אָפּ נאָר מיט שטעלן דער דאַמע אַ טשער צום קאַדריל טאַנין, זיי האָבן געהערט עס קלינגט עפּעס אַ וואָרט „דאַמען רעכט” און ווייסן ניט וואָס; די ריכטיקע דערקלערונג גיבן אונז די חכמים אונזערע (די אמת'ע אדל־לייט), זיי לערנען אונז (ב"מ נט): „אוקירו לנשייכו” ניט ערע אייערע פרויען, ווייל דעם אויביקנס ברכה אין אַ אידישער הויז איז נאָר צוליב דער אָרענטלעכער פרוי. די אורזאַך פון דעם דערקלערן זיי אין איינקע ווערטער „איש ואשה

---

## ש ע ר י  צ י ו ן

ווערט עס ניט ווייך. אויך שרייבן אונזערע חכמים, וואָרום דריקט זיך אויס די תורה מיט דעם לשון „כי יקח איש אשה” אַז אַ מענטש וועט נעמען אַ פרוי, ווי באַלד ער קען דאָך איר ניט מקדש זיין אָן איר ווילן דאַרף דאָך שטעהן „כי תלקח אשה לאיש” אַז אַ פרוי וועט גענומען ווערן צו אַ מאַן? ענטפערט די גמרא מיט אַ משל. איינער האָט פאַרלאָרן אַן אבדה, ווער זוכט וועמען? דער בעל אבדה זוכט די אבדה. היינט אַז דאָ האָט דער מאַן פאַרלאָרן אַ זייט דאַרף ער זוכן זיין אבדה. דארום איז דער דרך ארץ ווען חתן כלה דאַרפן זיך זעהן, געהט דער חתן צו דער כלה. דאָס איז אַ מחאה (אַ פּראָטעסט) קעגן די אונאַרטיקייט פון אַנדערע פרייליגס, וואָס לויפן אום אין פרעמדע הייזער צו פאַרברייננגען מיט בחורים. הגם זיי נעמען פאַר זיך אַ כסות עינים, אַז זיי גייען נאָר צו זיינע שוועסטער, דאָס איז אָבער מער ניט ווי אַ תירוץ. נאָך דעם שטאַט (דרך ארץ) פון אונזער איידעלער תורה דאַרף אַ אידישע טאָכטער ניט אומלויפן אין פרעמדע הייזער.

שכינה ביניהם", אין דעם וואָרט „איש" געפינט זיך איין בוכשטאַב פון דעם עהייגנס נאָמען, דאָס איז דער „יוד" א) און אין דעם וואָרט „אשה" איז דער צווייטער בוכשטאַב, דער „ה", צוזאַמען איז דאָס (י"ה) דעם אויבערשטענס נאָמען וואָס מיט דעם האָט ער באַשאַפןביידע וועלטן (כי ביה ה' צור עולמים, עוה"ז ועוה"ב), די דערקלערונג פון דעם איז אַזוי.

פאַרלייפיק איז צו פרעגן, וואָרום האָט דער עוויגער באַשאַפן אדם הראשון אַם ענדע פון אַלע באַשעפענישן? דאַכט זיך ווען ער וואָלט אים באַשאַפן לפחות דאַנערשטיק פרי, אַז ער וואָלט זעהן מיט זיינע אויגן ווי דער בורא ב"ה האָט באַשאַפן אַלע סאָרטן פויגלען, אַלע סאָרטן פיש און ברואים פון ים, נאַכהער פרייטיק פרי וואָלט ער זעהן ווי דער עוויגער באַשאַפט טויזנטער סאָרטן בהמות און חיות, וואָלט ער דאָך זיין אַ מאמין אין גאָט ב"ה, און זעהר פרום זיין, און ניט קומען צו קיינע אומגליקן וואָס די שוואַכקייט אין אמונה ברענגט דעם מענטשן? — דער ענטפער אָבער איז איינפאַך, אַז אין דער אמת איז דאָס ניט קיין פלאַן. ווען דער מענטש וואָלט אַלעס האָבן געזעהן מיט די אויגן, וואָלט ער דאָך מוזן גלויבן און מוזן פרום זיין, דאַן וואָלט ער ניט געווען ניט קיין „מענטש", נאָר אַ „מלאך" אָן אַ בחירה, פאַר וואָס וואָלט אים קומען שכר? דער ציל פון השי"ת איז, עס זאָל זיין אַזאַ באַשעפעניש וואָס האָט מיט די קערפערלעכע אויגן גאָר ניט געזעהן, נאָר מיט די שכל'דיקע אויגן זאָל ער דערקענען, אַז עס איז דאָ

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

א) דער יוד, וואָס ווייזט אויף הימל־זאַכן (עוה"ב) איז מרמז אַז ער דאַרף איבערהויפּט זיין אַריינגעטאָן אין הימל־זאַכן (תורתו קבע ומלאכתו ארעי). און איר נאָמען „אשה" איז דער „ה" צו ווייזן אַז איר עסק איז איבערהויפּט צרכי הבית וישוב העולם, און אין דעם (אין מילי דעלמא) דאַרף דער מאַן איר געהאָרכזאַם זיין (אתתך גוצא גחין ותלחוש לה ואוקימנא במילי דעלמא (ב"מ נה), דאַן וועט דער בורא זיי מצליח זיין, ווייל דער ה' וואָס איז מרמז אויף עוה"ז איז נקבע אין איר נאָמען. נאָך איז צו באַמערקן אַז דער יו'ד פון זיין נאָמען איז אַריינגעזעצט אין מיטן, צו ווייזן אַז „עיניו שמ'ם" דאַרפן געהיט ווערן ווי די אויגן אין קאָפּ, אַ שמירה מבפנים ומאחור, ווייל דער יוצ"ה שפרינגט אַרום אין אַלע זייטן אַרויסכאַפּן פון מענטשן די מצוות ומעש"ט (ווי מיר בעטן והסר שטן מלפנינו ומאחרינו) אָבער דער ה' וואָס ווייזט אויף וועלטלעכע זאַכן איז נקבע בא איר באַם סוף, צו ווייזן אַז דער מענטש זאָל ניט מאַכן פון דעם גרויסן פּאַראַד, דאָס דאַרף זיין ביים מענטשן די לעצטע זאַך, אַ טפל און דער עיקר איז חפצי שמים, דינען השי"ת.

אַ באַשעפּער א), און דער ריינער פאַרשטאַנד זאָל אים אָפּהאַלטן פון די שמוציקע זאַכן, וואָס זיין אייזעלע (דער חומר) געלוסט צו טאָן. דער בורא ב"ה וויל דאָך אָבער אויך, עס זאָל דעם מענטשן לייכטער זיין צו געהן אין אמת'ע גוטע וועגן, און טייטלען אים מיטן טייטל ווי אַ קליינעם קינד „אָט זע אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער" לוינט דאָך ניט (ווי מיר האָבן דערקלערט), האָט דער בורא געמאַכט אַ טייערן פלאַן. ער האָט אים ניט געוויזן און דאָך געוויזן (אָנווייזנדיק מיטן טייטל פון ווייטן), מיט דעם דרך: אַלע ברואים האָט ער באַשאַפן גלייך זכר ונקבה, נאָר דעם מענטשן האָט ער באַשאַפן איינזאַם, אָבער מיט אַ שטיק נותר (איבעריקס) מאַטעריאַל, וואָס פון דעם נותר האָט ער פאַר זיינע אויגן באַשאַפן זיין פרוי. נאָר אום זי זאָל אים ניט זיין אומאַנגענעם, ווי בעת די קעכן מאַכט דעם קוגל, ווען מען זאָל זעהן מיט די

---

### שערי ציון

א) אַ גרויס געלערנטער איז אַמאָל אריין אין אַ קייזעלעכער ביבליאָטעק, האָט ער געפונען אויפן טיש אָנגעשריבן זעהר אַ קלוגע און שאַרפזיניקע ליד. ער איז זעהר ענטציקט געוואָרן פון די קלוגע און טיפע געדאַנקען. וועלכער קאָפּ־מענטש האָט אָט די קלוגע ליד אָנגעשריבן? פרעגט דער חכם ענטציקט, איך בין זעהר גערן צו וויסן דאָס, איך וואָלט לויפן און אים אַ קוש טאָן אין קאָפּ — דאָס האָט קיינער געשריבן, ענטפערט אים דער ליבערערי מאַן קאַלטבלוטיק, נאָר אַ טינטער האָט זיך· אויסגעקערט אויפן פאַפיר, פון דעם איז די דאָזיקע ליד געוואָרן. — אָה, וועה! לויפט געשווינט און כאַפּט אַ טעקסי — שרייט דער חכם — לאָמיר פירן דעם נאַרישן יונג אין משוגעים הויז, לייגן אים אייז צום קאָפּ. אַ מענטש וואָס האָט מאַרך אין מוח פאַרשטעהט אַז ווען אַ טינטער טינט קערט זיך אויס, ווערט נאָר אַ גרויסער פלעק אָבער ניט קיין בוכשטאַבן מיט אַליד. דאָס גלייכן אַז מען באַטראַכט די חכמה פון דעם באַשאַף, ווי אַלע טויזנטער פאַרשיידענע כחות שטרעבן צו איין ציל, ווי אַ גאַנצער כאָר מוזיק, וואָס אַלע פאַרשיידענע טענער שליסן זיך צוזאַמען און עס זינגט אַ הערלעכע אָפּעראַ, זעהט מען דאָך אַז עפּעס אַ דיריזשאָר אַ קינסטלער האָט די אַלע טענער איינגעשטימט. קומען די דומע קעפּ, וואָס ווילן זיין אויסגעטאָן פון גאָט און פון לייטן, און דערלויבן זיך צו זאָגן, אַז די קונציקע וועלט (וואָס די גרעסטע פילאָסאָפן און נאַטורפאָרשער האָרעווען טויזנטער יאָרן און קענען ניט דערגעהן צו איר גרונט), אַז דער קלוגער שאַרפזיניקער וועלט שיר איז געוואָרן פון זיך אַליין, פון אַ בלינדן טינטער (די טבע), וואָס האָט זיך איבערגעקערט. נו! וואָס זאָגט איר מענטשן מיט מאַרך? דאַרף מען זיי ניט אָנטאָן אַלעמען משוגעים־העמדלעך און אַראָפּלאָזן אין אַ ים פון אייז, עס זאָל זיי קילן דעם מוח און אַרויסשלאָגן די משוגעת?

אויגן ווי זי קנעט און קייקלט אים מיט די הענט, וואָלט עפּעס זיין ניט אַזוי אַנגענעם, עס קען מאַנכע מאָל כאַפּן איבלען. דאָס גלייכן ווען אדם הראשון וואָלט זעהן מיט זיינע אויגן, ווי מען שנייט אויס פון אים זיין ריפּ און מען אַרבעט פון דעם אויס אַ פּאָר פאַר אים. איז ווען עס וואָלט דאָס אים פאַרקומען אויפן געדאַנק וואָלט דאָס אָפּ־שטייסן איר הן ביי אים, דאַרום האָט דער בורא (אַזוי ווי) געזאָגט צו אים: „געה אַ ווייל̈ע שלאָפן, מען וועט דיר שוין ברייננגען אַ פּראַכ־טיקן קוגל, וועלכער וועט דיר גוט שמעקן". אין דעם אופן הייסט דאָס ווי ער וואָלט זעהן מיט די אויגן, ווייל פריער האָט ער געשפּירט באַ זיך אַז ער האָט איבעריקע הויט און איצטער זעהט ער אַז דאָס איז פאַרשוואונדן, איז זי דאָך ריכטיק „עזר" אַ גייסטיקע הילף (מיט דעם וואָס זי איז באַשאַפן) „כנגדו" פאַר אים אין די אויגן. דאַרום ווי נאָר דער בורא האָט איר געבראַכט פאַר אים, זאָגט ער „זאת הפעם", דעם מאָל איז אָט די פרוי פאַר מיר אַ גרויסע הילף, איבערהויפּט אין גייסטלעכן זין, ווייל איך זע בעשיינפערלעך אַז זי איז „עצם מעצמי ובשר מבשרי", פלייש און ביינער גענומען פון מיין קערפּער.

אדם האָט אָבער גענומען קלערן, וואָס וועט זיין שפּעטער (מיט די קינפטיקע דורות), וואָס די פרוי וועט אויך זיין געבוירן פון עלטערן ווי דער מאַן, מיט וועלכן אופן וועט זי אים דאַן זיין (לבד די פיזישע הילף) אויך אַ גייסטלעכע הילף? די קינפטיקע דורות קענען דאָך פאַר־קריכן אין אַ זומפּ פון פאַנאַטיזם און אַבערגלויבעריי, אויסשליסן זיך פון דעם הויכאַרטיגן יחוס, אַז דער מענטש שטאַמט פון אדם הראשון, וואָס ער איז געווען „יציר כפיו של הקב"ה", און דיינקען פינסטערע פאַנטאַזיעס, אַז דער מענטש איז עפּעס אַ מעשה אָן אַן עק א). אין

---

## בנות ציון

א) ווי אַנדערע אונוויסנדע (וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול תורה ומצוות, ווערן הפקר לייט) זאָגן, אַז פון אַ מאַנקי מיט אַן עק האָט זיך אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן אנטוויקלט אַ פיגור פון אַ מענטשן אָן אַן עק". וואָס זאָגט איר טייערע שוועסטער אויף אַזאַ דומהייט? זיי, די היינט מאָדישע, רופן אונז (שומרי תורה ומצוה) „פאַנאַטיקער", אַבערגלויבער", אדרבה זאָגט איר, ווער איז אַ פאַנאַטיקער, מיר אָדער זיי? מיר וואָס גלויבן אַז דער מענטש שטאַמט פון אדם הראשון, וואָס אים האָט דער בורא זעלבסט באַשאַפן, ווי די תורה שרייבט, אָדער די היינט־מאָדישע, וואָס זאָגן אַזעלכע נאַרישקייטן וואָס עס איז עקלהאַפט צו הערן, אַז דער מענטש איז געוואָרן פון אַ מאַלפּע? ווייל גלויבן אַז עס איז דאָ אַ גאָט מיט אַ תורה איז דאָך עפּעס ניט קיין פריילעכע מעשה, מען וועט דאָך דאַרפן היטן שבת און לעבן אַ הייליקן פאַמיליען לעבן, ווי די תורה האָט געבאָטן, און דאָס ווילט זיך

אום צו ראַטעווען אונז פון אַזעלכע נאַרישקייטן, האָט דער עוויגער איס אַריינגעגעבן אַ שכל איר אַ נאָמען צו געבן „אשה" (פון מאַן), דאָס לערנט און באַמערקט „כי מאיש לוקחה זאת", אַז אָט די „חוה" איז גענומען געוואָרן פון אדם'ן, ד. ה. אַז אין זיין געגנוואַרט איז זי באַשאַפן געוואָרן. און דער נאָמען „אשה" וועט דאָך פאַרבלייבן אויף אויביק, וועט עס ווערן איבערגעגעבן פון איינעם צום אַנדערן, פון עלטערן צו קינדער, די ריכטיקע אמונה, אַז אדם הראשון האָט געזען מיט זיינע אויגן, ווי דער עוויקער האָט באַשאַפן דעם מענטשן.

די פרויי דורך איר נאָמען „אשה" עראינערט נאָך היינט אויך איר מאַן (ווי דער נביא זאָגט): „בית יעקב" (אלו הנשים, הזכירו לבעליכן) „לכו ונלכה באור ה'"! ד. ה. די אָרענטלעכע אידישע פרוי דאַרף זאָגן צו איר מאַן: מיין ליבער און געטרייער מאַן, לאָמיר אויסווייכן די פינסטערע דומע וועג און געהן אין גאָטעס ליכטיקע וועג. מיר קאָנען זיך פאַרטרויען אויף אונזערע עלטערן, וואָס זיי האָבן אונז איבערגעגעבן, אַז דער מענטש איז „יציר כפיו של הקב"ה", ווי די תורה שרייבט אונז, און ער איז באַשאַפן געוואָרן מיטן ציל צו היטן די תורה ומצות א) וואָס זיי איידלען אויס זיין כאַראַקטער, צו פאַרברייגען אַ צופרידענעם לעבן היר (אויף דער וועלט) און נאָכדעם אַן אויביקן גליקלעכן לעבן בעולם הבא. קיין פאָטער וועט ניט איבערגעבן אַ פאַלשע זאַך צו זיינע קינדער. און ווייל דורך דער פרוי זעהט זיין שכל

---

בנות ציון

ניט, איז דאָך בעסער אַז מען קומט פון אַ מאַלפּע, איז מען אַ פרייע זאַך, אַ פרייע מאָנקעלע, גאָר אַ נחת, פּטור פון תורה ומצוות, נאָר נאָכטאָן אַלע נאַרישקייטן, אַלע מאָדעס, אַלע משוגעת, ריכטיק ווי די מאָנקי — היינט ליבן די אייגענע ווייב, מאָרגן דעם צווייטנס.

אָבער שלעכט ברידער! איר האָט גאָר ניט אויסגעפירט! איר האָט פאַרקויפט אייער יחוס און גאָר ניט פּראָפּעטירט, איר מוזט נעבעך ניט ווילנדיק מודה זיין אַז עס איז פאָרט דאָ אַ גאָט, וואָרום ווער האָט באַשאַפן די מאַלפּע? (אין פרי הגפן ח"א זייט ח' איז דאָס באַשריבן באריכות, ע"ש).

א) אַ קלוגע און גאָטס־פאָרכטיקע פרוי קען זעהר פיל אויפטאָן. מיט אירע אַנגענעמע רייד קען זי אים מזרז זיין צו געהן דאַווענען אין דער צייט. בעוונותינו הרבים, פיל יונגע לייט פוילן זיך אונטער צו געהן דאַווענען, און אַז זיי געהן שוין כלומרשט שבת דאַווענען, קומען זיי צו לייענען, צו מוסף, זיי פוילן זיך וואַשן צום עסן, צו בענטשן, און אַז די פאָטערס טוען אַזוי, וואָס זאָלן שוין ריידן די קינדער? די אַלע פעלערן איז אַ קלוגע פרוי אומשטאַנד צו פאַריכטן. זי קען אים נאָך צוגעוואָהנען לערנען אַביסעלע, מיט גוטע רייד: מיין ליבער מאַן, אַ גאַנצע וואָך ביסטו פאַרנומען, האָסט קיין צייט

שיינבאַר אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער אויף דער וועלט, איז זי דאָך אים אַ גרויסע הילף, צו פירן זיך אין דער ליכטיגער גראַדער וועג, דערפאַר האָט זי פאַרדינט „רעכט“, און אין אַלע וועלטלעכע זאַכן מוז איר דער מאַן געהאָרכזאַם זיין. דאָס איז דער שורש פון „דאַמען־רעכט“, דאַרום זאָגן אונזערע חכמים: ווי טייער איז אַן אָרענטלעכע פרוי, אַז די תורה איז געגליכן צו איר, די תורה רופט זיך אויך אשת חיל, „אילת אהבים“. אָבער די פּוסטע פראַגנטן, וואָס פאַרהאַסן רעלי־גיע, זיי אַנטזאָגן פון זייער לעבנס־באַגלייטערן דעם עוויגנס נאָמען, היינט אַז מען נעמט אַרויס פון „איש ואשה“ דעם י"ה בלייבט נאָר „אש, ואש“, פייער און פייער (אש זרה בלא שלהבת יה), וואָס זיי קענען חרוב מאַכן די וועלט.

ולא יתבוששו, אדם און חוה זיינען געוועזן נאַקעט און זיי שעמען זיך ניט. ד. ה. זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו שעמען, אַזוי ווי מיר שעמען זיך ניט צו עסן און צו טרינקען, אַזוי האָבן זיי זיך ניט גע־דאַרפט שעמען מיט די איבעריקע זאַכן וואָס דער מענטש ברויכט, ווייל איידער זיי האָבן געזינדיקט האָבן זיי יעדער זאַך געטאָן נאָר ווייל דער רצון הבורא איז אַזוי, ער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל נעמען אַ פרוי און האָבן קינדער און פירן אַ וועלט א). והנחש, דער שלאַנג איז געוועזן ליסטיקער אַלס אַלע חיות וואָס דער האַר גאָט האָט באַ־שאַפן, זאָגט ער צו חוה'ן אף עס איז אַ פאַרדרוס וואָס גאָט האָט ניט דערלויבט צו עסן פון אַלע ביימער פון לוסט־גאָרטן. — ניין ניין! זאָגט די פרוי, פון אַלע ביימער איז אונז דערלויבט צו עסן, נאָר פון דעם בוים וואָס אין מיטן גאָרטן האָט גאָט אָנגעזאָגט ניט צו עסן, אפילו ניט אָנרירן זיך, פילייכט וועט מען שטאַרבן. ויאמר הנחש, זאָגט דער שלאַנג צו דער פרוי, ניין ניין! איר וועט ניט שטאַרבן, ווען איר וועט עסן פון דעם עץ הדעת וועט איר עפענען אייערע אויגן און וועט ווערן כאלהים, זעלבסט־מעכטיק, זעלבסט־פאַרשטענדיק, איר וועט ניט דאַרפן זיין אָפּהענגיק אָן אים, ער זאָל אייך ווייזן וואָס

---

בנות ציון

אַ ספר אין האַנט צו נעמען, שבת אָבער נעם אַ אידישן ספר, לערן דורך די סדרה חומש מיט רש"י. פאַרברייננ ניט דעם טאָג אין לייענען אַ בלאַט, ניט מיט דעם וועסטו וויסן ווי אַ איד צו זיין. פאַרהער די קינדער וואָס זיי האָבן געלערנט אַ גאַנצע וואָך. הכלל, אַ קלוגע פרוי קען אויפטאָן פיל גוטעס.

א) תלמיד, וואָס דאַרף שטעהן „האדם ואשתו“, עס שטעהט דאָך שוין „ויהיו שניהם“?

רב, דאָס באַמערקט אַ טייערע לערע, אַז ניט אין גייסט אַליין נאָר אויך אין קערפּער, אין פלייש דאַרפןביידע דער מאַן און די פרוי גלייך זיין אין

גוט פאַר אייך און וואָס שלעכט, איר וועט אַליין פאַרשטעהן צו אור־טיילן וואָס גוט און וואָס שלעכט. ותרא, די פרוי האָט געזעהן (זי האָט באַמערקט) אַז דער בוים איז גוט צו שפּייזן און איז רייצנד פאַר דער אויג, און ער איז ליבלעך פאַרשטענדיק צומאַכן, האָט זי גע־נומען פון זיינע פרוכט און האָט געגעסן און האָט אויך געגעבן צו איר מאַן עמה, מיט איר און ער האָט געגעסן. ותפקחנה, איז געעפנט געוואָרן זייערע אויגן, און זיי באַמערקן אַז זיי זיינען נאַקעט, א) האָבן זיי געפלאָכטן פייגן־בלעטער און געמאַכט זיך שירצן, וישמעו אַזוי האָבן זיי דערהערט די שטימע פון גאָט מתהלך ציט זיך צוריק (דערווייטערט זיך פון זיי) אין גאָרטן צו מערב זייט, האָט זיך אדם מיט זיין פרוי באַהאַלטן פון גאָטעס אַנבליק אונטער די ביימער פון גאָרטן. ויקרא, דאָ רופט גאָט דעם מענטשן און רעדט צו אים איכה? ב)

---

## שערי ציון

ריינלעכקייט, אין צניעות, אין הייליגקייט. ווייל די אומהייליגקייט אין עניני הצניעות ברייגגט פיל קראַנקהייטן פאַר דעם זוג און פאַר זייערע קינדער. דער בחור, דער יונגער מאַן זאָל ניט מיינען אַז ער איז „ א קופערנער טאָפּ וואָס שייערט זיך אָפּ", דאָס איז א גרויסער טעות, אַזוי ווי־זי דאַרף זיין שטאַרק פאָרזיכטיג, אַזוי דאַרף ער אויך זיין. ניט אומזיסט איז זיין לייב געזיגלט מיט די ווערטער „התהלך לפני והיה תמים", צו ווייזן אַז דער בורא (השונא זימה) וועט פון אים פאָדערן די תמימות און צניעות און ריינלעכ־קייט, ווי עס פאָדערט זיך פון די פרויען.

א) פאַרלויפיק דאַרף שטעהן „ויראו", זיי האָבן געזעהן, אַז זיי זיינען נאַקעט. דער אויסדרוק „וידעו", זיי האָבן פאַרשטאַנען מערקט אָן אויף נאָך אַ כונה, אַז לבד וואָס זייער קערפּער איז נאַקעט, האָבן זיי באַמערקט אַז זייער נשמה איז אויך נאַקעט געוואָרן. אין כתבי קודש רופן זיך „מצוות" מיטן נאָמען לבושים (כי הלבישני בגדי ישע, צדק לבשתי וילבישני), זיי האָבן נאָר איין מצוה געהאַט און זיי זיינען געבליבן נאַקעט פון איר. גוטע זיטן רופן זיך אויך קליידער. „מדות" איז טייטש קליידער (ולבש הכהן מדו בד), אַזוי ווי א שיינע קלייד איז מכבד דעם מענטשן, אַזוי אויך גוטע מדות באַצירן אים. די העכסטע זאַך איז הכרת טובה (דאַנקבאַר זיין) דעם וואָס טוט מיר גוטעס, און זיי זיינען נאַקעט געוואָרן פון דעם. דער שלאַנג האָט זיי אָנגעלערנט אומדאַנקבאַר צו זיין, ווי ער אַליין איז אומדאַנקבאַר, ווי דער שפּריכוואָרט זאָגט, „טו א שלאַנג גוטעס"!

ב) דער וואָרט „איכה?" אין פשט ווייזט אויס ווי השי"ת האָט זיך געמאַכט ווי ער דערזעהט אים ניט און פרעגט, וואו ביסטו? פון דאַנען האָבן אונזערע חכמים געלערנט א מדה אין דרך ארץ, מ'זאָל ניט אריינגעהן צו יענעם אין הויז אומגעריכט וואו מען קלאַפּט ניט אָן, פרעגן צו עס איז דער־

וואו ביסטו? כלומר, וואו איז דיין מוט? באמערק ווי געפאלן דו ביסט! ויאמר, זאגט אדם, דיין שטימע האב איך געהערט אין גארטן, האב איך מורא, ווייל איך בין נאקעט, דארום פארבארג איך מיר. ויאמר, זאגט גאט, ווער האט דיר צו וויסן געגעבן אז דו ביסט נאקעט, האסטו פילייכט געגעסן פון דעם בוים וואס איך האב דיר פארזאגט ניט צו עסן? ויאמר, זאגט אדם, די פרוי וואס דו האסט מיר געגעבן צו הילף, זי האט מיר געגעבן און איך האב געגעסן. מה זאת עשית, האט גאט געזאגט צו דער פרוי, וואס האסטו דאס געטאן?! ווען אויך גאט וויים אלעס, לערנט ער אונז, אז מיר טארן ניט משפט'ן יענעם ווען אפילו מיר כאפן אים פארן האנט, מען דארף אים פריער פרעגן ווארום האט ער דאס געטאן? פילייכט וועט ער זיך פארענטפערן. ותאמר, ענטפערט די פרוי, דער שלאנג האט מיר פארפירט (אפגעקערט מיין הארץ פון גאטעס פארכט), דארום האב איך געגעסן.

כי עשית זאת, גאט זאגט צום שלאנג, ווייל דו האסט דאס געטאן, אזוי זיי פארפלוכט פון אלע בהמות און חיות פון פעלד א) אויף דיין

---

שערי ציון

לויבט? פילייכט טוט יענער א זאך, וואס ער וויל ניט דער צווייטער זאל עס זעהן, ער געהט פילייכט ניט אנגעטאן לפי כבוד האורח וואס קומט איצט.

א) דער קייזער פון רום האט געפרעגט דעם תנא ר' יהושע בן חנניא, וויפיל יאר שוואנגערט א שלאנג? האט ר' יהושע געענטפערט, 7 יאר. פרעגט דער קייזער די חכמי אתונא (נאטור פארשער) האבן דאך געמאכט עקספערימענטן, זיי האבן געפארט צוויי שלאנגען (זכר ונקבה) האט די פראקטיקע געוויזן אז צו דריי יאר האט זי געבוירן די שלאנגעלעך? האט ר' יהושע געענטפערט, זייער עקספערימענט איז ניט ריכטיק, געווים איז די נקבה שוין מעוברת געוועזן פון פיר יאר. שטייט, זאגט דער קיסר, חיות ובהמות פארן זיך דאך ניט ווען זיי זיינען שוואנגער? ענטפערט ר' יהושע, א שלאנג איז אין דעם הינזיכט ניט ווי אלע חיות נאר ווי א מענטש, ער פארט זיך מיט זיין פרוי פנים צו פנים (ניט פנים צו פלייצע) און פארט זיך אפילו אין שוואנגער צייט. פון וואנען וויים מען דאס? — אלעס איז מרומז אין דער תורה (ענטפערט ר' יהושע), גאט האט געשאלטן דעם נחש (מכל הבהמה ומכל חית השדה), דער שטייגער איז אז מ'בענטשט אדער מ'שילט איינעם איז די ברכה און הקללה אין דעם ערך פון זיין מין. אויב א מענטש, איז עס אין דעם ערך פון מענטשן, א בהמה, אין ערך פון בהמות, א חיה, אין ערך פון חיות. דער נחש איז א חיה, דארף זיין די קללה אין דעם ערך פון חיות, טא וואס שטעהט מכל הבהמה? פארשטייען מיר פון דעם, אז די קללה איז אזוי גרוים אפילו אין ערך פון בהמות, וואס איז גאר ניט זיין מין. נאר אויב אזוי קלעקט דאך „ארור מכל הבהמה", וועל איך דאך אליין פארשטעהן אז

בויך זאָלסטו קריכן. דער מדרש שרייבט בעת השי"ת האָט געזאָגט „על גחונך תלך", זיינען אראָפּ מלאכי השרת און האָבן אים אונטער־געהאַקט די פיס, איז זיין געשריי־שטים געגאַנגען מסוף העולם ועד

---

שערי ציון

א פּשיטא מכל החיה (זיין מין), איז דאָך דער „ומכל חית השדה" איבעריק? נאָר דאָ ליגט אַ רמז, ער איז ארור פון דער בהמה בערך ווי די בהמה איז ארור פון דער חיה. אַ חמור (אייזל) שוואַנגערט 7 מאָל אַזוי פיל ווי אַ קאַץ (אַ קאַץ טראָגט 52 טעג, און אַ חמור 7 מאָל אַזויפיל, 364 טעג, אַ רונדן יאָר), אַזוי זאָל דער שלאַנג אויך זיין פאַרשאָלטן 7 מאָל פון דער בהמה, היינו ער זאָל טראָגן 7 יאָר. די חכמי התלמוד האָבן פון דער תורה געוואוסט די גאַנצע נאַטור וויסנשאַפט, ווי עס איז מבואר אין סדר זרעים און טהרות. אויך שרייבן זיי אויס דעם טראָגן פון אַלע בעלי חיים און צמחים. למשל, אַ הון טראָגט 21 טעג, גלייך ווי די בוים לוז (קליינע ניסלעך) איז פון בליען ביז די פּרי ווערט פאַרטיק 21 טעג. אַ כלב טראָגט 50 טעג, אַזוי ווי דער פייגנבוים פון בליען ביז גמר פּרי איז 50 טעג. (מיט דעם פאַרשטייען מיר אַ כונה און די רייד פון מדרש. ער באַמערקט וואָרום האָבן זיי גע־פלאָכטן גראד פייגן בלעטער באַדעקן זייער נאַקעט? ענטפערט דער מדרש, „בדבר שקלקלו בה נתקנו, זיי האָבן געוואָלט פאַריכטן זייער קלקול, זיי האָבן דערשפּירט אַז זיי זיינען נאַקעט געוואָרן פון דעם לבוש (די מדה) פון „הכרת טובה" (דאַנקבאַרקייט), האָבן זיי געפלאָכטן בלעטער פון אַ תאנה, וואָס איר נאַטור אין טראָגן איז ווי דער כלב, וואָס ער איז אַ מכיר טובה). אַ קאַץ טראָגט 52 טעג, ווי דער בוים „תות". אַ חזיר 80 טעג ווי דער עפּל־בוים. אַ פוקס און אַלע מיני שרצים טראָגן 6 חדשים, אַזוי ווי תבואה. — כשר'ע בהמות דקות טראָגן 5 חדשים ווי דער וויינשטאָק בוים. כשר'ע בהמות גסות 9 חדשים ווי דער אילן זית. אומריינע בהמות גסות 12 חדשים ווי דער טייטלבוים. אַ לייב, אַ בער, אַ וואָלף, אַ טיגער, אַ העלפאַנט, אַ ברדלס און אַ מאַלפּע טראָגן 3 יאָר 1) אַזוי ווי די בנות שוח (אַזאַ מין פייגן). אַן אפאה (ברענענדיקער שלאַנג) טראָגט 70 יאָר אַזוי ווי דער באָקסער בוים (פון פלאַנצען אים ביז ער גיט אַרויס פּרוכט דויערט 70 יאָר), דער שלאַנג 7 יאָר, ער האָט קיין חבר ניט (מיט אַ רשע דאַרף זיך קיינער ניט מתחבר זיין). באַטראַכט נאָר ווי ווייט אונזערע חכמי התלמוד זיינען געווען וויסנדע אין נאַטור פון אַלע חיים און צמחים (זעה מסכת בכורות ד' ח' וועסטו דער־שטוינט ווערן פון זייער וויסנשאַפט).

---

1) די דאַרוויניסטן וואָס דענקען אַז דער מענטש האָט זיך אַנטוויקלט פון אַ מאַלפּע, דאַרפן זייערע פּרויען אויך שוואַנגערן דריי יאָר ווי אַ מאַלפּע.

**סופו א). און ערד זאָלסטו עסן אַזוי לאַנג ווי דו לעבסט, אפילו בעת ער עסט גוטע שפייז וואָס אים שמעקט (הינער, וויין, מילך) שטילט אים ניט דער הונגער און ווערט ניט צופרידן ביז וואַנען ער מוז פאַרבייסן ערד. ואיבה, און פיינדשאַפט וועל איך מאַכן צווישן דיר און צווישן**

---

ש ע ר י   צ י ו ן

א) דער וואָס האָט נאָר פאַרשטאַנד זעהט ווי קלוג די חכמי המדרש זיינען געווען. אין דער קללה פון נחש ביים עץ הדעת האָבן זיי אונז באַמערקט די קללה וואָס לאַגערט אויף דעם מענטשן, וואָס פאַרקויפט זיך (ער גיט זיך איבער) צו דעם שלאַנג פון תאוה (פרעסן, זויפן און הולטאַיעווען). דער בעל תאוה איז געפלוכט מער ווי א בהמה און א חיה. די בהמה וחיה הגם זי האָט קיין שכל אויסרעכענען וואָס גוט און שלעכט, איז אָבער מיט דעם אינסטינקט (נאַטור) וואָס דער בורא האָט איר געגעבן, שפירט זי דאָך וואָס עס איז איר שעדלעך. זי וועט ניט עסן קיין גרעזעלע וואָס פאַר איר איז געפערלעך. די ציגעלע וואָס איז א פּאָר טעג אַלט, אז זי זעהט א גרוב אַנט־לויפט זי. ערגער פון איר איז דער מענטש וואָס האָט געגעסן דעם עץ הדעת, ער האָט זיך איבערגעגעבן צום תאוה־שלאַנג, ער האָט א תשוקה גראָדע צו די זאַכן וואָס זיינען אים שעדליך, און פאַרקירצן אים די יאָרן. ער קריכט אויפן בויך, דאָס הייסט זיינע שענדלעכע מעשים האָבן ניט קיין הענט און פיס, אז ער זאָל זיך אליין פרעגן וואָס האָט ער געטאָן? איז ניטאָ קיין ווערטער. „ועפר תאכל", דער וואָס לאָזט זיך אריין אין תאוות, איז וואָס די זאַך איז בלאָטיקער און שענדלעכער (ווי טרפות שקצים ורמשים און שענדלעכע זאכן) קריגט ער צו דעם אַלץ מער תשוקה. „ואיבה אשית", דער אונטערשייד פון דעם בעל תאוה ביז דעם וואָס טוט זיינע מעשים נאָכן רעכענונג פון געזונטן פאַרשטאַנד? דער לעצטער קען ווייזן אַלעמען די גערעכטיקייט פון זיינע מעשים, דער בעל תאוה אָבער וואָס איז ניט זעלבסט־שטענדיק (נים ברשות עצמו) נאָר געיאָגט פון די תאוות (לא כן הרשעים כי אם כמוץ אשר תדפנו רוח התאוה), זיינע מעשים האָבן קיין פיס ניט, (הוא ישופך ראש), דער געזונטער פאַר שטאַנד וואונדעט די תאוה אין קאָפּ, ער שטיינט אריבער די תאוה מיט דעם וואָס די קאָפּ ווייזט אים די קרומקייט פון דאָס וואָס ער וויל טאָן, (ואתה תשופנו עקב) אָבער אין דעם הינזיכט שטייגט אריבער די תאוה דעם שכל, ווען אויך מיטן שכל פאַרשטעהט ער, אז ער געהט כשור לטבח, דאָך האָט ער נים בכח אָפּצוהאַלטן זיינע טריט (פון לויפן טאָן זיין הולטאַיסטווע), די תאוה וואונדעט אים אין טריט, זי שלעפּט אים אין אַלע בלאָטעס קעגן דעם געזונטן פאַרשטאַנד, און אַזוי איז דער בעל תאוה פאַרשאָלטן מיט דער קללה פון „על גחונך תלך", ווען אפילו די גאַנצע וועלט זעהען ווי נידערטרעכטיק עס איז, זיינע מעשים האָבן קיין הענט און קיין פיס ניט און אַלע וואונדערן זיך, שפירט ער אָבער ניט, ווייל

די פרוי און צווישן דיינע קינדער מיט אירע קינדער, ער (דער מענש) וועט דיר פאַרוואונדן דעם קאָפּ און דו אים די טריט. רש"י שרייבט פאַרוואָס האָט גאָט ניט געפרעגט ביים נחש, וואָרום האָסטו עס גע־טאָן? (דער ת־רוץ איז) ווייל מען זוכט קיין זכות ניט פאַר אַ מסית, וועלכער רעדט אָן איינעם אָפּצוקערן פון גאָט א). הרבה ארבה, צו די

---

## שערי ציון

זיינע לעבנס־באַדינגונגען, די „מלאכי השרת" וואָס באַדינען דעם מענטשן אין זיין לעבן, האַקן אים אָפּ די הענט און פיס, זיי באַרויבן פון אים די מאַכט צו טאָן אַ זאַך וואָס זאָל האָבן הענט און פיס. און אַלע זיינע געלעגנהייטן שלעפּן אים אין בלאָטע, ווייל „בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו", ווי אַ מענטש נעמט זיך אַ פירונג אַזוי פירט מען אים. די שטימע פון זיינע ווילדע טהאָטן געהט פאַנאַנדער מסוף העולם ועד סופו, כלומר אַלע מערקן זיין שענדלעכע פירונג. אָבער ער איז אַזוי ווייט איינגעטונקט אין בלאָטע און פאַר'שכר'ט פון דער תאוה, אַז ער שפּירט שוין גאָרניט. און דאָס איז אויך די כונה פון מדרש, „ואכלת את עשב השדה", זאָגט ר' נחמי', ווען דו וואָלסט ווערט זיין וואָלסטו נעמען אביסל גראָז פון גן עדן און שפּירן אין דעם אַ טעם פון כל מעדני עולם, היינט אַז דו האָסט זיך איבערגעגעבן צום תאוה־שלאַנג, וועסטו עסן גראָז פון פעלד, כלומר, ווען דער מענטש וואָלט לעבן אַ הייליקן און גייסטלעכן לעבן ווי די תורה האָט געבאָטן, איז אפילו אין געמיינעם לעבן, עסנדיק אַ שיסעלע שצאַווע (ספּינאַטש) וואָלט ער גע־פילט אין דעם אַ זעלטענעם געשמאַק, מיט דער צופרידנקייט וואָס ער האָט ניט באַרירט חלילה קיינעם, פון זיין ביסן ברויט טריפט ניט חלילה קיין מענטשיסע בלוט, ער האָט קיינעם קיין עולה געטאָן, קיינעם ניט מצער גע־ווען, אדרבה געטיילט זיין ביסן מיטן הונגעריקן, מיט דעם נויטבאַדערפטיקן, וואָלט ער זיין אַ שמח בחלקו. אָבער ווי ער האָט זיך איבערגעגעבן צום נחש התאוה, צו לוקסוס, איז אפילו ווען ער עסט די בעסטע מעדנים, אָבער דער מוסר הכליות דער ריינער געוויסן פּלאָגט אים און שרייט צו א־ם, דו רשע! דיין נאַנצער מיטאָג איז פול מיט מענטשן בלוט, געכאַפּט פרעמדע בלוט, איבער נאַכט איבערגעמאַכט דעם נאָמען פון דער פירמע און געלאָזט זיינע וועקסלען (נאָוטס) פּראָטעסטירט צו ווערן, ניט אָפּגעגעבן דעם אָרעמען ארבעטער זיין שכר מלאכה, געריסן פּראָצענט, עקספּלאָאַטירט די אָרימע געדריקטע מענטשן — דאָס איז „ועפר תאכל כל ימי חייך", אין דיינע בעסטע צייטן וואָס דו עסט כל מעדני עולם, וועט דער מוסר כליות (דער פונק פון געוויסן) צונעמען בא דיר דעם פאַרגעניגן, און וועט ד־ר דער־מאָנען וואָס די תאוה מיטן לוקסוס האָבן דיר אָנגעמאַכט (דרשות הרמ"ח).

א) ווען ער וואָלט אים פרעגן וואָס האָסטו דאָס געטאָן? וואָלט ער קענען ענטפערן, אַז דער רבי זאָגט אַזוי, און דער תלמיד זאָגט אַנדערש,

פרוי האָט גאָט געזאָגט, איך וועל גרויס מאַכן דיינע שמערצן (פון האָדעווען קינדער) און פון דיין שוואַנגערשאַפט, דיין בעסטער פאַר־געניגן (דאָס איז געבוירן אַ קינד) וועט דיר אָנקומען דורך גרויסע שמערצן, און צו דיין מאַן וועט זיין דיין געלוסט, כלומר הגם דיינע שמערצן וועלן גרויס זיין (טראָגן, האָבן, האָדעווען), וועסטו פּיליכט זיך וועלן אַנטזאָגן פון התונה האָבן. ניין, דאָס וועט ניט זיין. איך גיב אין דיר אַ נאַטור, אַז דו וועסט ניט געפינען קיין צופרידנקייט אין אַן איינזאַמען לעבן, און דער מאַן וועט הערשן איבער דיר. ולאדם, און צו אדם האָט גאָט געזאָגט, ווייל דו האָסט צוגעהערט דעם קול פון דיין פרוי און האָסט ניט געהאַט קיין געדולד איבערצוטראָגן אירע קולות, איר גריזאָטע און גלייך איר געפאָלגט און געגעסן פון דעם בוים וואָס איך האָב דיר געבאָטן לאמר, דו זאָלסט נאָך אַ צווייטן פאַרהיטן ניט צו עסן פון אים, און צום סוף האָסטו נאָך אַליין געגעסן, אַלזאָ זאָל די ערד זיין פאַרפלוכט בעבורך, פון דיינט וועגן א), מיט

---

ש ע ר י   צ י ו ן

וועמען דאַרף מען פאָלגן? געוויס דעם רבין, דאָס זעלבע האָט דאָך די פרוי געדאַרפט דיר פאָלגן, ניט מיר, טאָ ווער איז איר שולדיק?

א) **תלמיד**, נאָך מיין מיינונג האָט געדאַרפט שטעהן „בגללך" צוליב דיר, (ווייל דו האָסט געזינדיגט) — „בעבורך" איז דאָך גאָר דער פשט פון דיינעט וועגן (וועגן דיינע נוצן).

רב, עס איז טאַקע אַזוי דער פשט. איך וועל דיר דאָס דערקלערן מיט אַ משל. אַ מוטער האָט געהאַט צוויי קינדער. ווי עס איז געקומען האַלב נאָך איינס אַ זייגער האָט זי שוין ניט גערוהט, געגרייט צום טיש, אוועק געלייגט אַ בולקע, אַ טעלער, גאָפּל מעסער, אויפגעפּאַסט דעם טעפּעלע אין קיך עס זאָל ניט קאַלט ווערן, פונקט צוויי ווען יאַנקעלע וועט קומען פון חדר זאָל ער אַ מינוט ניט דאַרפן וואַרטן. דער קינד איז געקומען, האָט אָפּ־געגעסן, געבענטשט און אוועק אין חדר, אין אַ ווײַלע אַרום קומט דער צווייטער קינד מיט געוואַלדן, „מאַמע עסן!" אוועק אַ האַלבע שעה, זי ענטפערט גאָר נישט. נאָכדעם האָט זי אים געגעבן דריי פּענים ער זאָל געהן קויפן רויע פּאַטייטאָס און אָפּשאָבן —נו שוין אָפּגעשאָבן די קאַרטאָפעל (שרייט דער קינד) —געה אַרויס אין וואַלד, קלייב אָן האָלץ און לייג פייער. אַ קיצור עס האָט געוועהרט דריי שעה ביז וואַנען עס איז פאַרטיק געוואָרן און ער האָט אָפּגעגעסן. און אַזוי באַ יעדן מאָל עסן האָט זי אים פאַרדרייט אויף צוויי דריי שטונדן. און אַז מ'האָט איר געפרעגט וואָס די אורזאַך איז? זיי זיינען דאָך ביידע גלייכע קינדער און דערצו נאָך אַ צווילינג? האָט זי געענטפערט, זיי זיינען איין סאָרט צווילינג ווי יעקב מיט עשו. יאַנקעלע אַז ער וועט קומען פון חדר און וועט דאַרפן וואַרטן אַן איבעריקע ווײַלע,

שמערצן זאָלסטו געניסן פון איר דיין גאַנצן לעבן. וקוץ, און צייטנווייס וועט דיין פּראַצע (אַרבעטן די ערד) אויך ניט העלפן, זי וועט דיר אַרויסגעבן דערנער אַנשטאָט תבואה, און דו וועסט מוזן עסן גראָז פון פעלד. בזעת, און ווען אויך זי וועט דיר אַרויסגעבן תבואה, וועט דיר אָנקומען מיט שוויים, איידער דו וועסט מאַכן פאַרטיקע ברויט וועסטו דאַרפן שניידן, דרעשן, רייניקן, מאָלן און באַקן. און די ברויט וועט ניט קענען משלים זיין היפיל דער חום הטבעי ברענט אויס פון

---

ש ע ר י צ י ו ן

וועט ער זיך אוועקנעמען דעם לעבן, שטייטש, ער פאַרזאַמט אין חדר א תוספות, מ׳וועט אָפּלערנען אָן אים, זיין עסק איז נאָר אָפּגעגעסן און אוועק אין חדר, אין ישיבה, ער לערנט זעהר פלייסיק, נאָכהער געהט ער שרייבן, בא אים איז א מינוט טייער, דערפאַר גרייט איך פאַר אים אַלעס צו ער זאָל ניט דאַרפן טאָקע אויסברייגגען איבעריקע צייט. אָבער דער עשו׳קע ווען חדר איז אָפּגערעדט, דאָס איז א ליידאַק, ער מעסט די גאַסן, די בולוואַרן, און מיט יעדערן פאַרטשעפּעט ער זיך. טרעפט ער אָן אויף דאָס זייניקע, צעברעכט מען אים הענט און פיס, און אויב ער פאַרטשעפּעט א שטילן קינד האָב איך טרויערקייט, מ׳פאַלט אריין צו מיר, געהט זעהט וואָס אייער תכשיט האָט אָנגעמאַכט! פשוט אז איך לעב ניט פון אים. איז בא מיר א קרן אז איך פאַרדריי אים בא יעדן מאָל עסן צוויי דריי שעה, בלייבן זיינע ביינער גאַנץ און איך הער דערוויל ניט אָנקלאַגעס אויף אים. דאָס גלייכן, אדם הראשון פאַרן חטא, איידער ער האָט נאָך געהאַט דעם רייץ צו דער תאוה מיטן לוקסוס, האָט ער דורך ווייניק מי וואָס ער האָט איפּגעפּאַסט אויפן גאָרטן געהאַט זיין לעבנס-מיטל, די ערד האָט אים ארויסגעגעבן פאַרטיקע שפּייז, אָנשטאָט זאַנגען האָט געוואָקסן פאַרטיקע ברויטלעך, אזוי ווי עס וואַקסט א וואַסערמעלאָן, אָן עפּל. דאָס גלייכן, פאַרטיקע צייג אויף קליידונג, ווייל די צייט איז בא אים געווען טייער, אריינגעטאָן אין מושכלות (גאָטליכע וויסנשאַפט), אָבער ווי ער האָט אָפּגעטראָטן פון גוטן וועג און האָט געקראָגן א רייץ צו תאוות און לוקסוס, איז ווען די ערד וועט איצט אויך ארויסגעבן פאַרטיקע, וועט ער דאָך אין זיין ליידיקער צייט איבערקערן די וועלט (ווייל דער קערפּער פון מענטשן איז היילע פייער, ווי עדיסאָן דער אמעריקאַנער שרייבט), דאַרום האָט השי״ת געפלוכט די ערד, פון „מענטשנס וועגן", בכדי ער זאָל אויסברייגגען די גרעסטע טייל פון זיין צייט אויף זיין ברויט, וועט אים בלייבן ווייניקער צייט אויף זינדיקער שפּיל. אָבער דער מענטש וואָס איז מקבל אויף זיך דעם עול התורה, אים פאַרגרינגערט דער בורא דעם עול הפרנסה, ווי דער תנא זאָגט (אין אבות) „כל המקבל עליו עול תורה מעבירין ממנו עול מלכות ועול דרך ארץ", און ווי לעתיד וועט איה״ש זיין „עתידה ארץ ישראל שתוציא גלוסקאות וכלי מילת".

דיינע ליחות, דאַרום וועט דער סוף זיין, ווייל דו ביסט ערד וועסטו זיך צוריק אומקערן צו ערד. ויקרא, נאָכן חטא (פון עץ הדעת) רופט אדם זיין פרוי מיטן נאָמען „חוה א)". דער וואָרט „חוה" האָט צוויי באַדייטונגען: איינס, לעבהאַפט און שלאַנג (חויא), כלומר איצט וועט זי זיך שוין ניט באַנוגענען מיט הכרחיות, זי האָט שוין געקראָגן אַ תשוקה צו מותרות און לוקסוס (לעבן אַ טאָג), זי איז שוין די מוטער פון אַלע לעבהאַפטע און פאַרגעניגן וואָס ביים סוף בייסט דאָס ווי אַ שלאַנג. — אַ צווייטער געדאַנק, „חוה" זי גיט גייסטלעכן לעבן

---

## שערי ציון

א) „חוה" איז אויך טייטש „ריידן" (יחוה דעת), דער אומגליק איז איר געקומען פון צופיל ריידן. דער וואָס האָט ניט ליב פיל ריידן, קען ניט הערן ווי יענער רעדט פיל און זאָגט גוזמאות, דער נחש איז אַרויסגעטראָטן מיט פיל ריידן און איבערטרייבונגען (געוויס האָט גאָט ניט דערלויבט צו עסן פון קיין בוים), ווען די אשה וואָלט ניט ליב האָבן פּלאַפּלען מיטן צונג, איז גלייך ווי זי האָט געהערט אַז ער רעדט גוזמאות, האָט זי באַדאַרפט אוועקגעהן און ניט קוקן אין זיין ווינקל, און טראַכטן ביי זיך „איך האָב פיינט אַ ליגנער", נאָר ווייל זי האָט אויך ליב צו ריידן פיל, איז זי אויך אַרויס מיט אַ גוזמא, „ניין, ניין, פון אַלע ביימער ווערן מיר עסן נאָר פון דעם בוים וואָס אין מיטן גאָרטן האָט גאָט געזאָגט איר זאָלט ניט עסן און ניט אָנרירן, פיליכט וועט איר שטאַרבן. דאָ איז פיל איבעריקע ווערטער און אויך אַ גוזמא וואָס איז ניט ריכטיק. גאָט האָט גאָרניט געזאָגט מ'זאָל ניט אָנרירן, אויך די ווערטער „פּן תמותון" איז איבעריק, ווער פרעגט באַ דיר? ענטפער קורץ, „פון אַלע ביימער מעג מען עסן נאָר ניט פון עץ הדעת". מיט אירע איבעריקע רייד האָט זי מכולה געמאַכט, ווי שלמה המע"ה זאָגט, „ברוב דברים (דורך פיל ריידן) לא יחדל פשע (מוז מען קומען צו אַ פאַרברעכן)", דער נחש האָט געכאַפּט אירע איבעריקע רייד פאַר אַן אבן טוב, זי איז דאָך שוין מיין גלייכן און אַ פּלעפּלערקע ווי איך, האָט ער גענומען מיט איר פאַרברייגנען און אַ שטיף טאָן, האָט ער איר געגעבן אַ שטופּ אויפן בוים. אהא, זעסטו ווי דו ביסט ניט געשטאָרבן מיטן אָנרירן, דאָס זעלבע וועסטו ניט שטאַרבן מיטן עסן. אויב זי וואָלט געווען אַ דעתן — טאָ רעכן זיך אויס, און אַז מען איז ניט גלייך געשטאָרבן דאַרף מען דען ניט פאָלגן גאָטעס געבאָט? דאָס איז פונקט ווי די לייכטזיניקע וואָס רייכערן שבת אין מיטן גאַס. „ווען מען טאָר ניט (טראַכטן זיי) האָט געדאַרפט אַראָפּפאַלן אַ שטיין פון דאַך און פּלעטן זיי די קאָפּ, היינט אַז זיי ווערן ניט אַ כפרה אויפן אָרט, מעג מען רייכערן". אַ שיינע לאָגיקע כלעבן. די קעפּעלע איז קליין אויסצורעכענען פאַרוואָס פאַלט טאַקע ניט אַראָפּ אַ שטיין פון דאַך (ווי מיר האָבן עס גוט דערקלערט אין פרי הגפן פ' בשלח), אָהו! צו וועלכע

(יחוה דעת) אנטקעגן דעם גרויסן פארדרוס אויף איר וואס זי האט אויף אים געבראכט אן אויביקן אומגליק, האט ער זיך געטרייסט מיט דעם, גאט מיט איין האנט שטראפט ער און מיט דער צווייטער טרייסט ער. יא, מיר זיינען געווארן שטערבלעכע, מיר וועלן שוין אויביק ניט לעבן, און איידער מיר וועלן זוכה זיין צו זעהן א קינד מיט פארשטאנד וועט מען ווערן זאט מיט שמערצן, טראגן, געבארן, האדעווען, דאקעגן אבער ליגט פארוויקלט אין דעם א נחמה, ווייל דער מענטשן־קינד איז הילפלאז און דארף אנקומען צו זיינע עלטערן, דאדורך איז ער בא די עלטערן אין האנט ווי די ליים ביים טעפער, ווי די צווייגעלע ביים גערטנער, און דורך א גוטער דערציאונג מיט גרויס השגחה, קען מען פון אים מאכן דעם בעסטן מענטשן, ער זאל נאכהער פארשאפן גרויס פארגעניגן און פאראויביקן די עלטערנס נאמען. און דאס ליגט אממערסטן בא דער מוטער אין האנט, ווייל זי ליידט איבערהויפט פון קינד, דארף זי דאך זעהן צוציען נוצן פון איר יגיעה, און פירן די מוטערלעכע רחמנות מיט שכל, ניט חלילה אויס־קאכן אים אין איר רחמנות (ידי נשים רחמניות בשלו ילדיהן) און דער־ציען אים אין מדות טובות ויראת שמים מיט איר השגחה און מיטן מזרז זיין דעם פאטער מיט גוטע פריינטלעכע רייד ער זאל אויך השגחה געבן. אלזא האט ער איר געקרוינט מיט א הויכארטיקן נאמען „חוה״ (זי גיט לעבן), מיט די קינדער וואס זי וועט געבוירן וועט זי אונז פארשאפן פארגעניגן און פאראויביקן אונזער נאמען. ווי אונזערע חכמים זאגן, די עלטערן וואס לאזן איבער גוטע גאטס־פארכטיקע קינדער הייסן ניט געשטארבן (מיתתו נקראת שכיבה). נמצא אז די מוטער חוה האט איבערגעלאזן אירע טעכטער ירושה צוויי פארשיידענע זאכן, בלוזקעס מיט פאטשערקעס (גלאז זשוווּעלרי) (חוה, חויא) און פערל מיט בריליאנטן (חוה, נותנת חיים רוחניים), די נארישע טעכטער האבן געכאפט דעם פוץ, און די קלוגע דעם נוץ א).

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

**אומגליקן** דער פיל ריידן ברייננגט! דארום זאגט שלמה המע״ה „שומר פיו דער וואס היט די מויל (ניט עסן וואס מ׳טאר ניט) ולשונו, און זיין צונג (ניט ריידן וואס מ׳דארף ניט) שומר מצרות נפשו״ היט ער זיין לייב פון אומגליק. חוה דורך איר ניט היטן דעם צונג, זי האט צופיל פארבראכט מיטן שלאנג, איז זי געקומען צו א גרעסערע עבירה און האט געגעסן וואס מ׳טאר ניט, און דאן האט זי געבראכט צרות אויף זיך און אויף אלעמען. אלזא דארפן חוה׳ס קלוגע טעכטער זעהן פאריכטן וואס די מוטער האט פארגרייזט און ריידן וואס וויניקער.

דער מדרש שרייבט, אז פרייטיק פארנאכט ווי די זון איז אונטערגע־

וויעש, גאָט מאַכט פאַר אדם מיט זיין פרוי העמדלעך (רעק) פון הויל (וואָס קומט פון פעל) און האָט זיי אָנעקליידט. דער מדרש שרייבט אין חומש פון תנא ר' מאיר (בעל הנס) האָט מען געפונען פאַר־טייטשט „כתנות עור" העמדלאך פון ליכטיקייט (עור כמו אור כתרגום אונקלוס לבושין דיקר), א טייל חכמים זאָגן אז גאָט האָט זיי אָנגע־קליידט „בגדי כהונה", כלומר מיט דעם וואָס דער בורא זעלבסט האָט זיי אָנגעטאָן, האָט ער זיי מרמז געווען, אז דער בגד דאַרף אים ליכטיק

---

ש ע ר י   צ י ו ן

גאנגען זיינען אדם און חוה געזעסן און געוויינט א גאנצע נאכט, אָה, וועה, צוליב אונזערע זינד ווערט חרוב די וועלט! ווי עס איז טאָג געוואָרן האָבן זיי געזעהן אז דער בורא האָט אזוי פאַראָרדנט זיין וועלט, האָט ער גע־בראַכט א קרבן אן אָקס וואָס זיינע הערנער זיינען פריער געווען פאַר די פיס 1), ווי דער פסוק זאָגט „ותיטב לה'" עס זאָל געפעליק זיין צו גאָט מיין קרבן „משור פר", מער ווי דער פר וואָס אדם הראשון האָט מקריב געווען „מקרין מפרים", פריער איז געווען זיינע הערנער נאכהער די קלאָען. דער מדרש איז פאַרלויפיק שווער צו פאַרשטעהן, עס ווייזט אוים אז דער קרבן איז געווען א סאָרט קרבן תודה אויף דעם נס וואָס איז אים געשען, אז די וועלט איז ניט חרוב געוואָרן. האָט עס דען א זינען? צי דען אז איינעם חלום'ט זיך אז ער פאָרט אויפן ים און די שיף טרינקט זיך, דאַרף ער דען אויפשטייענדיק ברייננגען א קרבן תודה? דאָס גלייכן אז אדם הראשון האָט זיך געחלום'ט אז די וועלט געהט אונטער, ווייל ער זעהט דאָס דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן אז עס ווערט פינסטער, דאַרף מען דען אויף דעם טעות ברייננגען א קרבן תודה? און ווידער צו וואָס דערציילט דער מדרש אז זיין קרבן איז געווען הערנער פריער פאַר פיס? נאָר דער אמת איז, ער האָט נאָר געבראַכט א קרבן חטאת אויף זיין גרויסן טעות, נאָכן חטא פון עץ הדעת איז ער געוואָרן א פריידענקער, אז ניט אַלעס זעהט גאָט און מ'קען זיך באהאַלטן פון אים (ויתחבא האדם ואשתו מפני ה' אלהים), און נאָך אזעלכע זאכן וואָס נאָך זיין מיינונג דאַרף עס אנדערש זיין, ווי אַלע נארישע פילאָסאָפן וואָס ווילן זאָגן א ברייטע דעה אויף דער בריאה און די הנהגה. ווי איוב אין זיינע וויכוחים אנטקעגן השי"ת, האָט דער בורא איוב'ן גע־ענטפערט, ווען דו האָסט אין זיך אזא ברייטקייט צו זאָגן א מיינונג אויף מיין וועלט־מאַשינע, זאָג מיר צו פאַרשטייסטו איר גוט? צו האָסטו ארום

---

1) א בהמה וואָס ווערט געבאָרן פון איר מוטער געהט צום ערשטן אַרוים די קלאָען, נאָכדעם וואַקסן אוים די הערנער, אָבער דער אָקס וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בששת ימי בראשית איז אַרוים גרויסערהייט פון דער ערד, האָבן זיך באַוויזן פריער די הערנער און נאָכדעם די קלאָען.

מאכן די געדאַנקען, און פאַרהייליקן דעם קערפּער. דער בגד ציייגט דעם מענטשן, אַז ער איז ניט קיין בהמה וואָס געהט נאַקעט נאָר אַ מענטש, אַלזאָ זאָלסטו ניט צולאָזן דעם יצר הבהמי הערשן אויף דיר. ווען די וועלט וואָס אַרום דיר, נאָך אַלע המצאות און ערפינ־דונגען איז זי נאָך ניט געוואָרן קיין גן־עדן פאַר דיר, אַלזאָ זאָלסטו זיך באַמיען, אַז דער בגד וואָס ער ציייגט דיר, אַז דו ביסט בצלם אלהים, זאָל ער אַרויסרופן אין דיר די געטלעכע ענערגיע צו ווירקן, אַז די וועלט זאָל נעענטער ווערן צו דער תכונה פון גן־עדן. — אויך שרייבט דער מדרש, אַז די תורה איז איינגעהילט אַרום און אַרום אין גמילות חסד. אין אָנפאַנג שטעהט, אַז גאָט איז „מלביש ערומים", אין מיטן שטעהט ער איז „מבקר חולים", אין סוף שטעהט (ביי קבורת משה) אַז ער איז קובר מתים. די חז"ל שטעלן אונז פאָר, ווי דער בורא האָט התונה געמאַכט זיין ערשטן זון (אדם הראשון) און

שערי ציון

געזעהן אַלע אירע רעדעלאַך און שרייפעלאַך? צו ווייסטו וואָס יעדער שרייפעלע נוצט־ „הבאת בנבכי ים"? צו האָסטו געמאַכט אַ רייזע אין אַלע פאַרבאָרגענע ערטער פון גרויסן ים צו ויסן וואָס טוט זיך דאָרטן? „ובחקר תהום התהלכת?", צו האָסטו באַזוכט אַלע טיפע ערטער פון תהום? הגם דו וועסט זיך באַרימען אַז דעם גאַנצן ערד־קוגל האָסטו אויסגערייזט, וואָס לפי האמת איז דאָס אויך ניט ריכטיק, עס האָט נאָך קיינער ניט אויסגע־רייזט אַלע פאַרבאָרגענע ערטער פון כדור הארץ, פיל ערטער זיינען וואָס מ'קען גאָר אַהין ניט צוקומען, טאָ זאָל שוין זיין אַזוי, אָבער אין ים און תהום פעלט דיר נאָך געוויס פיל ערטער. היינט ווען איינער געהט אַריין אין אַ גרויסע מעכאַנישע פאַבריק, און זעהט וואונדערלעכע מאַשינען, און הויבט אָן צו זאָגן אַ דעה צו וואָס דאַרף מען די שרייפעלע, די רעדעלע?! פרעגט מען אים, דו ווייסט צו וואָס זיי זיינען געמאַכט געוואָרן אַז דו זאָלסט זאָגן אַ דעה, זיי זיינען איבעריק? דאָס גלייכן דו איוב, אַז דו זאָגסט אַ ברייטע דעה אויף מיין הנהגה, צו ווייסטו מיין גאַנצע בריאה? די זעלבע האָט אדם זיך אַרומגעזעהן זיין טעות, ער האָט אָנגעהויבן צו שטייסן מיט די הערנער (ולרשעים אל תרימו קרן), איידער ער האָט נאָך געשטעלט פיס. ד. ה. געמאַכט אַ רייזע איבער דער גרויסער גאָטעס וועלט, דאַרום האָט ער מקריב געווען אַ קרבן וואָס איז גלייך צו זיין חטא, דעם אָקס פון מעשה בראשית וואָס האָט אויך געוויזן הערנער פאַר פיס. ר' יעקב חריף ז"ל (רב הכולל דניויאָרק) פלעגט שטענדיק באַדויערן וואָס בששת ימי בראשית איז נאָר באַשאַפן געוואָרן איין אָקס, און דאָס האָט אדם פאַרנוצט, ווייל פאַר היינטיקע וואָס מאַכן זיך פאַר משכילים, וואָלט מען דאַרפן האָבן פיל אָזעלכע אָקסן.

האָט אים געוואָלט געבן קעסט אויף זיין טיש (אין גן־עדן), נאָר די באַקאַנטשאַפט פון דער שנור מיט אַ שלעכטן חבר (הנחש) האָט מיטגעבראַכט אַז מ'האָט זיי געדאַרפט אַנטזאָגן פון קעסט. אַלזאָ ביים שיידן זיך פון די קינדער האָט דער פאָטער זיי געגעבן אָפּפאָר געלט דעם טייערן פּרעזענט פון „גמילות חסד” צום אָנמערקונג: קינדערלאַך! איר געהט אַרויס אויף אַ גרויסער וועלט, וואָס דער לעבנסמיטל איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, זאָלט איר וויסן, אַז מ'דאַרף טאָן „גמילות חסד” איינער מיטן צווייטן. ווען דער מענטש אַרבעט נאָר פאַר זיך אַליין ווייל דער מאָגן צווינגט אים, פאַלט מיט דעם דער כבוד פון מענטשן, ווייל אין דעם איז ער גלייך צו אַלע בעלי חיים און נאָך אין אַ פאַך נידעריקער (אַלע בעלי חיים געפינען זייער שפּייז און דערציען זייערע קינדער אָן מי), אָבער ווען דער מענטש אַרבעט מיט זיין שוויים צו ברייינגען ברויט און הילף דעם צווייטן, מיט דעם שטייגט דער כבוד פון מענטשן, ער פאַרגלייכט זיך צו זיין באַשעפער וואָס ער איז אַ מלביש ערומים, רופא חולים, סומך נופלים כו' כו'. אין דעם זינען צייכענען זיך אידן אויס, די ערשטע געזעלשאַפט פון מענטשן־פריינט, די ערשטע קאָמפּאַני נדיבי לב, וואָס אַלע פעל־קער פון אָנפאַנג ביז איצט זיינען נאָר צוגעשריבענע מיטגלידער צו דער ערשטער הויכאַרטיקער אידישער גוטהערציקער געזעלשאַפט א).

---

## בנות ציון

א) אדם הראשון ווערט פאַרגעשטעלט, ער איז די חלה פון דער וועלט. דער בורא ב"ה האָט פאַרמישט די ערד מיט וואַסער (ואר יעלה מן הארץ והשקה את כל פני האדמה, ועי"ז ויצר ה"א את האדם) אַזוי ווי אַ טייג, און האָט אָפּגעשיידט אַ קליין וועלטל (עולם קטן) פון דער גרויסער וועלט (חלה) צום תכלית ער זאָל דינען הקב"ה. און ווייל חוה האָט איבערגעפירט די חלה פון דער וועלט (זי האָט גורם געווען מיתה צו אדם'ן) איז אויב מתקן צו זיין דעם חטא איז איר געגעבן געוואָרן די מצוה פון חלה, אָפּשיידן און אָפּגעבן דעם כהן ער זאָל דאָס עסן, האָבן כח צו לערנען תורה (וואָס זי רופט זיך „עץ חיים”) און זיין אַן עובד השם. ואפילו בזמן הגלות וואָס די חלה ווערט פאַרברענט און עס ברייינגט ניט דעם תכלית, אָבער דער רעיון פון „מצות חלה” איז היינט אויך נוהג, היינו בעת די אשה פאַרקנעט די ברויט, די חלה, דאַרף דער נעמען חלה איר דערמאָנען, אַז אַ בן תורה זאָל אויך עסן פון דעם, היינו נעמען אַן אורח אַ תלמיד חכם, אַ ישיבה בחור אויף שבת אָדער געבן אַ סעודה אין מיטן וואָך. און ווייל זי האָט פאַרלאָשן די ליכט פון דער וועלט, (אדם האָט געשיינט ליכטיקער ווי די זון), דאַרום איז איר געגעבן געוואָרן די מצוה פון ליכט בענטשן. און ווייל זי האָט פאַרגאָסן זיין בלוט איז איר געגעבן די מצוה, די זהירות ווענן דם נידה. די

**הן האדם, גאָט זאָגט, דער מענטש האָט זיך גענומען דעם שטאָלץ צו זיין ווי איינער פון אונז (ווי א מלאך), ער זאָל אליין וויסן וואָס טוב ורע, הייסט ניט זיין אָפּהענגיק אָן גאָט, ער זאָל אים אָנווייזן וואָס טוב ורע איז א), און ווי איצט איז אים גאָטעס געבאָט אַ שוואַכער צוים, ווייל ווען די תאוה שטאַרקט זיך אויף אים ברעכט ער דעם צוים, וועט דאָך ווייניק העלפן מיין פאַרזאָג ער זאָל ניט רירן פון עץ**

---

## בנות ציון

**אשה וואָס היט עס אָפּ ווי געהעריק, איז זי מתקן דעם ניצוץ נשמה, וואָס יעדער פרוי האָט פון דער מוטער חוה.**

**א) תלמיד, וואָס הייסט דער מענטש פאַרן עסן פון עץ הדעת האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס טוב ורע איז? אויב אזוי ווי קען ער זיין א בעל בחירה?**

**רב, פריער האָט ער פאַרשטאַנען „טוב", הייסט „ועשית הטוב והישר בעיני ה'" וואָס השי"ת רופט „טוב" (ראה נתתי לפניך את החיים ואת הטוב), און „רע" הייסט וואָס איז רע בעיני ה'. דער עץ הדעת אָבער האָט ענטוויקלט דעם שכל, ער זאָל זיין זעלבסטשטענדיק צו רופן טוב ורע לויט זיין פאַרשטאַנד, געבן די בחירה צום טוב פון די קערפּערלאַכע חושים, און אַנטלויפן פון רע נאָך די קערפּערלאַכע חושים, אזוי ווי דער קינד קען זיך מאַכן גליקלעך, די גאַנצע וועלט זאָל זיין פאַר אים ווי א גן עדן, ווען ער זאָל רופן „טוב ורע" וואָס זיינע אמת'ע גוטע פריינט (די עלטערן) רופן גוט און שלעכט, היינו „טוב" הייסט ער זאָל עסן אין דער צייט געזונטע שפּייז, און לערנען פלייסיק די צייט פון לערנען, און שרייבן אין דער צייט פון שרייבן, און שפּאַצירן אין דער צייט פון שפּאַצירן, אַלעס טאָן אין דער צייט, וואָלט ער אויסוואַקסן געזונט און געבילדעט אין חכמת התורה און וועלטלעכע וויסנשאַפטן, אז גאָט און לייט וואָלטן זיך מיט אים פרייען. אז ער פאַרעקשנ'ט זיך אָבער און רופט „טוב ורע" נאָך זיין חוש, נאָך זיין קליין קעפּעלע קומט אויס „טוב" הייסט עסן שטענדיק קענדי און שאָקאָלאַדקעס, און שפּילן אין באָל, ניס און קנעפּלעך, און „רע" הייסט (וואָס די מאַמע זאָגט) אז אָנשטאָט א סך קענדי בעסער אויפן פרימאָרגן טרינקען אַ גלאָז מילך און עסן אַ בולקע מיט פּוטער, דאָס איז רע, ובפרט נאָך געהן אין חדר דאָס איז בא אים דער גרעסטער „רע". מיר פרשטייען גאַנץ גוט צו וועלכע אומגליקן זיינע מבינות אויפן טוב ורע וועט אים ברייגנען. פון די קענדי וועט ער איבערפירן דעם בויך מיט די ציינער און אויסוואַקסן אַ קראַנקער פּויער, א גבר לא יוצלח. דאָס גלייכן ווען דער מענטש (דער 30-יאָריקער אינגל) וואָלט ניט אורטיילן מיט זיין קליינער קעפּעלע וואָס טוב ורע הייסט, נאָר ועשית הישר והטוב בעיני ה' (ולא הישר בעיני שכלך), וואָלט דאַן געוועזן די וועלט פאַר אים ווי א גן עדן, ער וואָלט זיין געזונט און מאריך ימים זיין מיט גרויס צופרידנהייט.**

החיים, היינט אַז ער וועט זיין נאָענט פון גן־עדן פיליכט וועט ער נעמען יעדעס מאָל פון עץ החיים וועט ער אַזוי לעבן אייביק. און ווי ער רעכנט איצט אַז ער אַליין איז דער מבין אויף טוב ורע, איז לעבן אייביק אַ קנאַפּער תכלית פאַר אים, דאַרום האָט ער אים מיט איין שטורעם ווינט אַרויסגעטראָגן פון גן־עדן און האָט געמאַכט רוען פון מאָרגן־זייט די כרובים (מלאכים אין געשטאַלט פון קליינע קינדער) און בלאַנקען שווערד וואָס פאָכעט הין און הער לשמור, צו פאַרהיטן די וועג וואָס געהט צום עץ החיים א). און דאַרום שטעהט (וישלחהו

---

## שערי ציון

א) תלמיד, וואָס באַדייט דער ה׳ הידיעה פון ה׳ כרובים, עפּעס ווי־ אַלע ווייסן ווער די כרובים זיינען?

רב, מיין זון, בעת די תורה איז געשריבן געוואָרן האָבן אידן געוואוסט, ווייל די כרובים זיינען געשטאַנען אין משכן אויפן כפּורת.

תלמיד, אויב אַזוי, וואָס פאַר אַ מחותן איז דער „להב החרב המתהפכת" וואָס ווייזט אויף מלחמה און בלוט פאַרגיסונג, צו די „כרובים" וואָס ווייזן אויף דעם כבוד ה׳ וואָס האָט גערוט אויף זיי?

רב, איך וועל דיר דערקלערן דעם פשט פון „לשמור את דרך עץ החיים", וועסטו זעהן אַז זיי זיינען יאָ מחותנים.

תלמיד, איך בין זעהר גערן צו הערן.

רב, דער וואָרט „לשמור את דרך עץ החיים" האָט צוויי געדאַנקען. איינס, היטן דעם מענטשן ער זאָל ניט אריין אַהין אָן דערלויבעניש. דאָס צווייטע, היטן די וועג זי זאָל ניט פאַרוואַקסן ווערן מיט דערנער און פאַר־ לאָרן געהן פון מענטשנס אויג, אום ער זאָל קענען ווידער קומען אַהין בעת ער וועט ווערט זיין. דער בורא ב״ה האָט געוואָלט, אַז די וועלט זאָל זיין פאַרן מענטשן ווי אַ גן־עדן, ער זאָל זיין צופרידן פון זיין לעבן, האָט ער אים באַמערקט, ער זאָל ניט פרעגן זיינע חושים זיי זאָלן אים צייגן וואָס „טוב ורע" הייסט. וואָרום דאַן וועט ער פאַרקריכן אין אומגליק, ווי איך האָב דיר דערקלערט מיטן משל פון אַ קינד, נאָר ער זאָל זיך איבערגעבן צום רצון ה׳, וואָס גאָט זאָגט „טוב" זאָל ער בוחר זיין, און וואָס גאָט זאָגט „רע" זאָל ער אַנטלויפן פון דעם ווי פון אַ שלאַנג, וואָלט דאַן זיין די וועלט פאַר דער מענטשהייט ווי אַ גן־עדן, אַלע וואָלטן לעבן מיט פאַרגעניגן און גרויס צו־ פרידנהייט, און מ׳וואָלט אַלע צייט שטייגן העכער און העכער אין וויסנ־ שאַפט. אָבער דער מענטש וואָס האָט צוגעהערט זיך צום נחש, אַז זיינע חושים זאָלן זיין די מבינים אויף טוב ורע, איז געקומען צו אַלע אומגליקן, ווי מיר זעהן, גלייך האָט איין ברודער (קין) דערמאָרדעט דעם צווייטן. אַ דור המבול, אַ סדום ועמורה. דער בורא וויל דאָך פאָרט די מענטשהייט זאָל קומען צו איר תכלית, מאַכן די גאַנצע וועלט ווי אַ גן עדן, האָט ער אונז

ה' אלהים) דער שם הרחמים צו ווייזן אז מיט דער זעלבער טרייהייט און רחמנות, וואָס ער האָט אים אַריינגעפירט אין גן־עדן, מיט דער זעלבער אהבה האָט ער אים דערהווייטערט פון גן־עדן, בכדי אין בית־הספר פון „עצבון" (אין שמערצן־שולע, וואָס די לערער צרה ויגון גיבן דאָרטן לעסאָנס) זאָל ער אָנהויבן צו פילן און שפירן ווי ווייט נויט־ווענדיק ער איז צו גאָטעס הילף, וואָס עס איז דערווייטערט פון אים הורך זיין נאַרישן אויפפירונג, און ווי גוט עס איז ווען גאָט איז נאָענט צו אים, וועט ער אָנהויבן צו בייגקען צוריק צו די התקרבות פון השי"ת (נכספה וגם כלתה נפשי לחצרות ה').

---

## שערי ציון

געגעבן אַ תורה און בוהר געווען ארץ ישראל און געבויט אַ מקדש און דאָרטן האָט ער געמאַכט רוען זיין שכינה. איז ווען מיר וואָלטן זיך געפירט עפ"י התורה, וואָלט די לאַנד געווען פאַר אונז אַ גן עדן, ווי אין פ' בחקותי שטייט (ונתתי שלום בארץ, ונתתי משכני בתוככם) און מיט דער צייט וואָלט ארץ ישראל דערלאַנגען אַ שיין אויף דער גאַנצער וועלט, אויסאיידלען די מענטשהייט, די גאַנצע וועלט זאָל זיין ווי אַ גן עדן (וגר זאב עם כבש, כי מלאה הארץ דעה את ה'), אַז דאָס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן (ווייל די בחירה איז דאָך ביים מענטשן), וועט דאָס געהן מיט אַן אנדער וועג, הייגו דורך דעם גרויסן פיזור פון אידן בארבע כנפות הארץ, און דורך די בילדונג וואָס די וועלט פראָגרעסירט פון יאָר צו יאָר, הייגו די וועלט וועט זיך איבער־צייגן אין איר גרויסן טעות. מ'האָט אַמאָל געמיינט, אַז ווען אַלע וועלן זיין געבילדעט וועט דאָ אין גלות זיין ארץ ישראל. היינט זעהן מיר שוין אַז נאָך אַלע בילדונג ווערן די צרות גרעסער פון טאָג, די מענטשהייט יאָגט איינע די אַנדערע, טייכן בלוטן גיסן זיך, קיינער געפינט קיין צופרידנקייט אין לעבן, אַלע טאָג זיינען פול די בלעטער פון זעלבסט־מאָרדן. הכלל דער שוועו־ד געהט ניט צוריק אין שייד, נאָר עס פאָכעט הין און צוריק. איז אין אַזאַ פינסטערע נאַכט דערשיינט פאָרט אַ בליץ פון השגחת הבורא אויף אידן. אַזאַ שוואַכע שעפעלע האָט אַ קיום צווישן אַזויפיל הונגעריקע וועלף. און אַזוי ווי די וועלט ווערט וואָס ווייטער מער איבערצייגט, אַז וויסנשאַפט אָן תורה קען ניט געבן קיין צופרידנהייט אין לעבן 1), אַז אַלע מענטשן זאָלן

---

1) ווי דער תנא זאָגט (אין אבות) „אם אין תורה אין דרך ארץ" ד. ה. אויב מען רעכנט ניט די בילדונג פאַר אַ וועג וואָס פירט צו דערקענען די גרויסקייט פון דער תורה, נאָר מ'רעכנט אַז זי אליין קען פאַרטרעטן די שטעלע פון דער תורה, אַזאַ בילדונג איז ניט די וועג וואָס פירט צום עץ החיים, נאָר אַ וועג צו אַלע בלאָטעס און זומפן, צו דערטרינקען אַלע גוטע מדות און מאַכן זיך אַ שלומפער פון תאוות ביזן קאָלנער.

די געשיכטע פון „עץ הדעת מיטן שלאַנג" איז אַ ליכטיקער בילד פאַרן מענטשן צו לערנען פון אים פיל טייערע זאַכן. דאָס ערשטע, זיך איינצושאַפן די מדה פון הכרת טובה (דאַנקבאַר זיין), וואָס זי איז דער שורש פון אַלע מדות טובות, און אויסווייכן די פאַרדאַרבענע מדה „כפוי טובה" (אונדאַנקבאַר), וואָס פירט צו אַלע אומגליקן. למשל, אַ גראַף האָט אויסגעבויט אַ גרויסאַרטיקן פאַלאַץ מיט אַ טייערן גאָרטן, און האָט צוגעפּוצט אַ בופעט מיט אַלעם גוטעם וואָס אַ מויל קען נאָר ריידן, אין מיטן בופעט איז געשטאַנען אַ פּיראַמידע מיט שיינע וויינטרויבן אָנגענעם צו זעהן. דער גראַף האָט איינגעלאַדן געסט און האָט זיי געזאָגט, איך גיב אייך איבער דעם גאַנצן פּאַלאַץ מיט די פעלדער און גערטנער אַרום. עסט און טרינקט פון אַלעם גוטן, עס זאָל אייך וואויל באַקומען, נאָר פון די וויינטרויבן (וואָס שטעהט אין מיטן) זאָלט איר זיין פאָרזיכטיק ניט צו נעמען. איז די אָרענטלעכע דאַנקבאַרע געסט האָבן זיך אויפגעפירט ווי אַן אורח טוב דאַרף צו זיין, זיי האָבן געלויבט דעם בעל הבית, און האָבן זיך מתבונן געווען וואָס פאַר אַ גערימטער אינזשינער ער איז, וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ ער האָט אויסגעבויט פאַר אונז, וואָס פאַר אַ טייערער באָטאַניקער ער איז, וואָס פאַר אַ טייערן גאָרטן ער האָט

---

### שערי ציון

לעבן ווי בר דער און די פאַרדאַרבנקייט זאָל פאַרשוואונדן ווערן ווי אַ רויך, פעלט נאָר היינט איין רעכטער שטראַל, דער כבוד ה' וכבוד התורה זאָל אַ שיין טאָן, וועט דאַן די גאַנצע מאַסע זיך אַ קער טאָן צום אמת, און עס וועט מקוים ווערן די נבואה (וכתתו חרבותם לאתים, וגר זאב עם כבש, כי מלאה הארץ דעה) און די וועלט וועט ווערן ווי אַ גן עדן פאַרן מענטשן — דאָס איז דער געדאַנק, ווער היט די וועג פון עץ החיים? זי זאָל ניט פאַר־שטיינט ווערן, אַז די מענטשהייט זאָל זיך אַמאָל קענען צו איר אומקערן, דאָס איז די „כרובים" (הידועים), די התגלות כבוד ה' וואָס עס ווערט ביס־לעכווייז נתגלה דורך דעם „להט החרב המתהפכת", וואָס מ'זעט אַז ווען מ'לעבט אַ מאַטעריאַלישן לעבן, ווי אַ בהמה, ווערט די וועלט אַ שלאַכט־פלאַץ, איינער דעם אַנדערן וואָלט וועלן הרגנען און אַליין געפינט מען ניט קיין צופרידנהייט אין לעבן אַז פיל דערמאָרדן זיך זעלבסט, ווייל זיי ביינקען בהסתר נאָך אַ מאָראַלישן לעבן. די מאַטעריאַליסטן אַליין זיינען מודה, אַז די צופרידנהייט אין לעבן האָבן נאָר די מאמינים, די רעליגיעזע מענטשן. איז ווי עס וועט נאָר אַ רעכטער שיין טאָן כבוד ה' (בעת שגלוי לפניו יתברך) וועלן זיך אַלע קערן צוריק פון דער וועג פון עץ החיים (תמצית הדברים, ה' נפרד מעל האדם, אולם הוא הפקיד את הכרובים (הופעת כבוד ה') ואת להט החרב (הצרות) לשמור ולנצור בעדו את דרך עץ החיים. עטרת צבי).

געפלאַנצט פאַר אונז, וואָס פאַר אַ געריממעטער קולינאַר ער איז צו־צוריכטן פאַר אונז אַזעלכע געשמאַקע שפייזן און באַטעמ'טע געריכטן, אַלעם וואָס ער האָט דאָ געטאָן האָט ער דאָך נאָר פאַר אונז באַמיהט זיך צו טאָן (אורח טוב מה הוא אומר, כמה טרחות טרח בעה"ב בשבילי, ברכות נח), מיט וואָס זיינען מיר אימשטאַנד אים אָפּצודאַנקען דער־פאַר, און פון דעם וואָס מיר זעהן זיין גרויס טרייהייט צו אונז מיט דעם וואָס ער האָט פאַר אונז געגרייט אַזעלכע זאַלן און בופעטן פאַר־שטייען מיר, אַז די וויינטרויבן וואָס ער האָט אונז פאַרבאָטן ניט צו עסן, איז דאָס אויך צו אונזער גליק, ווייל ער איז אַ גרויסער פראָ־פעסאָר וויים ער אַז דאָס איז זעהר שעדלעך פאַר אונזער מזג, דאַרפן מיר זעהן פאָרזיכטיק צו זיין און היטן שטרענג זיין באַפעל, וואָס דאָס איז געצילט נאָר צו אונזער גליק. צווישן די געסט איז אָבער געווען איינער אַן אונדאַנקבאַרער, אַ שווינדלער, אַ טריפה'נע האַלז, וואָס האָט נאָר אויסגעקוקט אויף די וויינטרויבן ווי שיין און אַנגענעם זיי קוקן אויס. ווי ער האָט דערהערט אַז דער בעה"ב האָט פאַרבאָטן עס ניט צו עסן, איז ער צאָרנדיק געוואָרן און געאורטיילט דעם האַר מיט שלעכטע מיינונגען. ער האָט געבורטשעט צו זיך אַליין: „אַ גוטע זאַך וועט ער אונז דען פאַרגינען?" און פון גרויס פאַרדרוס האָט ער אָן אַלע גוטע זאַכן פאַרגעסן און נאָר געמורמלט, וואָס מען האָט אים ניט פאַרגונען געניסן פון די ליבלעכע טרויבן. — פילייכט האָט דער האַר פאַרבאָטן מען זאָל פון קיין זאַך געניסן? (רופט ער זיך אָפּ צו איינער אַ לייכטזיניקער פון דער פובליק). — חלילה! (ענטפערט אים יענע), פון אַלעם איז דערלויבט צו עסן, נאָר די טרויבן אַליין זיינען פאַרבאָטן מען זאָל ניט עסן, מען זאָל זיך אפילו ניט צורירן צו דעם, פילייכט וועט דאָס אונז פאַרשאַטן. — ניין! (זאָגט דער אומדאַנקבארער גאַסט צו איר, עס איז ניט אמת, עס וועט אונז ניט שאַדן, נאָר דער האַר פאַרגינט אונז ניט, ווייל ער וויים דאָס ווען מ'וועט פון דעם עסן וועט ליכטיק ווערן אין די אויגן און דער שכל וועט ענטוויקלט ווערן און מען וועט זיין חכמים אַזוי ווי ער. די גיפטיקע אומדאַנקבאַרע ווערטער זיינען אַריין דער לייכטזיניקער פרוי אין האַרצן, זי האָט שטאַרק אָנגעהויבן קוקן די וויינטרויבן ווי ליבלעך זיי זיינען אָנצו־זעהן און געווים זיינען זיי גוט צום עסן, און זי האָט גענומען און געגעסן און נאָך אַ צווייטן צוגערעכט צום עסן. און דאַמאַלסט איז אויף זיי אַלעמען געקומען דער בייזער סוף, וואָס דער גוטער האַר דער פּראָפעסאָר האָט זיי פריער פאָרזיכטיק געמאַכט.

דער נמשל איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך. די טרויבן זיינען דער „עץ הדעת". דער אומדאַנקבאַרער איז „דער שלאַנג" וואָס ער איז דער סימבאָל פון אַ כפוי טובה, ער האָט אַריינגעפּליסט „זוהמא" (אַ

פלעק אין כאראקטער) אין דער לייכטזיניקער פרוי, צו פארגעסן אלע טובות וואס השי"ת האט מיט זיי געטאן, נאר צו טראכטן שלעכטע געדאנקען אויף גאט פאר דעם קליינעם פארגעניגן וואס ער האט זיי ניט דערלויבט א).

תמצית הדברים איז, אז דער ספור פון עץ הדעת איז א וויכ־טיקער בילד און א ליכט צו דעם מענטשנס טריט, ער זאל וויסן אז עס איז דא א מנהיג לבירה, א טוב ומטיב וואס האט באשאפן דעם מענטשן נאר צו זיין גליק, און ער דארף שטענדיק זיך מתבונן זיין „בגדולתו של יוצר בראשית" און מכיר טובה זיין פאר אלע גוטעס שגמל עליו, און אנערקענען אז דאס אלעם וואס איז פארבאטן ניט צו געניסן איז דאס אויך צו זיין גליק, ווען אויך זיין שכל איז קורץ

---

## שערי ציון

א) תלמיד, צו וואס האט גאר דער גראף געשטעלט די טרויבן אויפן בופעט עס זאל זיי רייצן? אויב עס איז פאר זיי שעדלעך, האט ער געזאלט באהאלטן אונטער א שלאס?

רב, די אידעלע געסט האבן דאס פארשטאנען ווען זיי האבן זיך טיפער מתבונן געווען אין דער חכמה נפלאה פון דעם גראף און זיין גוטהערציקייט, אז ער האט זיי דעם גאנצן גוט מיט דעם פארמעגן זיי אפגעגעבן, טא ווי אזוי קען מען גאר דענקען אז אזא קליינקייט ווי ווייטרויבן וועט ער זיי זשאלעווען? נאר ווייל דער גראף איז א גרויסער מעדיקער און ער ווייס זעהר גוט זייער ארגאניזם מיט זייערע געבליטן, איז געווים אן צווייפל אז דאס איז פאר זיי א גרויסע הילף. דער נמשל פארשטייט יעדער. וויבאלד אז דער בורא האט באשאפן דעם מענטשן ער זאל לעבן אייביק, און האט אים געמאכט פאר א האר איבער דער גאנצער נאטור (תמשילהו במעשה ידיך כל שתה תחת רגליו), טא וויפיל פעלט אז ער זאל פארגעסן אן די אלע זאכן און מיינען אז ער איז אליין א גאט (אעלה על במתי עב אדמה לעליון! און דאן וואלט ער פארקריכן אין אלע צרות, דארום האט השי"ת מיט זיין חסד גע־שטעלט דעם עץ הדעת אין מ־טן גארטן און אים אנגעזאגט אז פון דעם זאלסטו ניט עסן. די איינציקע אזהרה האט זיי דערמאנט אז זיי האבן אויף זיך א ווירט, און בעת ער איז זיך פורש פון דער עבירה (פון עסן דעם עץ הדעת), מיט דעם איז ער אויף זיך מקבל די געהארכזאמקייט פון וועלט באשעפער (כמ"ש רש"י (ויקרא כ כו) פורש מן העבירה ומקבל עליו עול מלכות שמים), און בזכות דער אמונה אז זיי האבן אויף זיך א ווירט און פארטרויען זיך אויף אים, וועדן זיי געשיצט פון אלע פגעי הזמן, און ווען ניט די קליינע אזהרה האבן זיי געקאנט מיינען אז עס איז גאר ניטא קיין בעה"ב, אז זיי אליין זיינען די בעלי בתים פון דעם פאלאץ וואס דער גראף האט זיי איבערגעגעבן (וורדו בדגת הים כו').

צו פֿאַרשטיין. מיט דעם געדאַנק וועט אים לייכט זיין צו טראָגן אויף זיך דעם עול מלכות שמים, און וועט שטענדיק זיין אַן עובד בשמחה ובלב טוב מרוב כל, און וועט לעבן אַ גן־עדן לעבן אויף דער וועלט, און דורך דעם וועט ער זיין געשוצט פֿון דער השגחה עליונה, פֿון אור ה׳ (כתנות אור, ה׳ אורי וישעי ממי אירא, ה׳ מעוז חיי ממי אפחד). און דער גרעסטער אומגליק איז, אַז מען ווערט אַ כפוי טובה, און ממילא ווערן צו לאַסט אַלע אזהרות פֿון דער תורה, מען מיינט אַז צו זיין אומגליק איז אים געשטערט אַלע הנאות, איז ער אין שלעכטן מיינונג אויף דעם פֿאָטער אין הימל און איז שטענדיק ברוגז אויף השי״ת. איז זיין שטראָף מדה כנגד מדה, השי״ת טוט אָפּ זיין השגחה פֿון אים און איז אים מוסר למקרי הטבע ולפגעי הזמן, בלייבט ער נאַקעט אָן שום שוץ, און די אַלע שוצונג וואָס דער מענטש מאַכט זיך האָט דאָס אַ האַפּט ווי די שירצן פֿון עלה תאנה, וואָס אַמאָל קענען זיי נאָך שטעכן (ווי עס איז באַוואוסט אַז די בלעטער פֿון חוה׳ס פייגן זיינען שטעכעדיקע), נאָר השי״ת ברוב חסדו אשר חשב מחשבות לבל ידח ממנו נדח, האָט אונז באַשאַפֿן נאַטירלעכע מיטלען (ברא שבלול לכתית כו׳, שבת עז:), און האָט זיי באַקליידט מיט כתנות עור א).

אַ צווייטע לערע האָבן מיר פֿון דער געשיכטע, ווען מיר וועלן פֿאַרשטיין צו וואָס האָט דער בורא באַשאַפֿן דעם עץ החיים? אַז געגעסן האָט אדם פֿון אים ניט, און נאָכדעם איז שוין געשטעלט געוואָרן אַ גרויסע שמירה ער זאָל ניט קענען צוקומען צו אים? און ווידער וואָס איז די מליצה „הדעת טוב ורע״? נאָר די מעשה איז איינפֿאַך. דער סאָרט קלוגשאַפֿט וואָס מען באַקומט פֿון עץ הדעת איז אַמאָל „טוב״ און אַמאָל „רע״ זייער שלעכט. ווי מיר זעהן פֿון

---

## בנין ציון

א) **תלמיד**, מיט דעם פֿאַרשטייט איך דעם מדרש „בראשית״ בשביל „בכורים״ שנקראו ראשית. ווייל בכורים לערנען אונז מכיר טובה זיין, השי״ת האָט באַזאָרגט אַז מיר וועלן זיך באַזעצן אויף אונזער לאַנד, בכדי מיר זאָלן חלילה ניט פֿאַרגעסן אַז אַלעס האָט ער אונז געגעבן, מצות בכורים, וואָס דאָס ווערט געמאַכט מיט גרויס פֿאַראַד, בכדי עס זאָל שטאַרק פֿאַרוואָרצלט ווערן באַ אונז מיט אונזערע קינדער די מדה פֿון „הכרת טובה״, אַז איז פֿאַראַן אַ ווירט און מיר זיינען באַ אים נאָר אריסים, דאַרפֿן מיר די ערשטע צייטיקע פּרוכט ברייננען דעם בעל הבית, אים דאַנקבאַר זיין פֿאַר דער גוטער לאַנד (כמ״ש ובאת אל הכהן כו׳ ואמרת אליו (ופרש״י שאינך כפוי טובה). דאַמיט וועלן מיר שטענדיק זיין צופֿרידן פֿון אונזער לעבן און פֿרייען זיך מיט די גוטעס וואָס ער האָט אונז געגעבן (ושמחת בכל הטוב כו׳ און דערמאָנען זיך אָן דעם אָרימען למדן, אתה והלוי כו׳).

זיינע פרוכט (די ווײַן). ווײַן איז מפקח דעם שכל (חמרא וריחני פקחין), אָבער ווען? נאָך אַ גוטן מיטאָג פון פיש און פלייש, אַז מ׳טרינקט אַ גלאָז גוטע ווײַן פאַרדייעט דאָס די שפּײַז און עס מאַכט מונטער. ווען אָבער מ׳זאָל טרינקען אויף אַ ניכטערן האַרצן, פאַרדולט דאָס די קאָפּ און עס דוכט זיך אַז די וועלט דרייט זיך. דאָס זעלבע אַז אדם וואָלט פריער עסן פון „עץ החיים" און פון אַנדערע ביימער און וואָלט אַזוי געווען אין דעם מצב אַ באַשטימטע צייט, וואָלט אים נאָכהער דערלויבט זײַן צו עסן אויך פון עץ הדעת, ווי גאָט האָט אים געזאָגט פריער אַז „מכל עץ הגן אכול", איז נאָכדעם „תאכל" אפילו פון עץ הדעת א), אָבער די לייכטזיניקע פרוי, די היץ-קאָפּ האָט זיך גאײַלט כאַפּן פון עץ הדעת פאַר דער צייט, איז זי געשעדיקט געוואָרן. — די געשיכטע פון עץ הדעת מיט דער לייכטזיניקער חוה שפּיגלט זיך אָפּ אין פיל פון אירע לייכטזיניקע טעכטער. אין פאַרצייטיקע דורות געפינען מיר פיל גרויסע מענטשן אין תורה און יראת שמים, וואָס האָבן געלערנט וועלטלעכע בילדונג, זיי האָבן פאַרטראָטן גרויסע שטעלעס בהצרות המלכים, ווי רבנו גרשום מאור הגולה, ר׳ שמואל הנגיד, דער רמב"ם, דער אברבנאל, און נאָך כמה וכמה. און דאָס האָט זיי גאָר ניט געשטערט צו אידישקייט, זיי זײַנען געווען גדולים בתורה ובמעשים טובים. און היינט, צום גרויסן באַדויערן, ווי מען פאַרזוכט נאָר פון בילדונג, קוים אויפן שפּיץ מעסער, וואַרפט מען גלײַך אַראָפּ די ציצית ותפילין, שבת מיטן גאַנצן דת, און מ׳ווערט אַ טריפה האַלז און אַ בעל תאוה. דער אומגליק איז דער זעלבער וואָס מיט חוה׳ן. פאַרצײַטן האָט מען פריער געגעסן פון „עץ החיים", דאָס איז די תורה און פון אַנדערע ביימער דאָס איז יראת שמים און מדות טובות, אַז מען האָט זיך אָנגעשפּייזט מיט בשר ודגים (תורה ומוסר ומעשים טובים), האָט מען נאָכדעם געגעסן דעם בוים פון וויסנ־שאַפט, איז ער דאַן געווען „טוב" ווי אַ גוטע גלאָז ווײַן נאָך אַ מיטאָג

---

## שערי ציון

א) תלמיד, ערשט פאַרשטיי איך וואָס דער וואָרט „ממנו" באַדייט. פאַרלויפיג איז ער איבעריק, עס שטייט דאָך שוין „ומעץ הדעת טוב ורע לא תאכל", טאָ וואָס ווייזט דער ממנו? נאָר דער „ממנו" איז מדייק אַז פון אים אַליין אויף אַ ניכטערן האַרצן (איידער דו וועסט עסן דעם עץ החיים) טאָרסטו ניט עסן. און חוה האָט געכאַפּט פון עץ הדעת אויף אַ ניכטערן האַרץ, ווי עס ווייזט די רייד פון נחש (אף כי אמר אלקים)הגם גאָט האָט געזאָגט איר זאָלט עסן פון אַלע ביימער, (לא תאכלו) הייבט איר ניט אָן צו עסן (מכל עץ הגן) פון קיין בוים. האָט זי געענטפערט, פון אַלע ביימער ווען מיר עסן נאָר פון דעם בוים „אַליין" ניט.

פון פיש און פלייש. אָבער היינטיקע היץ־קעפּ, די לייכטזיניקע חוה׳ס, וואָס איילן געשווינד אוועקגעבן דעם קינד אין גימנאַזיע (הייך־סקול) איידער ער האָט געפרישטיגט, איידער ער האָט דורכגעלערנט תורה מיט אייניקע מסכתות תלמוד, קריגן אַ געפיל אין תורה שבכתב ותורה שבע״פ, דערלייכטן זיינע אויגן מיט דעם מאור התורה, און אויף אַ ניכטערן הארצן גיט מען אים שוין בילדן, פאַרדולד דאָס די קאָפּ און פאַרשכורט אים, אַז ער ברעכט אויס די מילך וואָס ער האָט געזויגן. די ביסל אידישקייט וואָס ער האָט אָנגעזויגן פון זיינע עלטערן. —

אויך לערנען מיר פון דעם ווי ווייט מ׳דאַרף זיך היטן פון קנאה. דער נחש האָט זיך מתקנא געווען אין אדם הראשון וואָס ער האָט אַזאַ שיינע פרוי, אויך חוה האָט תאוה געהאַט צו דעם עץ הדעת (וכי תאוה הוא לעינים), אויך האָט זי נאָכגעיאָגט כבוד, זיין ווי די מלאכים (יודעי טוב ורע), דאַרום זאָגן אונזערע חכמים (אין פרקי אבות), „הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם״. אויך איז דאָס אַ לער־נונג ווי ווייט מען דאַרף זיך היטן פון צו האָבן אַ בייז האלז, דורך דער בייז האלז, צו וועלן עסן וואָס מען טאָר ניט איז זי געקומען צום גרויסן אומגליק. דאַרום האָט מען געגעבן דער אשה די מצוה פון חלה וואָס דאָס איז מרמז אַז די שפייז זאָל זיין הייליג, כלומר גוט אַכטונג געבן אין קיך, עס זאָל זיין כשר נאָך דער געבאָט פון אונזער הייליקער תורה און וואו עס מאַכט זיך אַ ספק דאַרף מען פרעגן אַ שאלה ביי אַ מורה הוראה.

והאדם ידע, אדם האָט דערקענט זיין פרוי חוה און זי איז שוואַנ־גערשיק געוואָרן און געבוירן אַ זון קין א), ותאמר, און זי האָט געזאָגט, איך האָב מיר דערוואָרבן אַ מענטשן בשותפות מיט גאָט, כלומר מיך מיט מיין מאַן האָט גאָט אַליין באַשאַפן, אָבער אין דעם קינד זיינען מיר אויך שותפים מיט גאָט, ווי די חכמים זאָגן (שלשה שותפים באדם) אין מענטשנס געבאָרנשאַפט זיינען דאָ דריי שותפים. פאָטער און מוטער גיבן די פלייש מיט די ביינער און הקב״ה גיט די שיין אין די אויגן, די נשמה מיטן שכל. ותוסף, און זי האָט ווידער געבוירן זיין

### שערי ציון

א) דער וואָרט „את״ וואָס שטעהט באַ יעדערן (את קין, את הבל) ווייזט אַז מיט יעדערן איז געבאָרן געוואָרן אַ צווילינג (אַ טאָכטער) האָבן קין און הבל נאָכהער גענומען די שוועסטער פאַר פרויען. דאַרום ווען די תורה האָט פאַרבאָטן ניט צו נעמען אַ שוועסטער פאַר אַ פרוי (אין סדרה קדושים) שרייבט זי „חסד הוא״ כלומר, אויב דו וועסט פרעגן וואָרום האָבן קין און הבל גענעמען זייערע שוועסטער? (איז דער ענטפער) דאָס איז געווען אַ חסד פון דעם בורא, עס זאָל אויפגעבויט ווערן אַ וועלט. ווייל קיין אַנדערע פרויען זיינען ניט געווען. שפּעטער איז דאָס שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן.

ברודער הבל. רעה צאן, הבל האָט זיך גענומען צו דער פּראָפעסיע פון פּיטערן שאָף א), אָבער קין איז געווען אַן ערד־אַרבייטער (אַקער־בויער). ויהי מקץ, און עס איז געווען אין פאַרלויף פון דער צייט, כלומר אַז עס האָבן אויסגעוואַקסן די גרינסן אין גאָרטן, די תבואה אין פעלד, וואָס קין האָט געזייט. ער האָט געזעהן די גרויסע וואונדער אַז פון אַ צעפּוילטן קערענדל איז אַרויס אַזעלכע שיינע פּרוכטן, אַזעלכע שיינע זאַנגען קערנער, איז די התפעלות (איבעראַשונג) זיינע געווען אַזוי גרויס, אַז דער געוויסן האָט אים געפאָדערט (שטאַרק געמאַנט ביי אים) עפּעס אָפּצאָלן גאָט דערפאַר. אָבער מיט וואָס קען ער אים אָפּצאָלן? (גאָט דאַרף קיין זאַך ניט), איז צו באַרואיקן זיין האַרץ האָט ער געבראַכט אַ קרבן מנחה צו גאָט פון די ערד־פּרוכט, און ווי פאַרצייטן איז דער בכור געווען דער עיקר הבית ב), וואָלט הבל אויך יוצא זיין מיט קין׳ס מנחה. דערציילט די תורה, והבל הביא גם הוא, אַז הבל האָט ניט געוואָלט יוצא זיין מיט קין׳ס מנחת, און ער האָט באַזונדער געבראַכט, און ניט ווי קין האָט געבראַכט פון וואָס עס איז אים אַריינגעפאַלן אין האַנט. ניין, הבל האָט געבראַכט מבכורות צאנו, פון די ערשטע און דאָס בעסטע פון זיינע שאָף. לערנען מיר פון דעם

---

### שערי ציון

א) תלמיד, וואָרום שטייט ניט כסדר ויהי קין עובד אדמה און נאָכדעם והבל רועה צאן?

רב, דער פסוק דערציילט דעם שבח פון הבל, ער איז געווען אַן אוהב שלום. ער האָט ניט געוואָלט מאַכן קיין קאָנקורענציע (מסיג גבול זיין) מיט קין. דאָס איז די כונה, עס זאָל דיר ניט זיין קיין וואונדער וואָרום האָט הבל זיך גענומען צו פּאַשען שאָף, ניט צו דער אומנות וואָס זיין פאָטער האָט געטאָן, ווי עס שטייט אויבן (וישלחהו ה׳ מגן עדן לעבוד את האדמה), און ווי די חז״ל זאָגן „אל ישנה אדם מאומנות אבותיו״, ענטפערט דער פסוק, די אורזאַך איז ווייל „וקין היה עובד אדמה״, האָט הבל ניט געוואָלט אים משיג גבול זיין (כלומר ער זאָל אים ניט דאַרפן שטיין אין וועג).

ב) איינער פון די טעמים וואָס דער בכור איז געווען דער גאַנצער פירער פון שטוב איז טאַקע צוליב דעם, ווייל פון ערשטן קינד האָבן אדם וחוה געהאַט גרויס התפעלות. זיי זעהן דעם ערשטן מאָל אין זייער לעבן, אַז פון אַ טראָפּן וואַסער איז באַשאַפן געוואָרן דורך זיי אַזאַ וואונדערלעכע מאַשינע ווי דער מענטש איז. ווי זי אַליין האָט געזאָגט, „קניתי איש את ה׳״, און אין קליינעם פאָרמאַט האָט יעדע מוטער התפעלות פון ערשטן קינד, איז דאָס אַזוי געבליבן אַז דער בכור (דער גדול הבית) זאָל זיין דער גאַנצער פירער פון שטוב, אויך ליגט אין דעם אַ רמז אויף השארת הנפש, ווי מיר האָבן געשריבן אין פּרי הגפן (פ׳ תולדות).

אז קין האט נאר געוואלט בארואיקן זיין הארץ, ווי איינער זעהט א קאליקען ארימאן און דער רחמנות פארקוועטשט אים דאס הארץ, גיט ער אים א נדבה, קען זיין אז די נדבה איז נאר אייגננוציק, צו היילן זיך די הארץ שמערצן. אבער הבל האט געבראכט פון די שענ־סטע און בעסטע. מיט דעם אנטדעקט אונז די תורה זיין הארץ, אז ער האט דאס געטאן נאר מיטן ריינעם שכל, ווייל די פאדערונג פון דער נאטור האט ער געקאנט אפפאטערן מיט דעם וואס קין דער בכור וגדול הבית האט געבראכט. דארום האט השי"ת, וואס ער זעהט די הארץ פון מענטשן, געקערט צו הבל, און ווייל הבל איז אים געפעלן ממילא איז אים זיין מנחה אויך געפעלן, און עס איז אראפ א פייער פון הימל און פארברענט זיין מנחה. אבער צו קין און צו זיין מנחה האט ער זיך ניט געקערט, ווייל קין איז אים ניט געפעלן איז זיין מנחה אים אויך ניט לרצון. גאט דארף דען די מנחה? וואלט דאס קינ'ן ווייניק ארן, יא צוגענומען, ניט צוגענומען, אבי ער איז יוצא, ער האט באפרידיקט זיין הארץ און האט געבראכט. נאר אז הבל'ס מנחה האט גאט יא צוגענומען, דא האט זיך אויפגעוועקט א קנאה בא קינ'ען און עס האט אים זעהר פארדראסן, און ער איז בא זיך זעהר געפאלן. למה חרה לך? גאט זאגט צו קין, וואס ברענט דיר דיין הארץ מיט מיט קנאה אויף דיין ברודער הבל? קנאה איז זעהר א טייערע זאך, איך האבע עס באשאפן אין מענטשן ער זאל זיך מתקנא זיין אין דעם וואס שטעהט העכער פאר אים. אם תטיב שאת, אויב דו וועסט אויס־בעסערן דיינע מעשים וועסטו אריבער שטייגן דיין ברודער הבל, ואם לא תטיב, אויב דו וועסט אבער ניט אויסבעסערן דיין פירונג, ווי דען דו וועסט אין דיין מחשבה דערנידערן דיין ברודער, טראכטן אויף אים שלעכטע געדאנקען אום זיך אייצוריידן אז דו ביסט העכער פאר אים. לפתח חטאת רובץ, צו דעם אנפאנג צו דעם שלעכטן שריט לאגערט די זינד, כלומר מיט דעם קען מען פארקריכן אין אלע בלאטעס, און קומען צו אלע אומגליקן, קנאה פירט צו שנאה און שנאה פירט צו רציחה חלילה. ואליך תשוקתו, און דער פארלאנג פון דעם יצר הרע איז צו דיר, ואתה תמשל בו, אז דו זאלסט אים גובר זיין און הערשן איבער אים א) און אויב דער מענטש נעמט זיך ניט אין אכט גלייך

---

### שערי ציון

א) תלמיד, וואס הייסט דער יצר הרע פארלאנגט דער מענטש זאל אים ניט פאלגן און זאל נאך איבער אים הערשן? (ערקלערט דאס מיר).
רב, זאג מיר מיין קינד, ווי רעכנסטו איז דעם יוצה"ר'ס פארלאנג?
תלמיד, איך שטעל מיר פאר ווי דער תנא זאגט, (איזהו גבור? הכובש את יצרו), דאס הייסט אונטערדריקן א שוואכערן פון זיך איז ניט קיין קונץ,

פון אָנפאַנג אָפּטרייבן אים פון זיך, ווערט ער (דער יצה"ר) אַ בעל־הבית און קריכט אַרויף אויבן אָן און דאַן איז שוין שווער אים גובר צו זיין, מען מוז שוין דאַן אָנווענדן גרויסע קרעפטן.

---

## שערי ציון

אז מ'דריקט אונטער אַ שטאַרקערן פון זיך דאַן הייסט מען אַ העלד. גאָט וויל ברייננגען דעם מענטשן אויף אַ הויכע שטעלע, שטעלט ער אים פריער צום עקזאַמען אויב ער קאָן זיך האַלטן. ער הייסט אַ מלאך זאָל זיך מיט אים ראַנגלען, אַזוי ווי דער מלאך האָט זיך געראַנגלט מיט יעקב אבינו, און אַז יעקב האָט אים באַזיגט, האָט ער באַקומען אַ גרויסן פרייז, דעם נאָמען ישראל (כי שרית עם אלקים ותוכל), און אַזוי ווי דוד האָט געזיגט דעם גרויסן ריז „גלית הפלשתי" האָט ער געקראָגן אַ גרויסן נאָמען, „דער יונגער העלד", קען איך דען זאָגן אַז גלית האָט אינערליך פאַרלאַנגט אַז דוד זאָל אים באַזיגן?

רב, נאָכן משל פון גלית איז דיין פראַגע ריכטיק, אָבער דער יצה"ר מיטן מענטשן איז מער ענליך צו דעם משל פון יעקב אבינו מיטן מלאך. היינט ווי קען איך זאָגן אַז אַ מלאך, וואָס האָט קיין אייגענע בחירה, נאָר צו טאָן דעם רצון הבורא, וועט ער וועלן אומגליקלעך מאַכן יעקב אבינו (בחיר שבאבות) היפוך דעם רצון הבורא?

תלמיד, איך מוז מודה זיין אַז אייער פראַגע איז וויכטיקער פאַר מיינער, אַלזאָ בין איך געגרן איר זאָלט מיר דאָס דערקלערן.

רב, איך וועל דיר דערציילן אַ געשיכטע. אַ מלך אדיר האָט אויסגעבויט אַ גרויסע מדינה מעבר לים און האָט דאָרטן באַזעצט מיליאָנען איינוואוינער און האָט געוואָלט זעצן זיין יונגען זון דאָרטן רעגירן. דער קעניג איז געווען אַ גרויסער חכם, האָט ער אויסגערעכנט, איידער ער וועט איבערגעבן אין זיין זונס האַנט אַזאַ גרויסע מדינה, דאַרף מען זעהן אויב ער איז נאָר פעהיק צו דעם, צו רעגירן איבער אַ שטאָט. האָט ער זיך דערמאָנט אַ וואָרט פון אַ וועלט חכם (שלמה המע"ה), אַז דער מענטש אַליין איז אַ קליינע מדינה (עולם קטן), ער האָט אונטער זיין הערשאַפט פיל פאַרשיידענע כחות והפוכי כחות, אַלזאָ האָט ער באַ זיך באַשלאָסן פּרובירן אים, אויב ער וועט קענען זיך זעלבסט באַהערשן איז צו האָפן אַז ער וועט קענען הערשן איבער אַ גרויסער מדינה. מה עשה המלך? האָט ער אָפּגערעדט מיט אַ זונה זי זאָל אים אָנריידן צו אַ שענדלעכן טהאַט, און ניט איין מאָל נאָר טאָג פאַר טאָג ביז אַ באַשטימטער צייט. איז אויב ער וועט זיך קענען האַלטן און באַהערשן זיין ליידנשאַפט (תאוה), איז דאָס אַ גרויסער באַוויז, אַז ער וועט קענען שפּעטער רעגירן איבער דער מדינה, און אויב ער וועט זיך ניט קענען האַלטן און וועט פאַלן אין אירע הענט, פאַרשפּילט ער די מלוכה, ווי באַלד ער קען ניט הערשן איבער אַ קליינער שטאָט (איבער זיך), ווי אַזוי וועט ער הערשן

**א** טייל מפרשים טייטשן (לפתח חטאת רובץ) די מענטשלעכע פע־לערן, **היינו:** תאוה, שנאה, קנאה א. ד. ג. **ליגן ביים טיר און װאַרטן** אויב דער מענטש וועט זיי גוט אויפנעמען **אָדער** ניט. דער המשך פון פסוק **איז** אַזוי (אם תטיב שאת), אויב דו **וועסט זיי גוט אויפנעמען (ואם**

---

## שערי ציון

איבער א מדינה פון מיליאָנען איינוואוינער? זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אז דער מלך האָט פאַרשפּראָכן געבן דער זונה גרויסע מתנות אויב זיין זון וועט זיך קענען האלטן קעגן איר, ווייל דורך איר וועט ער באקומען די מלוכה. **קומט אויס, אז הגם עפנטלעך רייצט זי אים, אָבער אינערלעך וויל זי, אז דער בן מלך זאָל איר ניט פאָלגן.**

דער נמשל איז, דער גרויסער וועלט־קעניג האָט געבויט די וועלט־מדינה, און האָט דאָרטן באזעצט מיליאָנען ברואים. האָט ער געוואָלט דעם **מענטשן זעצן פאַר א קעניג** (תמשילהו במעשה ידיך כל שתה תחת רגליו), **האָט ער געשטעלט דעם** יצה"ר (די זונה) רייצן דעם מענטשן מיט זיינע **תאוות, איז אויב דער מענטש זיגט אים, ער ברעכט זיין תאוה און איז מבטל** זיין רצון קעגן דעם רצון הבורא, פאַרדינט ער אז די גאַנצע בריאה איז נכנע צו אים, דער בורא איז מבטל רצון אחרים קעגן זיין רצון (וררו, זכה רודה), ווי די חז"ל זאָגן, הים ראה וינוס, מה ראה? ארונו של יוסף ראה. **ווען אָבער ער פאַלט** אריין אין נעץ פון יצה"ר (לא זכה, נעשה ירוד לפניהם, הכל **מושלין עליו)** און פירט זיך ווי א בהמה וואָס ווערט נמשך נאָך אירע **תאוות,** ווערט ער באהערשט פון אַלע ברואים (נמשל ווייל ער איז **כבהמות נדמו).** ערשט פאַרשטייסטו שוין, מיין קינד, דעם פשט (ואליך תשוקתו), דער **פאַרלאַנג** פון יצה"ר איז צו דיר, דאָס הייסט ער ווינקט צו דיר **(ואתה תמשל בו)** אז דו זאָלסט אים באהערשן, ווייל דאָס איז זיין ציל, און דער־פאַר וועט ער באַקומען זיין מתנה. דארום זאָגן די חז"ל, **„הוא היצ"ה, הוא השטן,** הוא המלאך המות, יורד ומסית עולה ומסטין יורד ונוטל נשמה", **ווען דער מענטש פאָלגט אים און פאַלט** אריין אין זיין נעץ, ווערט דער יצה"ר געשטראָפט, אז ער אליין דאַרף דערלאַנגען דעם רעפּאָרט אויפן **מענטשן,** און ער אליין דאַרף ווערן דער תלין **צו** נעמען זיין נשמה. **א** תלין ווערן, דאָס איז זעהר א טרויעריקע **שטעלע.**

**תלמיד,** מיט אייער קלוגער דערקלערונג האָט איר מיר געעפנט די אויגן צו פאַרשטיין דעם ענין פון יוסף הצדיק מיט אשת אדוניו. **דער בורא אז ער האָט געוואָלט פאַרזייען די צווייגעלע פון ויבלע מטה אהרן את** מטותם, אז מלכות ישראל זאָל שטעהן העכער פון אלע (ווי איך האָב גע־**לייענט אין מעשה אלפס** ופרי הגפן פ' וארא), **האָט** ער געשטעלט יוסף'ן צום עקזאַמען, געפּרובירט אים מיט אשת אדוניו. זי האָט זיך געפוצט פאַר **אים אַלע** פרי און אָוונט מיט אנדערע קליידער און צירונגען אום אראָפּצופירן

לא תטיב) אָדער ניט גוט אויפנעמען (לפתח חטאת רובץ), לאַגערט דער פעלער ביים טיר. כלומר, די אַלע פעלערן זיינען ניט בעצם קיין פע־לערן. למשל, קאַרבאָל, עסיק־עסענס, אַרסעניק, קען מען ניט זאָגן אַז זיי זיינען בהחלט שלעכטע זאַכן. ווען דער דראָגיסט ווייס זיך ווי צו באַגעהן מיט זיי, טוען זיי פיל גוטעס, זיי זיינען נאָר שלעכט פאַר דעם שוטה וואָס קויפט עס פאַר אַ ניקל און פאַרסמ'ט זיך, אָבער ניט אויף דעם האַלט מען דאָך אַ דראָג סטאָר. דאָס גלייכן „חטאת" וואָרט

## שערי ציון

אים פון וועג. און אַז יוסף האָט אויסגעהאַלטן דעם סאָבזשעקט, האָט ער אים נאָכהער געשטעלט צום אַנדערן עקזאַמען, אַריינגעבראַכט אים אין שול פון עצבון (פאַרזעצט אים שטריינג איבער אַ קרימינאַלער עלילה) און די דריי גרויסע לערער (צרה, יגון ואנחה) האָבן אים געגעבן לעסאָנס. און ער האָט דעם עקזאַמען אויך אויסגעהאַלטן (ניט מהרהר געווען אחרי מדותיו של הקב"ה), האָט ער אים דאַן אָפּגעגעבן די הנהגה פון מלכות מצרים אויף זיין גאַנצן לעבן, בערך 80 יאָר (ויוסף בן שלשים שנה בעמדו לפני פרעה ביז וימת יוסף בן מאה ועשר שנים). און דאָס גלייכן בעת עס איז געקומען די צייט פון צורייסן די מלוכה פון דוד (שבט יהודה) און אָפּגעבן די מלוכה פון די צען שבטים צו יוסף (לירבעם משבט אפרים) האָט דער נביא (אחיה השלוני) מרמז געווען ירבעם'ן מיט קורצע שאַרפזיניקע ווערטער (ומלכת בכל אשר תאוה נפשך), אַז דו וועסט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען, דו וועסט זיך קענען באַהערשן דיינע תאוות, דאַן (והיית מלך על ישראל), וועט די מלוכה פון ישראל האָבן אַ קיום באַ דיר (מלכים א', יא לז).

**רב, פאַר דיינע קלוגע רייד האָסטו פאַרדינט איך זאָל דיר נאָך וואָס** דערקלערן אין דעם ענין. זעסטו, מיין קינד, ווי די חסדי הבורא זיינען גרויס, **אַז ער האָט די זונה (דעם יצה"ר) אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט קריכן אויבנאָן,** נאָר „לפתח חטאת רובץ", די לייכטזיניקייט מוז ליגן רואיק באַ'ם טיר, דער יצה"ר גיט זיך נאָר אַ ווייז ביים טיר און גיט אַ שמייכל צום מענטשן, מיט דעם וואָס זי ליגט נאָר ביים טיר, מערקט זי אָן דעם בן המלך אַז ער זאָל אָנ־פאַלן אויף איר מיט בייזערן זיך (ווי די חז"ל זאָגן, רגזו ואל תחטאו, לעולם ירגיז אדם יצ"ט על יצה"ר), דו חצופה! אַרויס פון דאַנען, דיין פוס זאָל זיך דאָ ניט געפינען! וואָלט זי גלייך אָפּגעטראָטן. אָבער אַז דער מענטש הויבט אָן צו שמייכלען צו איר, געהט זי אַרויף אַביסל העכער ביז וואַנען זי קריכט אַרויף אויבן אָן, און דאָ פאַלט דער מענטש אַריין אין איר נעץ. אָבער כל זמן זי שטעהט לפתח (ביים אָנפאַנג) איז נאָך דער חטאת רובץ (ליגט ער רואיק) און שפּרינגט ניט אַרויף אויפן מענטשן, און דער מענטש קען א־ם אָפּטרייבן גאַנץ לייכט. דאַרום זאָלסטו וויסן מיין קינד, **אַז גלייך ווי עס** קומט פאַר אַ שלעכטער געדאַנק, דאַרף מען אים גלייך פאַרשלאָגן מיט

ב‍ַיים טיר ביז דער מענטש פאַדערט אים אויף אין גוטן זייט אָדער אין שלעכטן זייט. למשל, אין מענטשן איז איינגעפלאַנצט אַ כח (ערן געפיל), האַלטן פון זיך זעהר פיל, ער וויל שטעהן הויך אַלע זאָלן אים שעצן און ערן, וואָס פאַר אַ טייערער כח דאָס איז! דאָס ברייננגט מיט אַז דער מענטש זאָל טאָן גוטע זאַכן, עס זאָל זיין פאַרוואָס אים צו שעצן א). און דער כוח איז אַ גרויסע שמירה אַז דער מענטש זאָל זיך אָפּהיטן פון מעשים מגונים, בכדי זיין ערן־קורס זאָל ניט פאַלן. הכלל דאָס איז דער לאָקאָמאָטיוו וואָס באַוועגט די וואַגאָנען פון „סור מרע ועשה טוב" פון דער ערשטער סטאַנציע ביז ער ברייננגט זיי צו דער לעצטער סטאַנציע פון „לשמה". ווי די חז"ל זאָגן (לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אפילו שלא לשמה, שמתוך שלא לשמה בא לשמה). ווען אָבער דער לאָקאָמאָטיוו פון ערן־געפיל געהט אַראָפּ פון ליניע, היינו מיין חבר האָט געטאָן אַ מעשה טוב און דאַדורך איז ער אַרויף גע־שטיגן אַ שטאַפּל העכער פון מיר, אין מיר ליגט דאָך אָבער אַ תשוקה שטעהן העכער פאַר יענעם, איז די גלייכע וועג איך זאָל אָנווענדן ענערגיע אַרויפשטייגן צוויי שטאַפּלען (ממילא וועל איך אויסקומען העכער). אָבער אַז מ׳פוילט זיך איבער צו שטייגן, און עס איז דאָך ניט

---

### שערי ציון

גערדאַנקען פון תורה ומצוות. רמז לדבר, „עם הספר ישוב מחשבתו הרעה", מיט איינקוקן אין אַ הייליקן ספר פאַרשלאָגט מען די שלעכטע געדאַנקען. ווי אונזערע חכמים זאָגן, „אם פגע בך מנוול זה משכהו לבית המדרש", כלומר, פאַרשלאָג אים מיט אַ געדאַנק פון תורה, דאַן וועסטו בלייבן ציכטיק און געזונט, ווייל לבד וואָס די שלעכטע געדאַנקען זיינען מטמא דעם נפש (הנשמה שבמוח), פאַרצערן זיי אויך דעם געזונט (כמ"ש חז"ל, הרהורי עבירה קשין (לגוף) יותר מהעבירה עצמה), אָבער די תורה מיט אירע היי־ליקע געדאַנקען איז מוסיף חיים, רפאות תהי לשריך ושיקוי לעצמותיך.

*) וזוהי מליצת חז"ל „בי"ה ה׳ צור עולמים", העוה"ז נברא בה"א, ר"ל כל התפתחות והשתלמות העולם הזה היא אך ע"י שכל אחד רוצה להיות ידוע ומפורסם, וכל יסוד העולם ושכלולו הוא הה"א הידיעה, הפרסום וגם הגדולה, החפץ והתשוקה הנטוע בלב כל איש להתגדל ולהתפרסם (דרשות הרמ"ח). אבל העוה"ב נברא ביו"ד, ר"ל התכלית היא שיגיע האדם להכרת גדולתו יתברך, וידע שהוא בעצמו בריה שפלה ואפלה עומדת בדעת קלה ומעוטה לפני תמים דעים. וזהו מה ה׳ דורש ממך (לקיום העולם) כי אם עשות משפט ואהבת חסד, ואח"ז יעמול להגיע למדת היו"ד, „הענוה" (והצנע לכת עם אלהיך). וכאין זה שמעתי שגאון אחד אמר על רבנו ישראל סלנטר, ראו ההבדל שבינו לבינינו, אנחנו עמלים שיתפרסם שמנו בעולם, והוא עמל להסתיר את עצמו שלא יכירוהו.

גוט צו זעהן ווי יענער שטעהט העכער פאר מיר, גיט דער יצה"ר אן עצה מען זאל יענעם באליידיקן, אראפווארפן אים פון זיין מדרגה, ממילא וועל איך בלייבן העכער פון אים. דאס הייסט מיין באן איז אראפ פון דער ליניע. ווייס גאט צו וועלכער קאטאסטראפע עס קען קומען פון דעם. ובפרט נאך ווען מיין חבר, וואס האט אויפגעשטיגן אין א מעלה העכער פאר מיר (ווי הבל, וואס זיין קרבן איז געווען מיט הארץ און ענערגיע), אז ער זאל וויסן אז קין'ס קרבן איז ניט נתקבל געווארן ווייל עס האט דארט געפעלט הארץ — דא פלאקערט זיך פונאנדער די קנאה גאר אן א ברעג. דאס דערציילט די תורה, ויאמר קין אל הבל אחיו, קין האט די מעשה וואס זיין קרבן איז ניט נתקבל געווארן דערציילט זיין ברודער א), ווי דער שטייגער איז פון א מענטשן וואס שטייגט ניט ארויף פאלט ער אראפ און טוט אזעלכע מעשים און רעדט אזעלכע דבורים, וואס ניט נאר גיבן זיי אים כבוד, נאר אין געגנטייל זיי פארשאפן אים גרויס בזיון. ווי דער חכם זאגט (פי כסיל מחיתה לו), דעם נארן שלאגט זיין אייגענער מויל. נאכהער אז ער האט זיך ארומגעזעהן וואס ער האט דא גערעדט, אז הבל וויים פון זיין מפלה, ווי נידעריק ער שטעהט ביי גאט, האט זיך די קנאה פונאנדערגעפלאקערט ביי אים און געקומען צו שנאה ביז צו רציחה. ויקם קין, איז קין אויפגעשטאנען אויף זיין ברודער הבל און אים דערמארדעט ב).

---

## בנין ציון

א) דער קלוגער מענטש וואס באמיט זיך מוסיף שלימות זיין, דער רעדט ווייניק און טוט אפולע. ווי אונזערע חכמים זאגן (אבות פ"א), „אמור מעט ועשה הרבה" רייד וואס ווייניקער און טו וואס מערער, אבער דער עצל וואס טאן וויל ער גארניט נאר ריידן, איז „פי כסיל מחיתה לו", ווי דא בא קין, זיין ליידיקער מויל דערציילט זיין מפלה פאר זיין ברודער הבל, און דאס האט אים געבראכט צו רציחה.

ב) די חכמי המדרש מיט זייערע ליכטיקע אויגן זעהן ארויס פון די קורצע ווערטער „ויהי בהיותם בשדה" (זיי זיינען געווען אין פעלד, קין ביי ערד ארבעט און הבל ביי די שאף) די אורזאך ווי אזוי עס איז פלוצלונג געקומען אויף קין א בייזע שעה צו דערהרגענען זיין ברודער, וואס ער איז פיל וויכטיקער און טייערער פון אים? זאגן זיי, קין האט געזאגט לאמיר זיך טיילן די וועלט, איך וועל נעמען לאנד און דו נעם די ווירטשאפט. נאכ־דעם זאגט קין, וויבאלד אז דער גרונט (די ערד) איז מיינע, טא געה אראפ פון מיין ערד, פלי אין דער לופטן. און הבל זאגט די קליידער וואס דו טראגסט איז מיינע (פון מיין וואל) טו אויס און געה נאקעט. ר' יהושע פון ווענן ר' לוי זאגט, קין האט געזאגט אין מיין תחום איז געבויט דער בית

דער „דברי ירמיהו" שרייבט, אַז דער וואָרט „תשוקה" לייגט זיך נאָר אויף ליבשאַפט (כמו ואל אישך תשוקתך), ווען דער יצה"ר וואָלט זיך פאַרשטעלן פאַרן מענטשן ווי אַ שונא האָט געדאַרפט שטעהן (ואליך הוא אורב), ער לוגט צו פאַנגען דיר אין נעץ. נאָר אין אמת'ן שטעלט ער זיך טאַקע פאַר ווי אַ פריינט, ער עצה'ט דיר אַ תאוה'לע דו זאָלסט פון דעם הנאה האָבן, נאָר מיט דער אהבה דערשטיקט ער דיך, ווי אַ מאַלפּע דריקט צו איר קינד צום האַרצן (פון גרויס ליבשאַפט) ביז זי דערשטיקט אים. אַלזאָ זאָג איך דיר ואתה תמשל בו, דו זאָלסט אָפּטרייבן אַזאַ ווילדן פריינט פון זיך און זאָגן צו אים ווי מען זאָגט

---

בנין ציון

המקרש און הבל זאָגט אין מיינעם 1). די חכמי המדרש מיט זייער ליכטיקן בליק האָבן אַריינגעקוקט אין מענטשנס הארץ, אַז די אַלע כחות ותכונות אויב זיי זיינען ניט געוואויגן אויף דער הייליגער וואָג פון דער תורה, ווי ווייט זיי זיינען עלול צו פאַרפירן דעם מענטשן אין שאול תחתיה, מבטל צו זיין די בעסטע מענטשן וואָס ברייגנען די גרעסטע נוצן אין דער וועלט, נאָר וויבאַלד זיי שטייען ניט אונטער דער פאָן פון מיין גרויסן א י ך, זיינען זיי בטל כחרס הנשבר. דער עובד אדמה זאָגט, אַז ערד ארבעט איז דער פונדאַמענט פון דער וועלט און פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, בכן איז מיין א י ך די גאַנצע וועלט, די איבעריקע מיליאָנען מענטשן לעבן נאָר אויף מיין רעכנונג, אַלזאָ שטעהט ער אויפן וועלט־טורעם און קוקט אַראָפּ מיט שטאָלץ אויף אַלעמען ווי אויף מוראַשקעס (ענטס). די פאַב־ריקאַנטן, די קינסטלער רעכענען אַז זייער א י ך איז די גאַנצע וועלט. ווען ניט זיי, וואָלט די וועלט און די מענטשהייט געלעגן אין שפלות פון אָרעמקייט און אומוויסנהייט, הגם אויף דער הייליקער וואָג פון דער תורה שטעהן זיי ביידע אויפן גלייכן געוויכט. אָבער קין, אַז ער האָט געאורטיילט מיט זיין קערפּערלעכן שכל, וואָס ער איז משוחד פון זיין גרויסן א י ך, האָט גערעכנט זיך פאַר אינגאַנצן עיקר, און הבל'ן האָט ער מבטל געווען. ר' יהושע קוקט פון אַנאַנדער שטאַנדפּונקט. עס פּאַסירט איינער טוט אַ קליינע וואוילטהאַט וואָס ער האָט אין דעם געלייגט ווייניק מיה און ווייניק ארבעט, און דער צווייטער איז געקומען אים צו קאָנקורירן מיט טאָן גרויסע מעשים וואָס קאָסטן אים טאַקע גרויסע מיה, ער האָט פאַר דעם געבראַכט גרויסע קרבנות. איז אַז מיר באַטראַכטן זיי ביידע, זעהן מיר, אַז יעדער איינציקער האַלט זיך העכער פון צווייטן. דער ערשטער זאָגט איך בין דאָך דער אָנ־

---

1) נאָך די ביידע מאמרים פון מדרש איז „ויאמר" קין אל הבל אחיו, דער פשט אַז ער האָט גערימט, געשטאָלצירט (כמו „יתאמרו" כל פעלי און, ישתבחו).

צו דער בין (לא מדובשך ולא בעוקצך), איך בין דיר מוחל דיין האָניג און וויל ניט דיין ביס. אויך טייטשט ער ויאמר קין אל הבל אחיו, קין האָט אויסדערציילט פאַר הבל זיין ביטערע האַרץ, ווייל ער האָט געשפּירט באַ זיך אַז גאָט איז גערעכט. ווי אונזערע חכמים זאָגן „רשעים זיינען פול מיט חרטות" אויף זייער שלעכטער פירונג, נאָר ווייל ער האָט זיך ניט באַמיהט מאַכן די חרטה פאַר אַ פעסטן קנין אין האַרצן, ניט אומקערן זיך מער צו די נאַרעשע וועגן, דאַרום איז ווי זיי זיינען געווען אין פעלד האָט זיך איבעראַנגיים אויפגעפלאַמט די קנאה ביז עס איז געקומען צו רציחה א). ווייל די חרטה אַליין

---

## ב נ י ן  צ י ו ן

פאַנגער, אין מיר האָט אַריינגעשיינט דער שטראַל פון וויסנשאַפט פריער, אויף מיר קוקנדיק איז יענער אויך געוואָרן אַ חכם. און דער צווייטער האַלט זיך גרעסער ווייל זיינע פעולות זיינען דאָך באמת וויכטיקער און גרעסער. דאָס איז די כוונה, קין האָט געזאָגט דער ביהמ"ק (די הייליקטום) איז אין מיין חלק, אין מיין האַרץ האָט אַריינגעשיינט די מדת טובה פון הכרת טובה, בכן איז ער העכער פאַרן ברודער הבל. אויף אים קוקנדיק איז הבל אויך נתעורר געוואָרן צו ברייינגען אַ מנחה, אַלזאָ קומט אים מער כבוד. און באַ אים איז אויסגעקומען אַז גאָט טוט ניט רעכט וואָס ער האָט געגעבן הבל מער כבוד פאַר אים. פון דעם זעהן מיר אַז דער וואָס שטעמפּלט ניט אָפּ זיין שכל וואָג מיט דעם חותם התורה, וועגט ער גאַנץ אָפט ניט ריכטיק.

א) דער „אבן עזרא" שרייבט, „ואליך תשוקתו", געהט אויף הבל. גאָט זאָגט צו קין, וואָס ברענט דיר דער צאָרן אויף דיין ברודער הבל, ער איז דאָך זעהר אַ פריינטלעכער מענטש און געלוסט צו זיין פריינטלעך מיט דיר, ער וויל ניט אָנרירן דעם כבוד פון דיין בכורה (ואתה תמשל בו), דו קענסט פירן די ממשלה אויף אים ווייל דו ביסט דער בכור. האָט קין דערציילט נאָטעם רייד זיין ברודער הבל, איז בכן פון היינט אָן האָב איך קיין פאַרדרוס אויף דיר, דאַרום האָט זיך שוין הבל מער ניט געהיט פון אים. איז ווי זיי זיינען אַליין געווען אין פעלד, איז קין אָנגעשטאַנען אויף אים און האָט אים דערשלאָגן. — דער „העמק דבר" טייטשט, קין האָט דערציילט זיין ברודער הבל אַז ער קען אויף אים פירן ממשלה, דאַרום פון איצטער אָן ווי[ל] ער אים ניט געבן קיין ברויט, וואו ער וועט אים ניט העלפן באַאַרבעטן די ערד. איז בעת זיי זיינען געווען אין פעלד באַ דער אַרבעט, איז קין אָנגעשטאַנען אויף הבל ער זאָל אים העלפן אַרבעטן, און אַזוי ווי הבל איז ניט געוואוינט געווען צו דעם, האָט ער ניט גוט געאַרבעט, האָט אים קין אַ קלאַפּ געגעבן און געטראָפן אין אַ שלעכטן אָרט און אים דערהרגעט. פרעגט אים גאָט וואו איז הבל „דיין ברודער"? כלומר, ווען דו וואָלסט אַזוי טי־ראַניש באַהאַנדלט אַנאַנדער קנעכט איז אויך אַ פאַרברעכן, אַ פשיטא מיט

פון בעל־עבירה איז וויניג, ווי מיר זעהן פיל מענטשן וויינען יום כפור אין „על חטא", זיי פאַרשטייען באַ זיך אַז זייער פירונג איז ניט גוט, און אויף מאָרגן טוען זיי דאָס זעלבע וואָס פריער. דאָס איז אַלץ דער־פאַר ווייל זיי האָבן ניט געמאַכט קיין נדרים וסייגים ווי אויסצורייסן די שלעכטע זריעה פון האַרצן, ווי אויבן שטעהט הוא ישופך ראש, דער מענטש וואונדעט די תאוה אין קאָפּ, כלומר, מיטן שכל פאַרשטייט ער אַז זיין פירונג איז לעכערליך און שענדליך, אָבער וויבאַלד ער מאַכט ניט די הרטה אַ קנין אין האַרצן איז ואתה תשופנו עקב, שלעפּט דער תאוה־שלאַנג אים פאַרן טריט, געהן צוריק אין שלעכטן גע־וואוינהייט.

אי הבל אחיך? גאָט זאָגט צו קין, וואו איז הבל דיין ברודער? איך ווייס ניט! (ענטפערט קין קאַלט־בלוטיק), בין איך דען מיין ברודערס היטער? גאָטס קורצע פראַזע באַמערקט אונז אַז אפילו אין גוטן אופן, ווען דאָ וואָלט גאָר קיין סיבה טרעפן, דאַרף מען אויך וויסן וואָס מאַכט דער ברודער. קין אָבער וויל זיך פאַרענטפערן מיט דעם, ליגט מיר דען אין זינען מיין ברודער, אין דער צייט ווען איך האָב פיל צו טאָן פאַר זיך? פון דעם קאַלט־בלוטיקן ענטפער איז בולט קין'ס גרויסער עגאָאיזם, אַז ער דאַרף נאָר זאָרגן פאַר זיך, ממילא קען ווערן רעכט אַזוי קאַלט־בלוטיק צו דערמאָרדן יענעם ווען ער קומט אין וועג צו מיין גרויסן איך. מה עשית, וואָס האָסטו געטאָן! (זאָגט גאָט), האָרך! הערסטו די שטימע? די צושפּריצטע טראָפּנס

---

## שערי ציון

אַ ברודער דאַרף מען זיך געווים באַגעהן מיט רחמים און גרוים געדולד. ענטפערט קין איך האָב ניט געוואוסט אַז אַ ברודער דאַרף מען מער היטן ווי אַ פרעמדן קנעכט. דאַרום האָט גאָט אים געפלוכט אין זיין ארבעט, דאָס ערשטע ווייל דורך די ערד אַרבעט איז ער געקומען צו רציחה. און דאָס צווייטע, ווייל די ערד האָט געעפנט איר מויל איינשלינגען די בלוט, און אין דער נאַטור פון ערד איז, אַז זי ווערט פעט פון בלוט, הייסט דאָס, ווי קין האָט צוגעשמייכלט (געחנפעט) די ערד, ער האָט איר געגעבן אַ גוטן טרונק. דערפאַר איז זיין שטראָף אַריינפאַלן אין איר האַנט זי זאָל אים פּייניקן מיט שווערע אַרבעט. ווי אונזערע חכמים זאָגן, דער וואָס חנפהעט דעם צווייטן ניט לשם שמים איז זיין עונש אָוועקגעהן פון אים מיט בזיון, אויך אין דעם וועג איז זיין שטראָף מדה כנגד מדה, ווייל דו האָסט געהערשט איבער דיין ברודער איבער דער מאָס, דערפאַר וועט דיין אַרבעטן די ערד קיין פּראָפיט ניט ברייגגען, און ווייל דו האָסט דערמאָרדעט דיין ברודער וועסטו זיין נע ונד, ווי אַ רוצח ווערט פאַרטריבן אין עיר מקלט.

בלוט פון דיין ברודער שרייען צו מיר פון דער ערד א). ועתה, און איצט האָסטו שוין דיין פלוך, דיין קללה, כלומר, איך דאַרף דיך ניט פלוכטן, דורך דיין געוואַלדטאַט האָסטו זיך זעלבסט פאַרשאָלטן, ווייל דעם ברוך (דעם געבענטשטן) לייכט די גאַנצע נאַטור און ווייזט אים אַ פריילעכע מינע צו באַגליקן אים מיט איר פולער האַנט, דאַגעגן פון דעם ארור (דעם פארשאָלטענעם) אַנטלויפט די גאַנצע נאַטור, זי וויל גאָר מיט אים קיין מגע ומשא האָבן. ווייל דו האָסט געצוואונגען די ערד זי זאָל עפענען ניט ווילנדיק איר מויל איינצושלינגען דיין ברודערס בלוט, ווען דו וועסט אַרבעטן די ערד וועט זי דיר איר קראַפט ניט מער געבן, זי וויל שוין דיך מער ניט אָנקוקן. נע ונד, אויך פאַרוואָגלט וועסטו זיין פון מענטשן.

גדול עוני מנשוא, קין האָט זיך מתודה געווען, מיין פאַרברעכן פון דערשלאָגן מיין ברודער איז זעהר גרויס, וואָס עס לאָזט זיך ניט פאַרגעבן. הן, מיט רעכט האָסטו מיך פאַרטריבן פון דער ערד, אַז עס זאָל ניט העלפן מיין באַאַרבעטן איר, און פון דיין אַנגעזיכט וועל איך זיין פאַרבאָרגן, ווייל דער וואָס איז אַ רוצח נפש ווערט פון אים אָפּ־געטאָן דער „צלם אלהים" מדה כנגד מדה, ווייל ער האָט פוגע געווען אין זיין חבר וואָס ער איז אויך בצלם אלהים. ממילא בין איך פאַר־וואָגלט פון גאָט און פון לייטן, הלואי זאָל מיין פאַרוואָגלונג זיין אַ מיטל צו מיין גיכן טויט, אַז ווער עס וועט מיך טרעפן זאָל מיך אומ־ברענגען. ויאמר לו ה', האָט גאָט אים געענטפערט, לכן (כמו לא־כן), ניט אַזוי וועט זיין, קיינער וועט דיך ניט דערשלאָגן, דער וואָס וועט דערשלאָגן קין וועט פון אים גענומען ווערן זיבן־פאַך ראַכע (נקמה), וישם, גאָט האָט אים געגעבן זיין הבטחה (זיין צוזאָג) אַז קיינער וועט

---

**ש ע ר י   צ י ו ן**

א) מפרשים שרייבן, אַז די נאַטור פון ארץ ישראל ערד איז מאריך ימים צו זיין דעם מענטשן, ווי עס שטעהט, (למען ירבו ימיכם על האדמה), און דו האָסט פאַרקירצט די יאָרן פון דיין ברודער אויף דער הייליקער ערד, דארום שטעהט, „צועקים" לשון רבים, צוויי געשרייען, איין געשריי שרייט די בלוט, און די צווייטע געשריי שרייט די ערד, אַלזאָ זאָלסטו זיין מער געפלוכט פון דער ערד. די ערד איז געפלוכט געוואָרן ביים חטא פון עץ הדעת, און דו זאָלסט זיין פאַרפלוכט מער פון איר. ווען דו וועסט עיר אַרבעטן, לייגן כחות אויף איר, וועט זי דיך ניט הערן און וועט דיר ניט אַרויסגעבן מער וויפיל דו זאָלסט איר ניט אַרבעטן (ניט געאַרבעטעהייט גיט זי אַרויס גאַנץ וויניק און געמיין), אויך אפילו דיין קערפער וועט זי ניט ליידן ער זאָל שטעהן אויף איר, זי וועט זיך טרייסלען אונטער דיינע פיס, וואו דו וועסט זיין בייטאָג וועט זי דיר ניט לאָזן זיין ביי נאַכט.

אים (ביז זיבן דורות) ניט אָנרירן צו שלעכטס. נאָר ווייל קין האָט זיך געשראָקן, דער שטייגער איז, דער וואָס איז זינדיק שרעקט זיך (פחדו בציון חטאים), ווי דער שפריכוואָרט זאָגט, „אויפן גנב ברענט די היטל". אום צו באַרואיקן אים האָט גאָט אים געגעבן אַ צייכן (דארום שטעהט לקין אות, דער אות איז נאָר געוועזן צוליב קין), וואָס איז געוועזן דער צייכן? זאָגן מפרשים, אַז הגם דער צלם אלהים" איז אָפּגעטאָן געוואָרן פון אים איבער דער רציחה, נאָר אַ חלק פון צלם אלהים האָט גאָט געמאַכט שיינען אויף זיין שטערן די בעלי חיים זאָלן עס דער־קענען און אים ניט אומברייננגען. ווייל בעת דער צלם אלהים איז אויפן מענטשן איז זיין פחד אויף אַלע חיות (ומוראכם וחתכם יהיה על כל חית הארץ), און ווען אַ חיה צערייסט אַ מענטשן איז אַ באַווייז אַז איר האָט זיך אָפּגעדוכט אַז אַ בהמה געהט דאָ, ווי דער פסוק זאָגט, נמשל, דער מענטש וואָס דאַרף זיין אַ מושל איבער אַלעמען, אַז ער ווערט אַ נמשל, די חיה איז מושל אויף אים, דאָס איז ווייל כבהמות נדמו, עס האָט זיך דער חיה אָפּגעדוכט אַז דאָ געהט אַ בהמה. וישב בארץ נוד, קין האָט זיך באַזעצט אין אַן אָרט וואָס מען האָט נאָכדעם אַ נאָמען געגעבן „נוד". רש"י פרעגט אין דער קללה שטייט נע ונד, און איצטער שטייט נאָר בארץ נוד? א) דער תירוץ איז, צוליב דעם וואָס ער האָט געטאָן תשובה איז אים פאַרגרינגערט געוואָרן דער שטראָף. פון דעם זעהן מיר דעם כח פון תשובה, אַז אפילו אויף רציחה, וואָס מוחל זיין קען מען ניט פאַר קיין פאַל, אָבער פאַרגרינ־גערן קען זי דעם שטראָף. נאָך אַ פשט שרייבט רש"י, אַז „נוד" איז ניט קיין באַשטימטער אָרט, נאָר וואו ער איז געגאַנגען האָט די ערד געציטערט אונטער אים און די אַרומיקע מענטשן (אַ צייט שפּעטער ווען די וועלט איז שוין באַזעצט געוואָרן מיט מענטשן), האָבן געזאָגט (איינער צום אַנדערן) לאָמיר אַנטלויפן פון אים, דאָס איז דער רוצח וואָס האָט גֶעהרגעט זיין ברודער. און דאָס איז אויך רמוז אין די ווער־טער וישם ה' לקין אות, גאָט האָט אים גופא געמאַכט פאַר אַ צייכן מ'זאָל אים ניט הרגנען, ווייל אַלע זעהן דאָך דעם בייזן סוף פון אַ רוצח. (היינט ווי וועלן זיי ווערן רוצחים?). — וידע קין, קין באַקענט זיין פרוי, זי שוואַנגערט און געבוירט אַ זון חנוך. קין בויט אַ שטאָט

---

בנין ציון

א) דער דברי ירמיהו שרייבט אַז „נע" איז דער פשט זיין גוף זאָל זיך טרייסלען פון שרעק. פון דעם געשריי וואָס דער בורא האָט אויף אים גע־געבן מיט די ווערטער, מ ה ע ש י ת ! עס שטעהט ניט מה ז א ת עשית? (ווי בא חוה'ן), ווייל דאָרטן איז בדרך השאלה? אָבער דאָ איז גאָר בדרך גערה ורוגז! איז פון שרעק האָט אים גענומען וואַרפן ווי אַ נכפה ר"ל,

און ער רופט איר אויף זיין זונס נאמען. ער טראכט זיך, איך בין שוין פארשאלטן, פיליכט וועט מיין זונס מזל אנהויבן צו לייכטן. א טייל חכמים שרייבן אז די ווערטער ויצא קין מלפני ה' ווייזן, אז ער האט זיך אנטזאגט אין גאנצן פון דעם בורא ב"ה א), ער האט געווארפן

---

בנין ציון

גאט האט אים דערקלערט ווארום ער שרייט אויף אים מיט אזא רוגז, ווייל קול דמי אחיך צ ו ע ק י ם, זיי שרייען מעומק האדמה, און האט אים צו דעם געפלוכט ווי וויט די ערד האט איינגעשלונגען די בלוט (בערך דריי טפחים טיף) זאל די גאנצע דריי טפחים ערד (כפי עומק המחרשה) דיר ניט געבן איר קראפט, און חוץ דעם וואס דו ביסט „נע" (אלע גלידער ציטערן דיר), זאלסטו נאך זיין „נד" פארוואגלט, זאלסט ניט קענען איינ־זיצן אויף אן ארט. גדול עוני מנשוא, זאגט קין איך פארשטיי אז מיין זינד איז זייער גרויס, דו האסט מיך פארטריבן פון דער פלאכע פון דער ערד (דאס איז די 3 טפחים וויפיל דער אקער גרייכט) ומפניך אסתר? (אבל האם מפניך אסתר) צו קען איך זיך דען באהאלטן פון דיין צארן? ווען אפילו איך וועל ליגן אין א הייל אונטער דער ערד, דארטן וועט מיר אויך גרייכן דיין צארן, היינט אז איך וועל זיין „נע ונד בארץ" ארומוואלגערן זיך און טרייסלען זיך ווי א פארשאלטענע בריה וואס מאכט משונה'דיקע הוויות, וועט מען דאך מיינען אז איך בין א סארט משחית ומחבל, איז ווער עס וועט מיך טרעפן וועט מיך דערשלאגן. (לכן) זאגט גאט ווייל דו באקענסט דיין אומרעכט, האב איך אויף דיר מיטלייד און זאג, ווער עס וועט וועלן זיין דער גואל הדם פון הבל און דיך הרגענען, זאל ער ווייסן אז איך האב אפ־געלייגט דיין משפט אויף 7 דורות שפעטער, דאס הייסט גאט האט מודיע געווען צו אדם וחוה, זיי זאלן דאס מודיע זיין זייערע קינדער וואס זיי וועלן געבוירן, אז קינ'ס משפט איז אפגעלייגט אויף 7 דורות ארום, און וועגן זיין טרייסלען זיך? (וישם ה' לקין אות) האט גאט אים געגעבן אן אות לטובה, אז עס האט אים אויפגעהערט צו שווינדלען בכדי מען זאל ניט מיינען דורך זיינע תנועות משונות אז ער איז א מין משחית ומחבל. דארום שטייט וישב בארץ „נוד" ווייל דער שטראף פון „נע" האט אויפגע־הערט. אבער נאך 7 דורות האט זיך אים צוריק אפגערופן די שרעק און עכ האט אים ווידער אנגעהויבן צו טרייסלען, ווי א מין קאנוואולסיעס ר"ל, אז ער האט אויסגעזען ווי א בריה משונה, דארום האט תובל קין (אדער למך כמ"ש לסמן) געמיינט פון ווייטן אז דאס איז א חיה און האט אים געשאסן.

א) עס איז נתקיים געווארן ריכטיק „ואם לא תטיב לפתח חטאת רובץ". אויב דו וועסט זיך ניט בעסערן, איז די זינד (די קנאה אויפן ברודער) נאר אן אנפאנג, מ'קען גאר ניט וויסן ווי וויט ס'קען פארגעהן. זי איז אוועק צו

גאָטעס רייד הינטער זיך און האָט געוואָלט אָנהויבן פרובן מאַכן אַ לעבן פאַר זיך. אדם וחוה, הגם זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן פון גן־עדן, דאָך האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן אונטער דעם בורא׳ס רצון, אָבער קין דורך זיינע שווערע זינד און דורך זיין לייכטזיניקער פירונג נאָכדעם, האָט ער זיך איינגאַנצן אָנטזאָגט פון גאָט. דאַרום איז פון אים און זיינע קינדער קיין זכר געבליבן, אַלע זיינען דערטרונקען געוואָרן אין מבול. און דאַרום שטעהט ניט ויבן עיר, ער האָט געבויט אַ שטאָט, נאָר ויהי בונה עיר, ער איז געווען אַ שטאָט־בויער, דאָס הייסט פון קין אָן הויבּט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע, קין איז געווען פאַר־פלוכט פון דער ערד, די ערד האָט אים ניט געגעבן איר קראַפט. מענטשן האָבן זיך פון אים דערווייטערט, האָט ער זיך אַ קער געטאָן אין אַ צווייטן זייט. אויפן לאַנד ווערט באַאַרבעט די ערד, און אין שטאָט ווערט באַאַרבעט דער מענטש, עס ווערן אויסגעאַרבעט, אַנט־וויקלט זיינע פעהיגקייטן א). דערציילט אונז די תורה אַז דער ערש־

---

שערי ציון

רציחה, און מיט דעם איז נאָך אויך קיין סוף, דער יצה״ר איז געוואָרן מיט אים אַ גאַנצער מחותן, (ער זאָגט צו אים), זעסטו אז זיך מתקרב זיין צו גאָט, לעבן קערפּערלאַך און גייסטליך צוזאַמען ווי דיינע עלטערן איז אַ צו שווערע זאַך, מ׳דאַרף צו דעם האָבן אַ ריינע הארץ מיט ריינע געדאַנקען, מ׳דאַרף זיך דערווייטערן פון גאוה און קנאה, פאַר דיר איז עס אַ צו שווערער עקזאַמען. זע וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט דיר געטראָפן ביים ערשטן שריט דיינעם וואָס דו האָסט געוואָלט זיין אַן עובד ה׳ און ברייננגען פאַר אים אַ מנחה, — אַלזאָ ראַט איך דיר איינגאַנצן אָוועקוואַרפן דעם דרך (וועלן זיין אַ מענטש און אַ איד צוזאַמען), איז מען אַ מענטש, קען מען קיין איד ניט זיין, אַלזאָ זיי בעסער אַ מענטש. קין׳ען איז געפעלן געוואָרן דעם יוצה״ר׳ס עצה, און ער האָט זיך באַזעצט „קדמת עדן״, דערווייטערט זיך פון פאָטער און מוטער, ווייל זיי זיינען געווען עובדי ה׳ זייער גאַנצן לעבן. ווער עס האָט געלעזן די הקדמה (למעשה אלפס ח״ד) זעהט, אַז דאָס איז דער פּלאַן פון ערשטן פּראָפעסאָר אַרונטער צונעמען די פליגל בא די פייגלען, פון פאַריזער אויסשטעלונג. אָבער וואָס איז געווען דער סוף? די פייגל איז גלייך געוואָרן אַ חיה טורפת, זי האָט אַלעמען אויסגעפּיקעט די אויגן, און מ׳האָט איר געמוזט שיסן. אַזוי האָבן די קינ׳יסטן פול געמאַכט די וועלט מיט חמס ביז דער בורא האָט געבראַכט אַ מבול און זיי אָפּגעמעקט פון דער וועלט.

א) דאַרום רופט זיך אַ שטאָט „עיר״ מלשון „ער״ וואַך, דאָ ווערן אויפ־געוועקט אַלע כחות, פעאיגקייטן, טאַלאַנטן וואָס זיינען פאַרשלעפערט ביים ערד אַרבעטער. ווי דער פסוק זאָגט, ויציצו מעיר, דער מענטש שפּראָצט, ער

טער שטאַטישער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן דורך קין, וואָס ער איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער ערד־ברוסט, און אָנגעוויזן געוואָרן צו לעבן אויף אייגענע קעסט. איז ווען ער וואָלט געווען איינזאַם, וואָלט ער זיך אויסגעשפּייזט ווי ער איז, נאָר האָבנדיק אַ קינד האָט זיך אָנגעהויבן זאָרגן וועגן צוקונפט, האָט ער קיין אַנדער מיטל ניט גע־פונען נאָר בויען און גרינדן אַ שטאָטישן לעבן. די ערשטע שטאָט האָט מען גערופן חנוך (איבונג) צו ווייזן אַז דער כח וואָס ער האָט געפונען בא זיך צו מאַכן אַ לעבן אָן ערד־אַרבעט, דער כח דאַרף האָבן גרוים איבונג, מ׳דאַרף אים נאָך אויסאַרבעטן. ויולד לחנוך את עירד, צו חנוך ווערט געבוירן אַ זון עירד. דער נאָמען עירד (כמו ערוד, וואלד־אייזל) איז מרמז, אַז קעגן דעם ווילן פון חנוך (איבונג), וואָס מען דאַרף ערשט אָנהויבן צו אַרבעטן און לייגן קרעפטן צו פּראַקטיצירן און מאַכן פּראָבעס ביז וואַנען מ׳וועט קומען צו וואָס, איז אָבער דער יונגער דור וויל פרייהייט (ווי דער וואלד־טהיר וואָס וויל לעבן פריי), ער וויל נעמען געלט און ניט אַרבעטן ב). ועירד, עירד האָט געבוירן אַ זון מחויאל. ווי ריכטיק עס פּאַסן די נעמען. וואָס לאָזט זיך אויס פון דעם יונגען דור וואָס וויל ווייניק אַרבעטן און אָפּולע פאַרברייינגען און הערשן. דער סוף איז עס ווערט בא זיי מחוי־אל, אָפּגעמעקט און פאַרלאָשן די געפילן פון גאָטהייט. ומחייאל ג) האָט געבוירן דעם מתושאל (מתים—מענטשן—שאל), ער זוכט און פאַרלאַנגט מענטשן (נאָך הענט) מ׳זאָל קענען פאַרפּאַרטיקן די אַרבעט וואָס פעלט צו דער שטאָ־טישער אַנטוויקלונג. ומתושאל, און דער מתושאל האָט געבוירן למך. ויקח, למך נעמט צוויי פרויען עדה און צילה. עדה האָט געבוירן אַ

---

### שערי ציון

ווערט אַנטוויקלט אין שטאָט, כעשב השדה, ווי די שפּראָצונגען ווערן אַנט־וויקלט אין פעלד (עטרת צבי).

ב) עירד האָט האָט נאָך אַ געדאַנק. עיר רד, אַ באַהערשער פון אַ שטאָט, זיי האָבן ניט געוואָלט אַרבעטן נאָר זיין מושלים (הערשער אויפן צווייטן).

ג) תלמיד, וואָרום רופט אים די תורה פריער מחויאל (מיט אַ ואו) און שפּעטער רופט זי אים מחייאל (מיט אַ יו״ד)?

רב, די נאַטור פון מענטשן איז דאָס ער ליבט געזעלשאַפט. (לא טוב היות האדם לבדו), דער צדיק אַז ער אַליין האָט גוט געלערנט, זעהט ער נאַכהער מרביץ תורה זיין פאַר תלמידים (ללמוד וללמד), די רשעים אויך אַזוי, אַז זיי אַליין זיינען שוין גוט פאַרטיפט אין זייערע רשעות, באַמיען זיי זיך מפיץ זיין זייערע דעות נפסדות אום צו פאַרברייטערן זייערע מיינונגען, זיי זאָלן האָבן אַ גרויסע געזעלשאַפט. אין דער יוגנט זיינען זיי געווען מחוי־אל (אָפּגעמעקטע פון געטלעכע געפילן, פרייגעזאָגען), נאָכדעם אַז זיי

זון יבל, ער איז געווען דער ערשטער גוט־באַזיצער וואָס האָט גע־
האַדעוועט פיה צו טרייבן מיט דעם געשעפטן א). און אַ צווייטן זון
האָט זי געבוירן יובל, ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דער־
פונדן מוזיקאַלישע אינסטרומענטן (חכמת הנגינה). די תורה דערציילט
ווי קין איז פאַרשאָלטן געוואָרן פון ערד־אַרבעט האָט זיך פון אים
אַנגעהויבן די סוחרישע וועלט, יבל האָט געפירט קאָמערציע און
געקליבן קאַפּיטאַל, ביי קאַפּיטאַל הויבט שוין אָן דער מענטש צו
לעבן אַביסל מער באַקוועם. דער ערד אַרבעטער, וואָס יעדער גראָשן
קומט אים אָן מיט שווייס, פאַרגינט זיך ניט צו לעבן מיט ברייטקייט,
אָבער ביים קאָמערציאַנט וואָס פאַרדינט אַמאָל הונדערטער, שפּילט
דער דאָלער קיין ראָלע ניט, זוכט ער שוין באַקוועמליכקייטן און
פאַרגעניגן. דער מענטש איז דאָך אָבער געשלאָסן פון צוויי זאַכן,
אַ גוף מיט אַ נשמה, און יעדער חלק דאַרף האָבן וואָס עס זאָל אים
זעטיקן און באַפרידיקן. דעם גוף באַפרידיקט די שפּייז, דעם פויער
דער איינפאַכער לעבן, און די געשעפטס לייט, אַ באַקוועמער לעבן.
דער גייסט אָבער פאָדערט אויך וואָס, אים קען מען מיט די שענסטע
און בעסטע קייקס ניט באַפרידיקן. אדם וחוה, וואָס זיינען ניט געווען
דערווייטערט פון גאָט, האָבן באַפרידיקט זייער גייסט מיט מאָראַלישע
זאַכן, מיט די התבוננות אין די מצוות וואָס גאָט האָט אים געבאָטן.
ווי די חז"ל פאַסן איין אין פסוק „ויצו ה' על האדם", די אַלע 7 מצוות

---

שערי ציון

זיינען עלטער געוואָרן זיינען זיי געוואָרן לערער און האָבן מפיץ געווען זייער
פרייגעזאָגענקייט פאַר אַנדערע אויך. מחייאל (אָפּמעקער פון דער גאָטהייט)
זיי האָבן עס אָפּגעמעקט ביי אַנדערע אויך.

א) מ'דאַרף וויסן אַז די וועלט איז דאַן ניט געווען נאָר די איינציקע
מענטשן וואָס די תורה רעכנט דאָ. נעמה איז געווען נח'ס ווייב איז דאָס
דאָך אַ חשבון פון נאָך אדם הראשונ'ס טויט (נח איז געבוירן געוואָרן 126
יאָר נאָך אדם'ס טויט), דאַן זיינען שוין געווען 10 דורות פון אדם ביז נח,
היינט אַז עס איז געווען אַ סך מענטשן, זיינען געווען פאַרשיידענע. אייניקע
האָבן זיך אָפּגעלאָכט פון געטלעכקייט. ליגט דאָס אין די ווערטער „יושב
אהל" ווי יעקב אבינו איז געווען אַ יושב אהל, געלעגן אין מושכלות, איז
יבל געווען דער רבי פון די יושבי אהל, און פון די אנשי מקנה, וואָס זיינען
אויך געווען פרושים אין מדבריות און פלעגן זיך מתבודד זיין אין עבודת
ה', און אַזוי ווי פאַרצייטן האָבן זיי געלעבט זעהר לאַנג, איז געווען פאַר־
שיידענע צייטן אין זיין לעבן. אַ צייט איז יבל געווען אַ קאָמערסאַנט, אַ
צייט איז ער געווען אַ יושב אהל לפני ה' (כמו שמצינו בר"י בן זכאי, מ'
שנה עסק בפרקמטיא, מ' שנה למד, מ' שנה היה פרנס על הצבור).

וואָס אדם איז פאַרזאָגט געוואָרן. האָט דער לערנונג פון גאָטעס רייד באַפרידיקט זיין גייסט. אָבער קין, וואָס בּאַ אים שטעהט ויצא קין מלפני ה׳, ער האָט זיך אינגאַנצן ענטזאָגט פון מאָראַל און איז געוואָרן אַ מאַטעריאַליסט. שלעכט, אַ טרונק! אין בעסטן ברייטפירנדן לעבן איז ניטאָ קיין צופרידנקייט פאַרן גייסט א), איז דער זוכן לאַנג אַ צופרידנקייט פאַרן גייסט, האָט דאָס אַרויסגעבראַכט די חכמת השירה והנגינה (מוזיק) וואָס דאָס איז אַ גייסטלעכער פאַרגעניגן ב).

---

## בנין ציון

א) ווי די פּראַקטיקע ווייזט, די בני תורה פאַרברייננגען די צייט וואָס זיי ווערן רואיק פון געשעפט (אין אָוונט און שבת ויו״ט) אין עיון התורה, און די וואָס זיינען רחוק מתורה זיי דאַרפן דאָך אויך באַפרידיקן זייער גייסט, פאַרברייננגען זיי אין טעאַטערן, די געמיינערע פאַרברייננגען זיך מיטן גראַמאָפאָן גאַנצע אָוונטן און אַ גאַנץ שבת. ווען זיי וואָלטן צולייגן קאָפּ דאַרפן זיי פון גראַמאָפאָן גופא נעמען אַ גרויסן מוסר השכל ווי ווייט דער מענטש האָט אַ נפש וואָס זי שטעלט זיך ניט צופרידן מיט די הבלי הזמן. זי זוכט עפּעס גייסטלעכע שפּייז. דאַרום ד׳ חכמים הראשונים והנביאים פלעגן נאָך מער נתעורר ווערן צו אידישקייט פון כלי שיר (ויהי כמנגן המנגן ותהי עליו רוח אלקים), דאָס האָט געמאַכט אַפּעטיט זיך צו פאַרטיפן אין חכמת התורה והנבואה. אָבער בּאַ די פּוסטע מענטשן איז דער תועלת פון דער פּיאַנאָ און פון גראַמאָפאָן נאָר ווי מען פאַרשלעפּערט אַ קינד מיט אַ פידעלע אז ער ווערט אנשלאָפן אַ הונגעריקער.

ב) ווי די משוררים בני קרח זאָגן, אפתח בכנור חידתי (איך וועל עפענען באַשיידן מיט דער פידל מיין רעטעניש), דער מענטש איז אַ זעלטענע רעטעניש, זיין לעבן איז אַ קורצער און האָט אין זיך אַ גייסט אריינגענומען די גאַנצע וועלט אונטער זיך, וואָס ער ווייס אז ער וועט פון דעם גאָר ניט געניסן. משל למה הדבר דומה, איינער האָט געזעהן אויף אַ שוּס־טערס ווארשטאַט זילבערנע געצייג קליינינקע, אַ צוויינגעלע, אַ העמערל, קוקט ער אָן מיט וואונדער, וואָס טויג אים אזעלכע ברעקעלאך געצייג און נאָך זילבערנע? צו זיינע גראָבע אַרבעט דאַרף ער האָבן אַן אייזערנעם האמער מיט אַ צוואַנג. רופט זיך צו אים אָפּ אַ חכם, וואו האָסטו דאָס געזעהן? ענטפערט ער, אויף אַ יאַריד. — נו אויב אויף אַ יאַריד איז רעכט, עס קען זיין אַז אין דער זעלבער קלייטל זיצט אויך אַ זייגער מאַכער (אויף אַ יאַריד דינגען פאַרשיידענע אַרבעטער צוזאַמען אַ קליינע קלייטל), דער שוסטער זיצט ביים טיר און דער זייגער מאַכער ביים פענסטער. האָט דער שוסטער פאַרשלעפּט די געצייג פון זייגער מאַכער צו זיך אויפן ווארשטאַט. ווי דער מדרש זאָגט אויפן פּסוק, אוהב כסף לא ישבע כסף, איז דאָך אַ קשיא, וואָס לאָזט מיר שלמה המלך צו הערן? און ווידער ווי קומט אזאַ אומבאַגרענעצטע

וצלה, זיין צווייטע פרוי צלה האָט אויך געבוירן אַ זון „תובל קין" ער האָט ערפונדן די מיטלען ווי צו שלייפן (אויסארבעטן) כלים פון קופּער און אייזן. און די שוועסטער פון תובל־קין איז געווען נעמה. רש"י ברייגגט (פון מדרש) אַז די „נעמה" איז געווען די פרוי פון נח, וואָס ער מיט זיינע קינדער זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון מבול. נעמה איז לשון „נעים" (זיס, צימליך) ווייל אירע מעשים זיינען געווען זיסע, האָט זי זוכה געווען געגומען צו ווערן פון נח, און דורך איר איז געבליבן אַ זכר פון אירע עלטערן א).

---

## בנין ציון

מידה (ניט צו באַנוגענען זיך) צום מענטשן, וואָס זיינע טעג זיינען געמאָסטן? ענטפערט דער מדרש, דאָס איז נאָר אַ כח פון נפש, „אוהב מצות לא ישבע מצות", נאָר ווייל די וועלט איז אַ יאַרמאַרק, זיצט די נשמה מיטן גוף צוזאַמען אין אַ קליינער קליטעלע. דער גוף איז דער שוסטער און די נשמה דער זייגערמאַכער, האָט דער גוף פאַרשלעפּט אַ כח פון דער נשמה. פאַר דער נשמה איז דאָס אַ טייערע געצייג, ניט באַנוגענען זיך מיט וויפיל מצוות זי האָט געטאָן, און וועלן אַלץ נאָך און נאָך, ווייל זי בלייבט לחיים הנצחיים, דאַרף זי אָנקלייבן אַ גרויסן קאַפּיטאַל, תורה און מעשים טובים. און ווער ווייזט דאָס ארויס בחוש, אַז אין דער קליינער קליטעלע (פון גוף) זיצט אַן איידעלער מייסטער, אויף דאָס ווייזט די פידל (זי איז די טיפקייט פון חכמת המוזיק), זי ווייזט אַז דער מענטש איז מער גייסטלעך ווי קערפּערלעך, זי קען אין אים דערוועקן גרויס מאָראַל און ער קען וויפיל טעג ניט עסן בעת ער איז פאַרטיפט אין איר. דאָס איז (אפתח בכנור) די כינור באַשיידט די חידה פון מענטשן. זי ווייזט אַז נאָענט לעבן שוסטער זיצט אַ זייגערמאַכער, ווערט שוין רעכט די רעטעניש ווי קומט דער שוסטער צו אַזעלכע איידעלע געצייג? און אַז יאָ אַזוי, איז אַ יושר צו זאָגן דעם שוסטער ער זאָל קיין נאַר ניט זיין און זאָל שטילערהייט אָפּגעבן דעם כח פאַר דער נשמה, צו טאָן נאָכאַנאַנד מצוות ומעשים טובים, אוהב מצות לא ישבע מצות.

א) דער „דברי ירמיהו" שרייבט, אַז די דורות פון „עירד" ביז „למך" האָבן ליב געהאַט די הערשאַפט (עירד — עיר רד, מושל עיר) מחוי ־ אל, מתוש ־ אל, ווייל די מושלים האָט מען צוגעלייגט צו זייער נאָמען דעם וואָרט אל (שטאַרקייט, כמו אלי הארץ), אָבער למך האָט געהאַסט די הערשאַפט, ער האָט מקיים געווען „אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות", דאַרום פעלט דער וואָרט „אל" בא זיין ענדע נאָמען. למך איז געווען אַן איש נכבד און האָט מחנך געווען זיינע קינדער אין אַ גוטן וועג, רייך צו מאַכן די מענטשהייט מיט זייערע דערפינדונגען. די נעמען פון זיינע פרויען איז נאָך זייער שלימות, איינע הייסט עדה (לשון עדי, צירונג), און די צווייטע צלה (שויץ), זי האָט געשוצט, באַרואיגט פון די טרדות הבית בכדי

ויאמר למך, עס פאסירט אמאל אז מענטשן טוען אפ גרויסע סקאנדאלן וואס זיי פארדינען דעם טויט אויפן ארט, און דער בורא האלט זיי פארט אויף דער וועלט. ביי אונז מענטשן איז עס א גרויסע פראגע, אז ביי מאנכע קליינע קעפעלעך כאפט זיך צווייפלען אויב עס איז גאר דא א השגחה! אנטדעקט דא די תורה איינע פון די אורזאכן, וואס השי"ת האלט זיי אויף דער וועלט, ווייל ער קוקט ארויס אז פון זיי דארף ארויסקומען א דימענט, און ווי נאר ער גע־

---

ב נ י ן  צ י ו ן

זיי זאלן קענען רואיק זיך באשעפטיקן אין חכמה. עדה האט אים געבוירן א זון „יבל", וואס ער איז געווען דער פאטער (דער רבי) פון יושבי אהל, געזעסן אין בית מדרש החכמה און פאר אים זיינען געשטאנען די מקנה, לערנען און פראקטיציר̈ן אין דער טבע פון בעלי חיים. און צלה (גם היא) זי האט אויך געבראכט נוצן דער וועלט מיט איר זון תובל־קין, וואס ער האט דערפונדן געשליפענע שארפע כלים פון קופער און אייזן. אויך האט זי אים געבוירן די זיסע טאכטער „נעמה", וואס בזכות אירע שיינע מעשים איז זי געפאלן אין גורל פון נח הצדיק, און דורך איר איז געבליבן דער זכר פון איר פאטער לברכה, עס איז פון אים געבליבן קינדער לקיום העולם. (ויאמר למך לנשיו), דערציילט די תורה ווי עס איז מקוים געווארן אויף קין די גזירת שמים, אז איינער פון זיינע בעסטע קינדער האט אים אומגערן דערשלאגן. מיר דארפן גארניט זאגן אז למך איז געווארן בלינד, נאר ווי עס איז געקומען די צייט וואס דער בורא האט באשטימט אפצורעכנען זיך מיט קין, האט זיך אים אפגערופן די אלטע שרעק פון „מה עשית"! און עס האט אים אנגעהויבן צו ווארפן די נכפה ר"ל, האט למך פון ווייטן גע־רעכנט אז דאס איז א חיה משונה. נאכדעם ווי ער איז געווארע געווארן אז דאס איז דער עלטער זיידע קין, האט ער אים מספיד געווען, (איש הרגתי) דעם מאן וואס איך האב געהרגעט בין איך זיך זייער מצער אויף דעם (לפצעי) גלייך ווי איך וואלט זיך זעלבסט געוואונדעט. (נאכדעם דערקלערט ער) ווער איז דאס דער מאן? (וילד) דאס איז דער ערשטער קינד וואס איז געבוירן אויף דער וועלט צו דער מוטער חוה, אים האב איך דאס געהרגעט! אח, וועה! דאס איז (לחבורתי) צו מיין טיפער וואונד, וועה איז מיר! איך האב געטויט דעם ערשטן קינד וואס איז געבוירן אויף דער וועלט. לערנען מיר פון דעם, אז דער וואס איז אפגעקומען זיין עונש, ער איז ניט גע־שטארבן אויף זיין אייגן בעט, איז שוין אים פארגעבן די זינד זיינע. און דער בורא האט מזמין געווען אז א וויכטיקער מענטש האט אים געטויט, בכדי ער זאל אים מספיד זיין, און אנשטאט וואס ביז אהער איז זיין נאמען „קין דער רוצח", איז פון היינט אן זיין נאמען „ילד", דער ערשט געבוירענער קינד אויף דער וועלט.

פֿינט דעם דימענט רעכנט ער זיך גלייך אָפּ מיטן פֿאַרברעכער. מיר זעהן דאָ אַ רוצח וואָס האָט דערמאָרדעט אַ ברודער געהט אַרום אויף דער וועלט, און מיר וואונדערן זיך זעהר! השי"ת האָט אָבער געוואָרט ביז וואַנען עס וועט אַנטוויקלט ווערן פֿון אים אַ דימענט, די גוט־האַרציקע, די טייערע נעמה, וואָס אירע מעשים זיינען זיס און אַנגענעם, אַז דאַדורך האָט זי זוכה געווען געראַטעוועט צו ווערן פֿון מבול, עס זאָל ווידער געבויט ווערן אַ וועלט. ווי נאָר דער בריליאַנט איז אַרויס, האָט גלייך השי"ת מסבב געווען אַראָפּראַמען דעם רוצח (קין) פֿון דער וועלט. די מעשה האָט אַזוי פּאַסירט: למך (זיין אור־אייניקל) איז געוואָרן אַ סגי נהור. פֿלעגט זיין קינד תובל־קין אים פֿירן אויף יאַכט. האָט תובל־קין געזעהן פֿון וויטן אַ חיה, האָט ער געהייסן דעם פֿאָטער שיסן. ווי זיי זיינען געקומען נאָענט האָט תובל־קין געגעבן אַ געשריי, אוי! מיר האָבן דערשלאָגן דעם עלטער־זיידן קין! האָט למך (פֿון גרויס צער) געגעבן אַ פּאַטש מיט ביידע הענט און געשעדיקט אויף טויט זיין זון תובל־קין. דערפֿאַר האָבן זיינע פֿרויען זיך אָפּגעשיידט פֿון אים. האָט למך צו זיי געזאָגט, איר קלוגע פֿרויען, ווען אפילו איר זאָלט זיין פֿרעמדע דאַרפֿט איר אויך צוהערן מיין שטימע, איך וויל אויסריידן פֿאַר אייך מיין צער. נשי למך, היינט אַז איר זיינט מיינע פֿרויען דאַרפֿט איר געווים צולייגן אַן אויער אויסצוהערן מיין טרויעריקע הארץ פֿון מיין שרעקלעכן אומגליק צו הרגענען אונזער גרויס־פֿאָטער מיט אונזער אייגן קינד צו מיין וואונד און בייל. כלומר, מיין אומגליק וואָס איך זעה ניט האָט מיר צו דעם געבראַכט. דאַרום איז ניט אַזוי וואָס איר דאַרפֿט זיך דערווייטערן פֿון מיר, אין געגנטייל, איר דאַרפֿט זיך נאָך מקרב זיין און מיר טרייסטן. כי שבעתים, מה דאָך קין, וואָס ער האָט געהרגעט גערן, האָט גאָט געזאָגט, אַז דער וואָס וועט אים שלעכטס טאָן וועט פֿון אים גענומען זיבן פֿאַך נקמה, אַ פּשיטא ווער עס וועט טאָן שלעכטס למך'ן, וועט פֿון אים גענומען ווערן ראַכע זיבן און זיבעציג פֿאַך.

דער „עטרת צבי" (להר"ר שמשון הירש) שרייבט זעהר אַ הויכן געדאַנק אין דעם פּסוק, וואָס די תורה האָט אים געשריבן בדרך שיר, אַז דאָס איז ווי אַ סאָרט נבואה א). מיר זעהן דאָ צו למך'ן דריי קינדער וואָס דורך זיי איז געגרינדעט געוואָרן די מענטשלעכע קולטור (קאָמערציע, טעכנישע קונסט און מוזיק), ווי וויט דער פֿאָטער האָט זיך געדאַרפֿט פֿרייען מיט זיי, שטאָלצירן און רימען זייערע ווערק וואָס

---

ש ע ר י  צ י ו ן

א) אַזוי ווי דער צווייטער למך, דער־אור אייניקל פֿון שת האָט געזאָגט

זיי האָבן רייך געמאַכט די מענטשהייט. אָבער די גרויסע פּראַקטיקע פון זיין לאַנגען לעבן מיט זיין בליק אויף זייערע אונאַרטיקע מעשים, האָבן פאַרביטערט זיין האַרץ און אָנגעפילט אים מיט טרויער און זיפצן. אַז ער גיסט אויס זיין ביטער האַרץ פאַר זיינע פרויען, עדה וצלה וועו אפילו איר זאָלט זיין פרעמדע דאַרפט איר צוהערן מיין שטימע, ווייל דאָס באַלאַנגט צו דער גאַנצער מענטשהייט, ובפרט איר זיינט די מוטערס פון די קינדער, בודאי דאַרפט איר נעמען אין אַכט מיינע רייד. איר מיינט אין אמת אַז מיט די קולטור אַרבעט וואָס אונזערע קינדער האָבן אויפגעטאָן האָבן מיר געשטעלט אַ הויכן דענקמאָל צו אונזער גרוים-פאָטער קין? אַן אויביקן נאָמען וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן? איר מיינט אין אמת אַז פאַר אונז אַליין האָבן מיר געגרינדעט אַ גליקלעכן לעבן? און אויך פאַר אונזערע קינדער, פאַר אונזער צוקונפט האָבן מיר פאַרזאָרגט אַ גליקלעכן תכלית? זיי וועלן לעבן אַ טאָג און פאָרן אין קאַרעטן. ניין און ניין, דען לבד וואָס מיר האָבן ניט פאַרריכט דעם פאַרברעכן פון אונזער גרוים-פאָטער קין, האָבן מיר אים נאָך דערשלאָגן, דערנידערט צום גרוב און אָפּ-געמעקט זיין נאָמען אויף אויביק. און מיט אים צוזאַמען האָבן מיר דורך שלעכטס געבויגן צו דער ערד (דעם ילד), דעם צוקונפטיקן דור, וואָס ער וועט קיין באַשטאַנד האָבן אויף גאָטעס וועלט,—און מיט זיי ביידן צוזאַמען האָבן מיר זיך זעלבסט פאַרשאַפט גרויסע וואונדן, אַז מיר איז ניט ליב דער לעבן. יאָ, עס איז ריכטיק, אַז די קונסט און דערפינדונגען וואָס די וויסנשאַפט האָט געבראַכט פאַר דער מענטשהייט, אויב זיי ווערן געטאָן מיט אַ גוטער אויפפירונג, מיט אַ ריינעם געוויסן צו דערקענען דורך דעם גאָטעס וואונדער, וועלכע כוחות ער האָט באַשאַפן אין דער רייכער נאַטור, און ווי וויט ער האָט חונן געווען לאדם דעת אַריינצוקוקן טיף אין כוחות הבריאה, ומלמד לאנוש בינה, צו דערפינדן פון דאָס גיים באַנען, דאַמף-שיפן, טעלעגראַפן און נאָך וואונדער. אויב אַזוי זיינען די טהאָטן זעהר נוציק און הייליק און ברייננען גרוים הצלחה פאַרן מענטשן, זיי זאָלן פאַרגרעסירן און מאַכן רייך דעם געטליכן וועלט-אוצר, וואָס די עלטערן האָבן אונז איבערגעלאָזן, און מיר גיבן דאָס איבער אונזערע קינדער פיל פאַרגרעסערט אין רייכטום און דער-פינדונגען, און אַליין לעבן מיר אויך אַ מער גליקלעכן לעבן אויף דער וועלט. אָבער פון די מעשים פון עירד און מחויאל און זייער לעבנס-

---

שערי ציון

אַ נבואה אויפן צוקונפט (זה ינחמנו ממעשנו), אַזוי האָט דער למך (מצאצאי קין) געזאָגט אַ נבואה אויף דער צוקונפט.

**פירונג, פון אזא דור וואָס אין אים איז פאַרלאָשן געוואָרן די געטליכע געפילן און האָבן אָנגעווענדעט מיטלען צו פאַרלעשן אויף ווייטער אויך, מאַכן פאַרגעסן גאָטעס נאָמען פון דער גאַנצער יוגנט, שטעלן דעם גאַנצן ציל פון דער מענטשהייט נאָר אויף הפקר לעבן, נאָכ־צוגעבן די תאוות און לעבן אַ טאָג — אַזעלכע המצאות, אַזעלכע בילדונג וואָס געהט אַרוים מיט חוצפה והעזה געגן דעם וועלט־באַ־שעפער, ענטזאָגן אים פון זיין ווירטשאַפט, לבד וואָס זיי דערהויבן ניט די מענטשהייט, אין געגנטייל, זיי שטירצן איר צום אָפּגרונד, זיי דערשלאָגן אונזער יחוס אבות און טוען טויטן און אָפּשוואַכן די יוגנט מיטן קונפטיקן דור, און פאַר זיך אַליין פאַרשאַפן נאָר ביילן און וואונדן. מיט איין וואָרט, זיי אָפּפערן אויף דעם אַלטאַר פון זייערע תאוות די גרויסע פאַרגאַנגענהייט מיטן צוקונפט און זייער פוסטן גליק אין דער געגנוואַרט וועלן זיי אויך ניט באַקומען *).**

**וידע אדם, אדם האָט ווידער דערקענט זיין פרוי חוה, זי שוואַנ־גערט און געבוירט אים אַ זון, זי רופט אים שת. ביים ערשטן קינד האָט זי די ערשטע זאַך גערעכנט וועגן זיך, אויף דעם חלק וואָס זי האָט אין אים. אמת זי האָט צוגענומען גאָט אויך פאַר אַ שותף, אָבער דער עיקר האָט זי ז י ך גערעכנט, (קניתי איש), איך האָב דערוואָרבן**

---

### ש ע ר י  צ י ו ן

*) ווייל דער ענין איז זייער אַ וויכטיקער, ער איז אַ ליכטיקער שפיגל פאַר פיל למך׳ס, וואָס זיי האָבן אָוועקגעלאָזן די הנהגת הבית וחנוך הבנים ביי די פרויען אין די הענט, אַז זיי האָבן זיי אויסגעהאָדעוועט פאַר מחויאל און מתיאל׳ס. זיי זאָגן וידוי מעשר „בארתי הקדש מן הבית", אַרויסגעראַמט די הייליגקייט פון הויז, און עס געפינט זיך ניט אפילו אַ חומש, אַ תנ״ך אין שטוב. בין איך דאָ מעתיק די הייליקע ווערטער פון דעם גרויסן קענער דאָקטאָר הירש, וואָס צו זיינע גרויסע קענטשאַפט איז ער נאָך געווען דער גרויסער גאון וצדיק, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס אידישקייט אין דייטשלאַנד, אַז עד היום זיינען דאָרטן געבליבן גבירים מיליאָנערן לומדים מופלגים גרויסע יראי אלקים. וז״ל: ללמך היו שלשה בנים ועל ידם יסד את תרבות (קולטור) האנושית, ומה מאד היה לאביהם לשמוח ולגיל, לעדות גאה וגאון, לעלה ולקלס את מפעלות צאצאיו בעד האנושיות! אולם תוצאות נסיונות הייו והשקפתו על פעולות בניו המרו והעציבו את רוחו וימלאו את נפשו יגון ואנחה, לכן הוא אומר: „עדה וצלה"! גם לולי הייתן נשי למך, „שמעו קולי", עליכן לשמוע לדברי אלה, יען כי דברי נוגעים אל האנושית בכלל, אבל בתור „נשי למך", אמהות הבנים האלה, „האזנה אמרתי". עליכן להקשיב לדברי רב קשב, הבאמת תחשובנה כי עם הפועל פעלנו הקימנו שם וזכר לקין אבינו הזקן, שם עולם אשר לא יכרת עוד, התדמינה כי לנו

אַ מענטשן, איך האָבן געטראָגן, איך האָב געבוירן. אָבער נאָך דער פּראַקטיקע וואָס דער גרויסער לערער (די צייט) האָט איר געוויזן, די טרויערקייט וואָס זי האָט געהאַט פון אים, איז זי געקומען צום שכל אַז דער עיקר איז גאָטעס אַרבעט. דאַרום האָט זי גערופן דעם זון שת כי שת לי אלהים, גאָט האָט מיר אַריינגעזעצט זאָמען, געלייגט אַ פונדאַמענט אויף אים זאָל געבויט ווערן די מענטשהייט אויף דעם פּלאַץ פון הבל וואָס קין האָט אים דערהרגעט. אָבער ניט אַלע מאָל פּראָגרעסירט די מענטשהייט צו געהן שטענדיק פאָרווערטס, די וועלט איז קיילעכדיק, זי דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ. ולשת גם הוא יולד בן, הגם שת אַליין איז געווען אַ צדיק אָבער זיין זון איז געווען ניט צום בעסטן, ווייל די לופט איז דאַן געווען פאַרפּעסטעט פון קין׳ס דורות. ער האָט גערופן זיין זונס נאָמען אנוש (קראַנקהייט, ווייטאָג) כלומר, דער נאָמען „אדם״ (מענטש) וואָס ער בריינגט היילונג און הילף אויף דער וועלט מיט דעם וואָס ער איז גאָטעס שטעלפאַרטרעטער אויף דער וועלט, אַז דורך זיין איבערגעבנקייט צו אַלע גוטע זיטן איז ער אין קליין פאָרמאַט די געטלעכע פאָטאָגראַפיע אויף דער וועלט, איז ער געוואָרן נאַכלעסיק אין זיין אַרבעט, ער האָט אָנגעהויבן נוצן זיין גרויסע שטעלע נאָר פאַר אייגענע נוצן, ער האָט אָנגעהויבן צו דיינקען אַז דער גרויסער וועלט-פּאַלאַץ איז באַשאַפן פאַר זיינע קערפּערליכע זאַכן, קלייבן פאַרגעניגן, דורך דעם האָבן זיי פאַרשוואַכט און קראַנק

---

## שערי ציון

לעצמנו יסדנו „עת חיה מאושרה״, אף לבנינו אחרינו הכיננו עתיד מאושר עוד רב יתר מאד? זאת לא זאת! כי מלבד אשר לא כפרתי בזה עון אבינו זקננו „קין״ (איש), כי גם הרג הרגתיו, כי מחיתי בזה שמו וזכרו לנצח, ועמו יחד הס בותי גם לי פצע עמוק וחבורה, עד כי נקטה נפשי בחיי.— הן אמנם עם כל פעולות האדם והשתדלותו בעד התרבות האנושית, אם תעשינה לשם עבודת ה׳, אז הנם קדושות למאד, גם תביאינה אושר רב, כי האנשים ילכו מחיל אל חיל ויגדילו ויאדירו את אוצר ה׳, אשר הנחילו האבות וישאירוהו לבניהם למורשה, משוכלל ביותר. גם בני הדור בעצמם חיים המה בהווה חיים מאושרים; אולם מפעלות „מחויאל ומחייאל״ וארחות חייהם, מדור כזה שבו נכבתה האלהות ואשר כל מגמתו להוסיף ולכבות גם בדור נולד את הנצוץ האלהי, וכל תכלית התרבות היא למלא רק את תאות האהבה העצמית, או אז „תובל קין״ בעצמו, כשרון ההמצאה של איש כזה יעוז בהותו נגד ה׳, הוא הוא ימית ויחלל את זכרון האבות, הוא ימית ויחליש גם את הדור נולד, אף יסבב ויביא לעצמו רק פצע וחבורה ומכאובים נוראים, הוא יביא קרבן על מזבח הוות נפשו את „העבר״ ואת „העתיד״ וגם את האושר „בהווה״ לא ישיג וזממו לא יפיק.

געמאכט די וועלט (כדלקמן בשם המדרש). נאָר ווי אזוי איז געקומען אזא גרויסע פאַרענדערונג, ווי אַזוי איז אַזוי גיך די מענטשהייט גע־פאַלן פון אדם אויף אנוש? דערקלערט די תורה, ווייל אז הוחל לקרא בשם ה׳, דאַן איז פאַרשפּעטיקט, בטל געוואָרן דער אָנרופן (תפלה־טאָן) אין גאָטעס נאָמען. כלומר, זיי זיינען געוואָרן פילאָסאָפן, זיי האָבן געזאָגט, עס פּאַסט ניט, אַז אַ דאַרף מענטש זאָל זיך מיט זיין בקשה גלייך ווענדן צום קעניג, ער דאַרף די ביטע דערלאַנגען פריער צום גאָווערנאָר, און ער וועט דאָס איבערגעבן צום קעניג. דאָס גלייכן (האָבן זיי געזאָגט) ווי פּאַסט דאָס דער מענטש, וואָס ער איז שוואַך ווי אַ פליג, זאָל ער גלייך ריידן תפלה צום אויבקן, ער דאַרף בעטן ביי דער זון, ביי די פּלאַנעטן, און זיי וועלן דאָס איבערגעבן צו גאָט. ביז וואַנען דאָס איז אַזוי אַוועק ווייטער און ווייטער, ביז מ׳האָט אָנ־געהויבן צו מאַכן בילדער — אַ בילד פון דער זון, פון דער לבנה, פון די פּלאַנעטן און האָבן זיי אָנגעהויבן צו דינען, ווי אין מצרים איז נאָכהער געווען. און בעת עס איז געקומען צו אַ גרויסער תאוה, האָט זיי דער יצה״ר אָן עצה געגעבן פאַרדעקן די געטער, ווי זליכה האָט געטאָן. האָט איר יוסף געענטפערט, „דיין גאָט קענסטו צודעקן ער זאָל ניט זעהן, אָבער אונזער גאָט זעהט אומעטום, מ׳קען זיך פון אים ניט פאַרבאָרגן״ א).

---

בנין ציון

א) אום צו פאַרשטיין דייטלעכער ווי אזוי איז עס געקומען צו די געצנ־דינעריי, שרייבט דער דברי ירמיהו, ווי די קין׳יסטן (בני קין) זיינען נתרבה געוואָרן אויף דער וועלט, וואָס האָבן זיך געפירט ווי זייער גרויספאָטער קין, וואָס ער האָט אַנטזאָגט פון עבודת ה׳ (ויצא קין מלפני ה׳) און איז גע־וואָרן אַ פריידענקער, אַז ד׳ מענטשהייט געהער זיך ניט אָן מיט די גאָטהייט, און זיי האָבן געבויט שטעט און געפירט מלוכה וממשלה ווי די דורות פון עי־רד, מחויאל, מחייאל, מתושאל, און זיי האָבן דערפונדן פיל קונסטווערק. נאָכהער ווען אדם האָט געבוירן זיין זון שת, וואָס ער איז געגאַנגען אין דער וועג פון אדם הראשון, זיין איין עובד ה׳, און שת האָט געבוירן אנוש, איז געוואָרן אַ רעכטע קאָמפּאַניע עובדי ה׳ אונטער די השפעה פון אדם הראשון, וואָס ער אליין האָט מיט זיינע אויגע געזעהן ווי גאָט האָט מכניע געווען אלע חיות ובהמות און האָט זיי געבראַכט צו אים ער זאָל זיי געבן נעמען, און נאָכדעם האָט ער באַשאַפן חוה׳ן אין זיין געגנוואַרט, און ער האָט וויפיל מאָל גערעדט מיט גאָט (אז נדברו יראי ה׳ איש אל רעהו), האָבן זיך דאַן צוזאַ־מענגערעדט די יראי ה׳ צו זוכן אַ מיטל ווי אומצוקערן די וועלט צו עבודת ה׳, איז ביי זיי געבליבן אָנהויבן דרשנ׳ען (מפרסם זיין) דעם אמת אין די גאַסן (להפנות אל ה׳ כל רשעי ארץ). דאַן האָט זיך אויפגעהויבן די התנגדות

דער לשון הוחל האָט נאָך אַ באַדייטונג, נאָך אַזאַ פירונג האָט זיך געפאָדערט אָנהויבן רופן (מפרסם זיין) ווי אברהם אבינו האָט געטאָן אַז דער שם ה׳ איז דער אדון העולם, ער אַליין אינטערעסירט זיך אין די אַלע מעשים פון מענטשן, ער קוקט אויף אַלעס און נאָר צו אים אַליין דאַרף מען זיך קערן און ווענדן מיט אַלע אַתזוערע תפלות און בקשות. דער שם הוי׳ ב״ה ווייזט, אַז ער איז דער מהוה כל הוה וממציא כל נמצא, ער געפינט זיך שטענדיק און איז נאָענט צום מענטשן אין אַלע צייט. קרוב ה׳ לכל קוראיו, גאָט געפינט זיך נאָענט צו יעדערן וואָס רופט אים אָן מיט אַ ריינע און אמת׳ע האַרץ. כלומר,

---

בנין ציון

פון די קינ׳יסטן, פון זיי האָבן זיך אויך געפונען מטיפים וואָס האָבן פראָ־פאַגאַנדירט פאַרקערט, אַז דער מענטש האָט קיין אינטערעס מיט אלקות, די הימל געהער צו גאָט והארץ נתן לבני אדם. עס איז אַוועק אַ גרויסער שטרייט צווישן די צוויי שיטות אָנהענגער. דאַן האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן געפירט צו מאַכן אַ פשרה, מאַכן שלום צווישן ביידע כתות, זיי האָבן דערקלערט אַז לעבן נאָר מאַטעריאַליש איז קיין וועג, דער תכלית זאָל זיין נאָר עסן און טרינקען און לעבן אַ טאָג, עס נעמט ניט דער ריינער פאַרשטאַנד. און צוריק, זיין דורכאויס עובדי ה׳ קונה שמים וארץ איז אויך אַ צו שווערע זאַך, ווייל גאָט איז זעהר הייליג און דער וואָס גיט זיך איבער אים צו דינען מוז זיך אויך פירן זעהר הייליג, און אויב ניט באַקומט ער גלייך זיין פסק, וואָס צוליב דעם האָט זיך דער ־ זיידע קין אַנטזאָגט פון עבודת ה׳. אַלזאָ האָבן זיי געפונען אַ מיטלפונקט, יאָ דינען גאָט, אָבער ניט אים אַליין דירעקט, נאָר דורך די צבא השמים, און האָבן נאָך די זאַך דער־קלערט מיט השכלה. אַזוי ווי די מלכותא דארעא, וואָס פירט די מדינה דורך די שרי המלוכה, פאַרלאַנגט זי מ׳זאָל זיי (די שרי המלוכה) געבן כבוד, אַזוי איז מלכותא דרקיע פירט א״ר הנהגה דורך מערכת השמים (דורך דער זון און די פּלאַנעטן), פאַרלאַנגט ער געווים מ׳זאָל זיי געבן כבוד. האָבן זיי אָנגעהויבן דינען די זון, מיט דער כוונה אַז מיט דעם גיבן זיי כבוד דעם עוויקן גאָט. געוואוינלעך דער המון האָט דאָס זעהר אָנגענומען, ווייל אַזאַ עבודה איז פיל לייכטער, און פיל חכמים און אנוש אַליין האָט אויך מסכים געווען צו דעם, בכדי עס זאָל ניט פאַרגעסן ווערן גאָטעס נאָמען פון מענטשן. דאָס איז די כונה (אז הוחל) דאַן האָט מען אָנגעהויבן (לקרוא) צו רופן די נעמען פון צבא השמים (בשם ה׳) אין גאָטעס נאָמען, דורך דער עבודה פון צבא השמים גיט מען כבוד דעם שם ה׳. דריקט אָבער די תורה דאָס אויס מיטן וואָרט „הוחל״ וואָס ער האַלט איין אין זיך אַ צווייטע כונה (לשון חולין) עס איז וואָכעדיק געוואָרן גאָטעס נאָמען. ווייל באמת איז די פשרה זעהר אַ נאַרישע, צווישן אמת און שקר איז ניטאָ קיין פשרות, ווי נאָר אָפּ־

ווען ער אנערקענט אים בתור אדון, אז ער איז דער האר און מיר זיינען זיינע טרייע דינער. די אנערקענונג פון שם ה׳ רופט ארויס אין מענטשן זיין עהרן־געפיל, כלומר, איך מענטש בין דער קאמער־דינער פון דעם גרויסן וועלט־קעניג. און צוזאמען מיט דעם ברעכט דאס די גאוה מיט די גרויסקייט, ווארום וואס באטרעפט אזא קליינע מילב (ווי דער מענטש) קעגן דעם גרויסן דערהויבענעם וועלט־קעניג (בריה שפלה אפלה עומדת בדעת קלה ומעוטה לפני תמים דעים). בקיצור, די ידיעה פון שם ה׳ גיט דעם מענטשן שטאלץ מיט ענוה צוזאמען. דער מענטש איז דער באוועג פאמבעדיטל פון גרויסן וועלט־זייגער, הגם אנטקעגן זייגער איז ער גאר ניט געאכט, אבער דאך האט דער גרויסער מייסטער (דער דערפינדער פון זייגער) פאראָרדנט, אז דער פאמבעדיטל זאל פירן דעם גאנצן זייגער און ווען ער שטעלט זיך אפ פארלירט זיך דער נוץ פון זייגער. אלזא מוז עס ארויס רופן צו זיך גרויס עהרן־געפיל צו זיין דער צענטראלער כוח פון דער וועלט־באוועג. אזוי האט דער בורא פאראָרדנט אז די גאנצע הנהגת שמים ווארן ווענדעט זיך אן די מעשים פון מענטשן (באלהים נעשה חיל). אין קורצן

---

בנין ציון

געטראָטן א שריט פון „אמת" איז שוין „שקר". אמת איז נאר איינס און שקר האט פיל דרכים. איז טאקע אין פארלויף פון דער צייט פארגעסן געווארן דער שם ה׳ פון אלעמען, דער אמת איז געבליבן נאר ביי יחידי סגולה (חנוך, מתושלח, נח, שם ועבר), און אזוי האט די וועלט געבלאנדזשעט אין פינ־סטערניש ביז וואנען עס האט אויפגעשיינט דער ליכטיקער שטערן „אברהם אבינו".

מיט דעם זעהען מיר א גרויסן פראטעסט קעגן די וואס זאגן, אז די תורה האסט נאר די עובדי עבודה זרה, זי וויל אויסרייסן די עבודה זרה פון דער וועלט, אבער קעגן די פרייגעזאנענע מאכט זי קיין רייד. פון דעם זעהן מיר דעם היפוך, אז די ערשטע מלחמה איז געוועזן קעגן די פרייגעזאנענע קיניסטן, וואס האבן זיך אנטזאגט אינגאנצן פון גאטהייט, די עובדי עבודה זרה זיינען אין פיל ליכטיקע מדינות אראפ פון פלאץ, איז אויף זייער פלאץ (אויף דער וועלט־סצענע) ארויסגעטראטן די אלטע שמאטע, די אלטע סעקטע קיניסטן אנטזאגן זיך אין גאנצן פון גאטהייט. אלזא זעהן מיר ווי ריכטיק עס שרייבט דער „אבן עזרא", אז דער ערשטער דיבור (פון עשרת הדברים) איז דער פונדאמענט פון דער וועלט, ווייל ער ראמט אראפ פון דער וועלט־סצענע די קיניסטן, ער ווייזט אז די מענטשהייט האט א פארבינדונג מיט דער גאטהייט, ווי מיר האבן געזעהן אין מצרים (אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים), און מיטן צווייטן דבור (לא יהיה לך) איז ער מבטל דעם טעות פון די עובדי ע"ז, ווי מיר וועלן בע"ה דערקלערן אין פ׳ יתרו.

גערעדט, דעם שם ה׳ האַלט אָפּ דעם מענטשן פון גאוה, און צוזאַמען מיט דעם רופט ער אַרויס זיין זעלבסט-ווירדע אום ניט לאָזן זיך דערנידערן ווי אַ בהמה, קריכן אין בלאָטע און פאַרלירן די אייגענע ווערט ביי זיך א). און ווען דער מענטש דערקענט דעם בורא עולם מיט זיין נאָמען הויה ווי מיר לייענען אים (מיט די נקודות) אדני (דער האר פון דער וועלט), ממילא ווערן אַלע כחות הטבע נכנע צום מענטשן (ווי אַלע רעדער פון זייגער גיבן זיך איבער צום דעם קליינעם באַוועגער). אָבער אין דור אנוש, זינט דער מענטש האָט זיך דערנידערט פון זיין מדרגה „אדם" (הדום רגלי השכינה) צו דער מדרגה פון „אנוש", דורך זיין היסח הדעת פון השי"ת און רעכענען אַז די וועלט פירט זיך נאָר על פי הטבע (דורך ד׳ מערכות השמים) און ער דאַרף נאָר גריבלען די טבע דורך איר פאַרהיטן זיין געזונט און באַקומען זיין הצלחה, פון דאַן אָן איז די טבע אויך געפאַלן מיטן מענטשן צוזאַמען. די ערד איז פאַרפלוכט געוואָרן נאָך מער און האָט אָנגעהויבן וואָס וויניקער געבן איר פרוכט. ווי דער מדרש שרייבט, (ההרים נעשו טרשין), די בערג זיינען געוואָרן ווי שטיין, (והתחיל המת מרחיש), דער קערפּער פון דעם מענטשן, וואָס איז באַשאַפן צו זיין ווי אַ מלבוש, בעת מ׳טוט אים אויס קען מען אים אַריינהענגען אין שאַפע ביז וואַנען מ׳טוט אים ווידער אָן, אזוי איז געווען דער קערפּער פון מענטשן אַ לבוש צו דער נשמה (כמ״ש עתידין צדיקים שיעמדו בלבושיהן עם הגופים שלהם), בעת דער מענטש שטאַרבט וואָלט דער קערפּער געבליבן גאַנץ (ווי די חנוטים אין מצרים), ביז דער צייט פון תחיית המתים, וואָס די נשמה וועט צוריק אָנטאָן איר מלבוש (דעם גוף), איז פון דור אנוש אָן האָט ער אָנגעהויבן קאַליע ווערן. און אויף די געזיכטער פון מענטשן האָט אָנגעהויבן צו ווייזן זיין בהמות׳קייט, ווייל דער פנים פון מענטשן איז די ציפער-בלאַט וואָס ווייזט אַרויס ווי די רעדער גייען אינווייניק (חכמת אדם תאיר פניו). אַז דער מענטש האָט זיך אָבער דערנידערט צו זיין חלק הבהמי (כי שחה לעפר נפשנו), האָט זיך אָנגעהויבן צו ווייזן אויף דעם מענטשנס געזיכטער דער פנים פון אַ מאַלפּע (נעשו פניהם

---

בנין ציון

א) שם ה׳ (שהוא אדון העולם שברא את האדם לעבד לו) יקבע בלב האדם את רגש כבוד האדם וחשיבותו, את ההכרה הנאמנה מדבר קוטן האדם וגדלו גם יחד, את הידיעה כי נגד גדולתו ית׳ (שהוא מהוה כל הוה וממציא כל נמצא) כאין וכאפס הוא גודל האדם, ובכל זאת קרוא הנהו מאת ה׳ לעמוד בראש הבריאה ולהיות „הדום רגליו". שם ה׳ יחסה ויחשוך את האדם מגאוה וגאון ויחד עם זה לא יתנהו להשפל כבהמה, להשחית את דרכו או להבזות את נפשו בעיני עצמו (עטרת צבי).

בקופין). און ער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער הערשאַפט פון די פגעי הזמן (ונעשו חולין (הפקר) למזיקין). בקיצור, דער שם ה׳, די אַנערקענונג פון גאָטעס הערשאַפט און די אונטערטעניקייט פון מענטשן צו איס גיט איס די אמת׳ע פרייהייט (אני עבדך בן אמתך (עי״ז) פתחת למוסרי). שם ה׳ באַלעבט איס און מאַכט איס דויער־האַפטיק, שם ה׳ מאַכט איס העכער פון אַלע מקרי התבל און שיצט איס פון אַלעס בייזן, און ווי ווייט דער מענטש דערווייטערט זיך פון דעם, אַזוי ווערט גרעסער די שליטה פון דער נאַטירלעכער וועלט מיט די נאַטירלעכע כחות אויף זיין נאַטירלעכער תכונה. און וויבאַלד אין דור אנוש האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרגעסן דעם שם ה׳, דאַרום אַז הוחל, האָט זיך אָנגעהויבן די נויטוועדיגקייט עס זאָל זיך געפינען העלדן ווי אברהם אבינו, אַז מ׳ זאָל צוריק אַנערקענען די זאַך, מקבל זיין אויף זיך מלכות שמים און זיך משעבד זיין מיט לייב און לעבן ממלא זיין דעם רצון ה׳ וואָס צו דער תעודה זיינען באַשאַפן געוואָרן די הייליקע פאָלק ישראל, די יורשים פון אברהם אבינו, צו פאַר־ענדיקן די „פעולת ההכרזה״, וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען לקרא ולפרסם בשם ה׳, ווי דער נביא ישעיה זאָגט, עם זו יצרתי לי תהלתי **יספרו**.

זה ספר, אָט דער בוך פון דער מענטשלעכער געשיכטע וואָס איז באַשריבן פון דאַנען און ווייטער, דאָס אַלעס זיינען תולדות האדם, די אַנטוויקלונג פון אדם, וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלהים א) דורך די בחירה וואָס איז איס געגעבן געוואָרן אַלס מתנה, האָט ער

## שערי ציון

תלמיד, וואָרום שטעהט דאָ תולדת (חסר), ניט ווי פריער ביי אלה תולדות השמים והארץ (מלא)?

רב, ווייל שמים וארץ זיינען ניט קיין בעלי בחירה, דארום שטעהען זיי שטענדיק מלא (פאָלקאָם) אין זייער שלמות, ווי השי״ת האָט זיי אוועקגע־שטעלט בששת ימי בראשית (ויעמידם לעד לעולם חק נתן ולא יעבר), די זון האָט קיינמאָל ניט פאַרשפעטיקט א מינוט, זי קומט אין יעדער מדינה ריכטיק צו איר צייט. און אַזוי אַלע צבא השמים והארץ, אָבער דער מענטש איז אַ בעל בחירה, הגם ער קען שטייגן צו זיין ווי משה רבנו ע״ה, אָבער דאָס רוב מענטשן זיינען חסרי השלמות. די גאַנצע מענטשהייט וועט ערשט קומען צו אירע שלמות בימי מלך המשיח (כי אז תמלא הארץ דעת את ה׳), דאַרום שטעהט אלה תולדות פרץ (מלא) (לרמז שבימי מלך המשיח הבא מפרץ יבא מין האדם לשלמותו). אויך ליגט דאָ אַ רמז אַז אפילו די מענטשן וואָס זיינען פעליג פון אַלע מעלות ומדות זיינען אויך צאצאי אדם, מ׳דאַרף אויף זיי אויך מיטלייד האָבן.

די מעגלעכקייט זיך צו דערהויבן, שטייגן העכער ווי א מלאך, אדער חלילה דערנידערן זיך ערגער פון א ווילדע טהיר א). ביום ברא, דאן

## שערי ציון

תלמיד, מיט דעם פארשטייי איך דעם מאמר פון מדרש. ר' עקיבא זאגט אז דער פסוק „ואהבת לרעך כמוך" איז א כלל גדול בתורה, כלומר, דער מענטש זאל אויסראטן פון זיך דעם גרויסן פעלער פון עגאאיזם (אייגנ־ליבע), וואס עס איז די מוטער פון אלע זינד, ער זאל דעם צווייטן אויך שפירן, יענער האט אויך א מאגן (ער וויל אויך עסן), יענער האט אויך ערן־געפיל, דארף מען זיין כבוד אויך היטן (יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך), זאגט בן עזאי, אז דער פסוק „זה ספר תולדת אדם" איז א גרעסערער כלל, כלומר, בן עזאי איז מוסיף אז ניט אזוי „רעך", וואס איז א מענטש ווי דו, נאר אפילו „תולדת" חסר, (ווער ער איז און וואס ער איז) א־ז אויך א מענטש, און מ'דארף אים העלפן אין זיינע קערפערלאכע גויטן, און א פשיטא אין זיינע גייסטלעכע, פירן אים צום אמת ווי אברהם אבינו האט מקרב געוועזן אלעמען בגוף ובנפש.— (הערת הכותב) ר' עקיבא און בן עזאי (די אמת'ע מענטשן־פריינד) שרייבן דא א גרויסן פראטעסט קעגן די וואס האבן ליב צו ריידן נאר דברי גנאי אויף מענטשן, און ניט אזוי אויפן צווייטן פאלק, נאר אויף זיך אליין, אויף זיין אייגן פאלק. ווי א בארימטער שרייבער האט שוין לאנג באמערקט, אז קיין אנטיסעמיט דריקט זיך ניט אויס אזוי שלעכט וועגן אידן ווי די נארישע אידן אליין. אויף נאר עפעס אן עולה, א שווינדל, אדער עפעס א שמוציקע זאך זאגן זיי, „דאס איז געוויס א אידישע שטיקל ארבעט", הגם דאס רוב זאגן זיי דאס נאר מיט א וויץ, דאס איז אבער זעהר א שמוציקער וויץ, ובפרט וועז א קינד הערט דאס, רעכנט ער עס גאנץ איינ־פאך פאר אן אמת, ווערט ביי אים פארזייט א שנאה צו זיינע אייגענע ברידער. אלזא דארף א בר דעת אויסמיידן אזעלכע וויצן, און מאכן א פאר־ווארף דעם וואס זאגט זיי.

א) כלומר, די גאנצע מענטשלעכע היסטאריע מיט אירע גרויסע מעלות וואס דאדורך האט זי ארויסגעגעבן הויכארטיקע מענטשן העכער ווי מלאכים (די אבות הקדושים און נאך יחידי סגולה). און סיי א־רע גרעסטע פעלערן וואס דאדורך האט זי ארויסגעגעבן פארדארבענע מענטשן נידעריקער פון ווילדע חיות. די פארשידענע סצענעס וואס קומען פאר אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וואס פארלויפיק זעהן זיי אויס ווי צוויי קאנטראסטן (הפכים), די אלע שליסן זיך צו איין ברעג, צו איין רעיון, און דאס איז די אנטוויקלונג פון אדם, וואס ער איז באשאפן בצלם אלקים, ער האט אנדערש ניט געקענט הייסן „אדם" סיידן עס זאל מעגלעך זיין אזא אנטוויקלונג. וויבאלד ער איז מיט דער טייערער מתנה „בחירה" (וואס דאס פארמאגט ניט אפילו א מלאך), ער זאל קענען בוחר זיין וועלכע וועג ער וויל — ער זאל קענען

אין דעם טאָג (אין וועלכן) גאָט האָט דעם אדם באַשאַפן האָט ער אים דאָן געבילדעט אין גאָטעס ענלעכקייט, זיין גייסט זאָל זיין מונטער און וואַך, זיינע מדות זאָלן זיין ריין, ער זאָל עוסק זיין בישוב העולם און זיין שטרעמונג זאָל זיין באַהעפטן זיך צו זיין באַשעפער, די ערד זאָל בליען און טאַנצן פאַר אים ווי א גן־עדן, און זיין געפיל זאָל הערן גאָטעס שטימע געהט אַרום אין זיין גן־עדן וועלט. הכלל, זיין גאַנצער וואונטש און ציל זאָל זיין, שטענדיק שטעהן פעסט אויף די ריינלעכ־קייט און הייליגקייט ווי אין דעם טאָג וואָס גאָט האָט אים באַשאַפן א). זכר ונקבה בראם, מענלעך און ווייבלעך האָט ער זיי באַשאַפן, זייער ביידנס יחוס איז גלייך, ביידע זיינע באַשאַפן בדמות אלהים, ביידן גלייך האָט גאָט געבענטשט, ביידן גלייך האָט ער גערופן אדם אין דעם טאָג וואָס ער האָט זיי באַשאַפן ב). אַלזאָ זיינען פאַרפליכטעט

---

## ש ע ר י   צ י ו ן

שטייגן דורך זיינע מעשים העכער ווי א מלאך, ממילא דאַרף ער קענען זיך דערנידערן ערגער פון א ווילדע חיה. ווייל אויב ניט וואָלט דאָך אים ניט קומען קיין שכר טוב פאַר זיין גוטער בחירה.

א) איך האָב געהערט בעת קאָלומבוס האָט אנטדעקט אַמעריקע האָט ער דאָרטן געפונען מענטשן האלב־ווילדע, וואָס זייערע מאָראלישע געפילן זיינען אין גאַנץ קליינעם פאָרמאַט (כמעט ניט העכער פון אַנדערע בעלי חיים), און נאָך היינט געפינען זיך אויך אזעלכע אין טיף אפריקע, טאָ פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען? וויבאלד אדם איז באַשאַפן געוואָרן אזאָ הויכער סאָרט מענטש, און נח, וואָס פון אים איז די וועלט געבויט געוואָרן, איז אויך געווען א הויכער סאָרט מענטש?

רב, אז מיר וועלן אי״ה קומען צו דער מעשה פון דור ההפלגה (אין סדר נח) וועסטו זעהן אז די פראים זיינען געוואָרן בערך 2000 יאָר נאָך בריאת העולם, בעת גאָט האָט צעוואָרפן די אנשי דור הפלגה אין אלע עקן וועלט. די סעקטע, וואָס האָט געהאַט א ווילדן ציל אין דעם בנין המגדל, זיינען געשטראָפט געוואָרן מדה כנגד מדה פאַרוואָרפן צו ווערן אין מדבריות און ווערן האלב־ווילד. קומט אויס אז דער מצב הפראי איז ניט דער מצב הטבעי (ווי די פריידזיניקע דיינקען), אין געגנטייל, דאָס איז א מצב הבלתי טבעי, וואָס צו דעם איז דערנידערט געוואָרן דער מענטש דורך זיין אַרויס־לאָזן גאָט פון הארצן און פאַרגעסן אים, דאדורך איז ער געוואָרן פאַרווילדעט אין דער דזשאַנגל. אָבער זיין אמת׳ער נאַטירלעכער מצב איז בדמות אלקים, פירן א הויכע גייסטלעכע וועלט און זיין קדוש וטהור דבוק במדותיו יתברך.

ב) דער כנפי נשרים פרעגט, וואָרום ביי בריאת אדם שטייט ניט „כי טוב" (ווי ביי אלע מעשה בראשית)? דער תירוץ איז, אלע מעשה בראשית זיינען ניט קיין בעלי בחירה, איז זייער „טוב" קענטיק גלייך בעת הבריאה,

ביידע צו געהן אין גאָטעס וועג, פירן זיך אין זיינע מדות. לערנען מיר פון דעם אַז דער ציל פון דער בריאה איז געווען, די שכינה זאָל זיין דבוק צום מענטשן. נאָר דער מענטש דורך זיין שלעכטע פירונג האָט דערוויטערט די הייליקע געפילן פון זיך. איז דער תכלית פון די מענטשלעכער היסטאָריע, אַז מיר זאָלן פאַרבעסערן אונזערע מעשים און קומען צוריק צו דער ברכה, אונזער געפיל זאָל ווערן נאָענט צו אלהות, צום נאַטירלעכן מצב ווי דער מענטש איז געווען בעת הבריאה. ווי שלמה המע"ה זאָגט האלהים עשה את האדם ישר, ווי אַ כלי וואָס געהט אַרויס פון מייסטערס האַנט מיטן בלאַנק און גלאַנץ, אַזוי איז אַרויס דער מענטש פון בורא'ס האַנט גראַד און גלייך, נאָר דער מענטש אַליין מיט זיין קרומער פירונג האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און פאַרדרייט. ויחי אדם, אדם האָט געלעבט 130 יאָר און האָט געבוירן אַ זון אין זיין ענלעכקייט אין זיין געשטאַלט. כלומר, אדם האָט געמאַכט ירשנ'ען זיינע קינדער זיין „דמות אלהים" בשלמות ווי ער איז באַשאַפן געוואָרן, און ער רופט דעם זון שת א), נאָכדעם האָט אדם

---

ש ע ר י צ י ו ן

אָבער דער „טוב" פון מענטשן ווערט ערשט געזעהן ווען ער געהט אַוועק אין גוטן וועג, ווען ניט חלילה איז נוח לו שלא נברא. דאָס איז די כונה פון (זכר ונקבה בראם), בעת הבריאה איז זייער נאָמען געווען בלויז זכר ונקבה, ווען האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן אדם? (אדמה לעליון) מ'זאָל קענען אויף זיי זאָגן „כי טוב" (ביום הבראם), בעת זיי האָבן זיך אַליין באַשאַפן, כלומר, בעת זיי זיינען אַוועק אין אַ גוטן וועג. ואני הכותב בין מוסיף, אַז אַזוי ווי פון אדם'ן זיינען אַרויסגעקומען יחידי סגולה וואָס מען האָט אויף זיי געלייענט „בטרם אצרך ידעתיך", איז נכלל אין וואָרט „ביום הבראם" (גם הכונה שכתבנו בפנים), אַז אין דער צייט פון זייער באַשאַפן ווערן, איידער זיי זיינען נאָך אַרויס לאויר העולם האָט מען זיי שוין גערופן אדם. ווי ביי משה רבינו שטייט, ותרא אותו „כי טוב" הוא, כלומר, הגם בא דער בריאה פון מענטשן שטייט ניט כי טוב (ווייל צדיק ורשע לא קאמר), אָבער יוכבד מיט איר עין הנבואה האָט געקוקט, אַז אויף דעם קינד האָט מען געקאָנט שרייבן גלייך וירא אלהים **כי טוב.**

א) תלמיד, פריער שטייט אַז חוה האָט אים אַ נאָמען געגעבן שת, און דאָ שטעהט אַז אדם האָט אים גירופן שת?

רב, חוה האָט אַ נאָמען געגעבן בעת ער איז געבוירן געוואָרן, אָבער אדם האָט אים ערשט גערופן שת שפּעטער, בעת ער האָט געזעהן ער געהט אין זיין וועג, כלומר, אדם האָט מפרסם געווען פאַר אַלעמען, אַז נאָר אין שת'ן זעהט ער זיין צוקונפט, ווייל ער געהט אין זיין וועג, אָבער ניט אין די בני קין וועג, וואָס זיי זיינען אַרויס (זיך אַנטזאָגט) פון גאָט.

געלעבט 800 יאָר און האָט געבוירן זין און טעכטער וואָס זיינען אויך געגאַנגען אין גאָטעס וועג (נאָר זייערע נעמען ווערן דאָ ניט דערמאָנט). אשר חי, צוזאַמען די טעג פון אדם וואָס ער האָט געלעבט זיינען געווען 930 יאָר. אָבער די טעג וואָס ער האָט געדאַרפט לעבן איז געווען מער, נאָר זיי זיינען געמינערט געוואָרן פון אים דורך דער קללה פון „כי ביום אכלך ממנו מות תמות”, ער וועט ניט אויסלעבן דעם טאָג (גאָטעס טאָג, טויזנט יאָר, האָט אדם ניט אויסגעלעבט), און דער בורא האָט אוועק־געגעבן די 70 יאָר צו דוד המע”ה, וואָס ער האָט געזאָלט שטאַרבן גלייך באַ זיין געבוירן ווערן (ווי די הייליקע ספרים שרייבן). — „שת” צו 105 יאָר האָט געבוירן אַ זון „אנוש”, נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 912 יאָר און האָט געבוירן זין און טעכטער און איז געשטאָרבן.— אנוש צו 90 יאָר האָט געבוירן אַ זון קינן, נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 905 יאָר און געבוירן זין און טעכטער און געשטאָרבן. — קינן האָט צו 70 יאָר געבוירן אַ זון מהללאל, נאָכדעם האָט ער געלעבט 910 יאָר און געבוירן זין און טעכטער און איז געשטאָרבן. — מהללאל האָט צו 65 יאָר געבוירן אַ זון ירד, נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 895 יאָר און געבוירן זין און טעכטער און איז געשטאָרבן. — ירד האָט צו 162 יאָר געבוירן אַ זון חנוך, נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 962 יאָר און געבוירן זין און טעכטער און געשטאָרבן. — חנוך האָט צו 65 יאָר געבוירן אַ זון מתושלח נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 365 יאָר און געבוירן זין און טעכטער. ויתהלך חנוך, חנוך האָט זיך געפירט גאָטס־פאַרכטיק א) און ער איז מער ניט אויף דער וועלט, דען גאָט האָט אים צוגענומען צו זיך — דער מדרש שרייבט, אַז חנוך איז געווען קיין שטאַרקער דעתן, (קען מען משער זיין) אַז אַזוי ווי נאָך אדם הראשונ׳ס טויט האָט אויסגעבראָכן אַן אָפענע רעוואָלוציע, וואָס די קינ׳יסטן האָבן איר געוועבט הונדערטער יאָרן אין דער שטיל, איז זי איצט אַרויס מיט גרוים העזה און חוצפה קעגן מלכותא דרקיע, ווי אין ספר איוב (כב) איז באַשריבן ב) (האומרים לאל סור ממנו, ומה

---

## שערי ציון

תלמיד, וואָרום שטייט ויתהלך חנוך את האלקים אהרי הולידו את מתושלח, צו דען איידער ער האָט געבוירן מתושלח איז ער ניט געווען פרום?

רב, איידער ער האָט גענומען אַ פרוי, איז ער געווען ביים פאָטער אין שטוב, איז ער ניט געווען קיין מנהיג הדור. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט גע־נומען אַ פרוי און געהאַט מתושלח און געפירט אַ פאַמיליען לעבן פאַר זיך, האָט ער אָנגעהויבן צו זיין אַ מנהיג הדור, און פירן זיי אין גאָטעס וועג, היפך פון די קענ׳יסטן וואָס זיי האָבן זיך אָנטזאָגט פון גאָט.

ב) די חז”ל דרשנען די פסוקים פון איוב אויף דעם דור המבול. די־

יפעל שדי למו), און האָבן זיך געצילט פאַנגען חנוך'ן אין זייער נעץ (דורך פאַרשידענע שווינדלעריי אָפּשרעקן אים) און נאָך אים וואָלטן זיך אַלע בני שת געצויגן אין דער בלאָטע, האָט השי"ת אים בעסער צו־גענומען פאַר דער צייט בכדי צו ראַטעווען די וועלט. אַנדערע זאָגן אַז ער איז געשטאָרבן, נאָר דער ספר הישר און דער זוהר הקדוש אויך דער בעל הטורים שרייבן אַז ער האָט אים צוגענומען לעבעדיק בסערה השמימה, ווי אליהו הנביא א). — מתושלח האָט געלעבט 187 יאָר און געבוירן אַ זון למך. נאָכדעם האָט ער געלעבט ביז 969 יאָר און געבוירן זין און טעכטער און געשטאָרבן. אין סדר נח וועלן מיר לערנען אַז דער בורא האָט אָפּגעהאַלטן 7 טעג דעם מבול צוליב די אבלות איבער מתושלח הצדיק. — למך האָט געלעבט 182 יאָר און

---

בנין ציון

חברים האָבן זיך מתוכח געווען מיט איוב'ן וואָס ער וויל לייקענען אין השגחה און וויל זאָגן אַז די מערכת השמים פירט די וועלט (וחוג שמים יתהלך, שהכל תלוי בהליכת חוג שמים), האָבן זיי געענטפערט, (האורח עולם תשמור?), דו ווילסט געהן אין דער אַמאָליקער שיטה, אין דער אַמאָליקער וועג (אשר דרכו מתי און), וואָס די רשעים האָבן איר אויסגעטראָטן, (אשר קומטו ולא עת) וואָס זיי זיינען פאַרשניטן געוואָרן פון דער וועלט אָן אַ צייט. (נהר יוצק יסודם) דער יסוד אויף וואָס זיי זיינען געשטאַנען (די ערד) איז געוואָרן אַ שטראָמענדער טייך.

א) **תלמיד**, אַז יאָ אַזוי, האָבן מיר דאָך אין הימל־פּאַרלאַמענט (בב"ד של מעלה) צוויי אונזערע דעפּוטאַטן, איינעם פון פאַר מבול (חנוך, ווי די מקובלים רופן אים מט"ט־שר הפנים), און איינעם פון נאָכן מבול (אליהו הנביא), **טוט עס מיר זעהר הנאה.**

**רב**, וואָס איז דאָס ביי דיר אַזאַ שמחה, מיין קינד?

**תלמיד**, דער חכם זאָגט, „אין שמחה כהתרת הספקות", אויף דער שאלה **„ווער איז געקומען פון יענער וועלט דערציילן?"** (וואָס די לייבט־זיניקע פרעגן) האָב איך פיל מאָל פאַרגעלייענט זיי דעם פּרק „דער לינקער בהור" (מעשה אלפס הלק ז), די גוטע קעפּ זיינען ענטציקט פון דעם שאַרפ־זיניקן ענטפער, נאָר פאַר די קליינע קעפּעלעך, וואָס קענען ניט באַנעמען אַזאַ איידעלן געדאַנק, האָב איך איצט אַן איינפאַכע תשובה, אַז די צוויי דעפּוטאַטן וואָס מיר האָבן אין הימל פּאַרלאַמענט האָבן אַלעם דערציילט פאַר די חכמי המשנה והתלמוד, אַז אליהו הנביא און דער שר־הפנים פלעגן גאַנץ אָפט באַזוכן זייערע ישיבות און זיי מגלה זיין פיל סודות וואָס אין הימל טוט זיך, און ווי די וועלט איז געשטאַנען פאַרן מבול און וועגן חדוש העולם וואָס חנוך האָט מקבל געווען פון אדם הראשון, וואָס ער איז געווען מיט אים צוזאַמען העכער ווי 300 יאָר.

האָט געבוירן אַ זון וואָס פון אים איז געבויט געוואָרן די וועלט. ויקרא, ער רופט זיין נאָמען „נח" אום דאָמיט צו זאָגן, זה ינחמנו א), נאָר דער (קינד) איז די איינציקע זאַך וואָס עס קען אונז טרייסט געבן. אויף דער גאַנצער ערד, אויף די אַלע מיטלען וואָס מיר דענקען פעסטשטעלן אונזער לעבן לאַנגערט אַ געטליכע קללה, נאָר דאָס איינציקע זאַך (דער קינד) ער ליגט ניט אונטער דער קללה. גאָט האָט געשאָלטן די ערד, אָבער ניט דעם מענטשן, ווען מיר וועלן דעם קינד גוט דערציען און שטעלן אויף זיין ציל, וועט זיך מיט אים די גאַנצע ערד פאַרבעסערן. ווי דער משורר זאָגט, די קינדער (דער יונגער דור) זיינען „כחצים ביד גבור", ווי פיילן אין האַנט פון גבור, וואָס ער קען זיי שיקן צום ציל.— למך לעבט נאָכדעם ביז 777 יאָר און געבוירט זין און טעכטער און שטאַרבט ב). ויהי נח, נח איז געווען 500 יאָר אַלט האָט ער געבוירן

---

בנין ציון

רב, דו האָסט צוגעטראָפן אַ בעל הטורים. ער שרייבט, הנה בשמים עד"י בגימט' חנוך, שלקח הקב"ה אחד מאותן של קודם דור המבול, ואחד מאותן של אחר דור המבול והעלם לשמים שיעידו עליו (עי' מעשה אלפס חלק ה' צד 85 וצד 95).

א) זה ינחמנו, דער דברי ירמיהו שרייבט, אז למך האָט דאָס געזאָגט בלשון תפלה „יהי רצון אז בזכות דיזן קינד זאָל אונז גאָט טרייסטן פון אונזערע שמערצן און טרויער וואָס מיר לײַדן פון דער ערד וואָס גאָט האָט געפלוכט", ווייל נח איז געווען דער לעצטער דור זינט גאָט האָט פאַרפלוכט די ערד (קעגן די עשרה מאמרות), איז פון איצט אָן זאָל שוין זיין געגוג און עס זאָל שוין קומען אַ רפואה.

ב) די נעמען (וואָס די דורות הראשונים האָבן געגעבן זייערע קינדער) איז געווען על פי רוב נאָך דער תכונה פון דער צייט אין וועלכער דער קינד איז געבוירן געוואָרן (ראה פרי הגפן תחלת פ' שמות), איז ווען מ'זאָל באַטראַכטן די נעמען פון די דורות פון שת ביז נח, זעהט מען אַז אייניקע זיינען ענלעך צו די דורות פון קין ביז למך. למשל, קין—קינן, ירד—עירד, חנוך—חנוך, מהללאל—מחויאל, מתושלח—מתושאל, למך—למך, נאָר דאָס זעהט מען דעם אונטערשייד, אַז די דורות פון קין זיינען געגאַנגען נידעריקער און נידעריקער ביז אינגאַנצן אַרונטער( קין חנוך עירד מחייאל) ביז למך וואָס ער האָט געזאָגט זיין נבואה אויף די ענדע פון קין'ס דורות, הגם זיי האָבן פּראָגרעסירט אין זיינע צייטן אין קולטור און קונסט, אָבער ווען מען לייקנט אין גאָט איז אַלעס אין ד'רערד, אָבער דאָ אין די דורות פון שת זעהען מיר ענדערונגען, אמאָל אַרויף און אמאָל אַראָפּ, פון גוט אויף שלעכט און צוריק פון שלעכט אויף גוט ביז למך, וואָס ער האָט אויך געזאָגט אַ נבואה ווי יענער למך, אָבער פאַרקערט אַז זיין זון וועט ראַטעווען די מענטש־

בנין ציון

הייט. נאָך דור אנוש, וואָס אין זיין צייט האָט מען אָנגעהויבן מסיח דעת זיין פון דעם כבוד פון מענטשן און פון זיין גרויסן שטאָלץ, וואָס ער איז דער באַוועגער פון דעם גרויסן וועלט־זייגער, אַז די הנהגה פון שמים וארץ ווענדעט זיך אָן זיינע מעשים, (תנו עז לאלקים), ממילא ווערט זיין גייסט אָפּגעשוואַכט „אנוש" (שלאַפקייט, קראַנקהייט), נאָך אַזאַ דור קומט על פּי רוב אַ דור „קינן" (מלשון קנין), וואָס טראָגט איבער דעם כבוד אלקים צום קאַפּיטאַל, ווייל דאָס איז זיין גאַנצער אידעאַל, אָבער סוף כל סוף איבער־צייגן זיך פיל מענטשן, אַז דער קאַפּיטאַל קען ניט זעטיקן און באַפרידיקן דעם נפש (דעם גייסטלעכן געפיל פון מענטשן), וואָס ער פאָדערט אויך זיין באַפרידיקונג, אַלזאָ קומט נאָכדעם אַ דור „מהלל־אל", ער דערקענט אַז עס איז דאָ אַ כוח נשגב העכער ווי קערפּער, הויבט ער אָן צו געבן כבוד און רימען דעם אל הכבוד (מהלל אל), אָבער מיטן לויבן אַליין, מיט זינגען אידישע לידער אַליין און ניט משעבד זיין דעם גאַנצן לעבן צו די געטלעכע געזעצן, באַזייטיקן דעם אייגענעם רצון קעגן דעם געטלעכן רצון, קומט מען נאָך ניט צום גרויסמוט און באַפרידיקונג פון נפש. אַלזאָ קומט נאָכדעם אַ דור „ירד", ער ווערט דערנידערט, ער איז ניט אַהער ניט אַהין, ער האָט ניט קיין פאָלקאָמע קערפּערלעכע צופרידנהייט און ניט קיין גייסטלעכע, און די פּראַקטיקע לערנט אים אַז מ'דאַרף אַ דור „חנוך" מחנך זיין און באַאַרבעטן די גוטע צווייגעלעך אשר עוד ברכה בהם. אָבער וויבאַלד דער גאַנצער המון שטעהט אין אַ נידעריקן געפיל, איז דאָס זעהר שווער, אַז נאָר איינציקע מענטשן שטייגן, און נאָר דורך זייער דערוויטערן זיך פון דער עקזיסטירנדער ציוויליזאַציע און מענטשן, ביז עס קומט אויף „מתושלח" (מתים־שלח) אָפּזונדערן זיך פון מענטשן, ווערן נזירים אין מדבריות. אָבער דאָס איז דאָך ניט דער תכלית וואָס די השגחה האָט צו איר געצילט מיט דעם באַשאַפן פון מענטשן. דער בורא פאַרלאַנגט אַז דער מענטש מיט זיין גאַנצער הויכקייט און דבקות צו השי"ת זאָל זיין צווישן מענטשן. דער אתרוג (פּרי עץ הדר לפני קונו) הגם ער קען ניט זיין געבונדן שטענדיק מיט דער אגודה, ווי דער לולב, אָבער דאָך בעת די ברכה (בעת די אגודה דאַרף אים) זאָל ער זיך מתקרב זיין צו אַלע קלאַסן מענטשן, לערנען זיי דרכי ה', ווי משה רבינו, הגם ער איז שטענדיק געווען דבוק צו השי"ת (ודבר ה' אל משה פנים אל פנים) נאכהער אָבער (ושב אל המחנה) איז ער געגאַנגען צוריק צו מחנה ישראל זיין אַ רבי און מנהיג. ווי דער משורר זאָגט (ויקנאו למשה במחנה), זיי האָבן זיך מתקנא געווען אין משה, הגם ער איז אַזאַ קדוש וטהור וואָס קען שטענדיק זאָגן „עמדו ואשמעה מה יצוה ה' לכם" פון דעסטוועגן איז ער נאָענט צום אידישן לאַגער, האַנדלען מיט אַלע מענטשן. (ווי רבנו ישראל סאַלאַנטער שרייבט אויף זיין רבי, רבנו זונדל סאַלאַנטער". ער האָט געהאַלטן אַ געשעפט פון פאַרטיקע בגדים, ער פאַרקויפט אַ בגד דעם פויער

3 זין, שם, חם ויפת א). ויהי כי החל האדם, און עס איז געווען ווען די מענטשן האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרמערן אויף דעם ערד־באָדן און טעכטער זיינען באַ זיי געבוירן געוואָרן. ויראו בני האלהים, דאַן האָבן די געטלעכע זין (די בני שת) געזעהן די מענטשן טעכטער (פון די בני קין) אַז זיי זיינען גוט (שיין פאַרפּוצט) האָבן זיי זיך גענומען פרויען וועלכע זיי האָבן צוגעקליבן. די תורה דערציילט די אורזאַך פון וואַנען עס איז געקומען אַזאַ פאַרדאַרבנקייט. מילא אויף די בני קין איז קיין פּלא ניט. מענטשן וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט גאָט פון האַרצן און פאַרבלאָנזשעט אין שרירות־לבושאָק (אַ בלאָטיקע שטעטל אין דולער גובערניע), איז קיין וואונדער ניט אַז זיי פאַרקריכן אין אַ זומפּ. אָבער די בני שת זיינען דאָך געגאַנגען אין אדם הראשונ'ס וועג און פון זיי איז געווען העכסט פיינע לייט, טאָ ווי קומען זיי אין דער בלאָטע? דערציילט די תורה, ווען זיי וואָלטן זיך קענען האַלטן, ניט פאַרמישן מיט די בני קין וואָלטן זיי געבליבן באַ זייער שטאַט ב). דער

---

תומת ציון

און בעת מעשה געחזרט ירושלמי). „ולאהרן קדוש ה'", זיי האָבן זיך מתקנא געווען אין אהרן, הגם ער איז אַ גרויסער מעורב עם הבריות (מאכן שלום בין אדם לחבירו, בין איש לאשתו), דאָך האָט דאָס אים ניט מבטל געווען פון זיין דבקות בה', אַז ער קען געהן יום כפור אין קודש הקדשים מיט אַזאַ קדושה וטהרה, אזוי איז געווען די כונה העליונה. אָבער ניט דער וואָס וויל זיין פרום דבוק בה' זאָל אַנטלויפן אין מדבריות אָפּגעשיידט פון מענטשן. ביז וואַנען ער איז געקומען צו נח, וואָס ער איז שוין געווען „צדיק תמים בדורותיו", אי אַ צדיק אי צווישן מענטשן, ניט אַנטלאָפן אין מדבריות, און די פרומקייט און גוטסקייט זיינען אים געקומען ווייל „את האלהים התהלך נח", דאָס איז דער תכלית און פון אים איז געבויט געוואָרן אַ וועלט.

א) רש"י שרייבט, וואָרום האָבן אַלע דורות געבוירן קינדער בערך צו הונדערט יאָר, און נח האָט ערשט געבוירן צו 500 יאָר? דער תירוץ איז, השי"ת האָט געזאָגט, אויב נח וועט האָבן קינדער פריער, איז ממה נפשך, אויב זיי וועלן זיין רשעים און וועלן דערטרונקען ווערן אין מבול, וועט דאָך זיין אַ גרויסער צער פאַרן פאָטער, און אויב אפילו זיי וועלן זיין צדיקים, וועט ער דאָך האָבן פיל טרחה מאכן אַפולע תבות (אין 400 יאָר קען דאָך זיין פון זיי טויזנטער מענטשן), אַלזאָ האָט דער בורא פאַרהאַלטן זיין געבורט־קוואַל ביז 500 יאָר.

ב) דער אברבנאל שרייבט (פון ספר יוסיפון), אַז אדם הראשון האָט באַשוואָרן זיין זון שת ער זאָל ניט נעמען קיין פרוי און קיין שנור פון די קינ'ס טעכטער, ניט ער, ניט זיינע קינדער, און ער האָט מודיע געווען פאַר אַלעמען, אַז נאָר שתן רעכנט ער פאַר אַ זון, ניט קינען. זיינען דאַן געוואָרן

אומגליק איז געווען וואָס די בני שת האָבן זיך פאַרקוקט אויף די פאַרפוצטע טעכטער פון די בני קין א), זיי האָבן ניט געהיט זייער

---

## בנות ציון

צוויי סעקטעס, 1) „בני האלקים”, גאָטעס דינער, דאָס זיינען בני שת, אפילו דער דור אנוש וואָס האָט געדינט די מערכת השמים איז אויך געווען צום ציל פון עבודת ה'; און 2) „בני אדם”, וואָס האָבן געזאָגט, אז דער מענטש האָט קיין שום עסק ניט מיט גאָטהייט, דאָס זיינען די בני קין. די אַלע בני שת זיינען געווען מושבעים פון אדם הראשון זיך ניט מתחתן זיין מיט די בני קין. דערציילט די תורה אז ווי די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרמערן, האָבן זיי גלייך עובר געווען די שבועה און האָבן זיך מתחתן געווען מיט בנות קין. האָבן די בנות קין אָראָפּגעפירט די בני שת פון גראַדן וועג, זיי זאָלן אינגאַנצן אָפּלייקענען אין גאָט. דאָס איז דער חלוק פון דור אנוש ביז דור המבול. דור אנוש הגם זיי האָבן געדינט צו דער זון און צו די שטערן, האָבן זיי געגלויבט אין גאָט, נאָר זיי זיינען געווען פאַרנאַרט. אָבער דער דור המבול האָט אָפּגעלייקנט אינגאַנצן און געזאָגט אז נאָר טבע און טבע, האָבן זיי געדינט פאַרשידענע כחות הטבע צו ציען השפעה פון זיי.

א) דער מענטש וואָס אַרבעט אין אַ געשעפט מיט ענערגיע, און זיין גאַנצער געדאַנק ליגט אַריינגעטאָן ווי צו פאַרברייטערן דעם געשעפט, אָפּפרישן אים גאַנץ אָפט מיט נייע אַרטיקלען, באַקומען נייע קונדן, דער געשעפט זאָל בליען פון טאָג, דער קען ניט זיין אָפּגעגעבן צו זיין האַלדז אום צו זיין געקליידט נאָך דער מאָדע, ווייל זיין קאָפּ איז פאַרנומען מיט וויכטיקערע זאַכן. דער ליידיקגייער אָבער, וואָס האָט פאַר זיך קיין ציל, דעם ליגט אין זינען מאָדעס און שפּאַצירן. דאָס גלייכן, די טעכטער פון בני שת וואָס די עלטערן האָבן זיי געלערנט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, און דער מענטש האָט פאַר זיך אַ הויכן ציל, די וועלט איז אַ יריד, דאָ דאַרף מען זאַמלען מצות און מעשים טובים, זיין פרום צו גאָט און גוט צו מענטשן, זיינען זיי ניט געווען איבערגעגעבן צו דער מאָדע, ווייל זייער קאָפּ איז געווען פאַרנומען אין וויכטיקערס, לערנען אידישע בילדונג, ווי צו בילדן די האַרץ אויסצוויעטן פון איר אַלע שלעכטע גראָזן (כעס, קנאה, שנאה) און פלאַנצן אין איר אַלע גוטע זיטן, לערנען ווי צו זיין אַ ווירטן אין שטוב און אַ מוטער צו קינדער, לערנען זיי ווי אָפּצוהיטן דעם דרך הצניעות ווי עס פּאַסט פאַר אַ אידישער טאָכטער. אָבער די קינ'יסטקעס (בנות קין), די וואָס האָבן געלייקנט אין גאָט און גערעכנט אז דער מענטש האָט פאַר זיך קיין ציל נאָר צו לעבן אַ טאָג, זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזן אין לוקסוס און מאָדעס, פאַרפּיומירן זיך, פּודרעווען און פּוצן זיך און שאַרלאַטאַנעווען איבער אַלע בולוואַרן, און זיין אין אַלע טעאַטרען, דאַדורך זיינען די ניט פאַרזיכטיקע יוגנט פון בני שת געפאַנגען געוואָרן אין זייער נעץ. אין דער פייערדיקער

טהרת המשפחה, פלאַנצן זייערע צווייגעלעך אין רעכטעביימער (ענבי הגפן בענבי הגפן), נאָר זיי האָבן געפלאַנצט אַ צווייגעלע פון וויינשטאָק אין א צווייג פון אַ דאָרן. זיי האָבן ניט אויסגערעכנט פאָראויס וועלכע דערציאונג האָבן געקאָנט האָבן די טעכטער אין אַזעלכע פריידענקענדע הייזער און וועלכע פרוכט עס קאָן וואַקסן פון אַזאַ פלאַנצונג א). יאָ יאָ, ווען די בני האלהים וואָלטן זיך אָנ־שטרענגען מיט זייער געטלעכער קראַפט, וואָס זיי האָבן געהאַט פון זייערע עלטערן, זעהן צו פאַרשוואַכן די שלעכטע דעות ומדות וואָס די פרויען האָבן מיט זיך געבראַכט פון זייערע עלטערן, און אויסבילדן זיי אויף גוטע מדות, ווי דער מענטש מיט זיין כעמישער קונסט האָט בכח איבעראַרבעטן פון ביטער אויף זיס, פון שלעכט אויף גוט, וואָלט די שעטנז־פאַרבינדונגען געפירט צום גליק. נאָר דאָך שטעהט די זאַך אין אַ גרויסער ריזיקע, ווייל ווער וויים באַ די קינדער וואָס וועלן געבוירן פון אַזעלכע מיטערס, וועלכער כאַראַקטער עס וועט זיך טיפער איינזעצן אין זייער הערצעלע, דעם פאַטערס אָדער דער מי־טערס? איז אַנשטאָט פאַריכטן, האָט זי (די אסימילאציע, די געמישטע הייראַטן) גיכער פאַרדאָרבן און איבערגעפירט דעם גאַנצן דור. ויאמר ה', ווי דאָ האָט זיך געשטאַרקט די התבוללות (שעטנז־הייראַטן, אסי־מילאַציע), האָט גאָט געזאָגט, לא ידון רוחי באדם, דער געטלעכער רוח (געפיל) וואָס איך האָב אַריינגעגעבן אין מענטשן, ער זאָל נאָכזעהן און קאָנטראָלירן זיינע מעשים, און די וואָס זיינען ניט נאָך זיין גע־שמאַק זאָל ער מאַכן פאַרוואָרפן דעם מענטשן אויף זיי. דאָס איז דער „מוסר כליות" (געוויסנביסע) וואָס פלאַגט דעם אָרענטלעכן מענטשן בעת ער טוט אַן אומפאַסיקע זאַך. איז כל זמן דער מענטש היט זיינע צניעות, זיין ריינעם פאַמיליען לעבן ב) ווען אויך דער

---

בנות ציון

נעץ פון ליבע און אויסגעלאַסנקייט קענען ניט־פאַרזיכטיקע מלאכים אויך געפאַנגען ווערן.

א) דארום איז דער פסוק מקדים (ובנות יולדו להם), כלומר, איידער באַ די בני שת איז געווען טעכטער, קען מען ניט פאַרדיינקען וואָס אייניקע האָבן גענומען פרויען פון די בני קין, אָבער אז באַ די בני שת איז אויך געווען טעכטער, האָבן זיי דאָך געקענט משדך זיין צווישן זיך, און ניט עובר זיין אויף דער שבועה און נעמען פון די בנות קין, וואָס האָבן זיך אָנטזאָגט פון גאָט (ויצא קין מלפני ה'), און אים ארויסגעלאָזן פון הארצן.

ב) ניט אומזיסט האָט די תורה אוועקגעשטעלט די חוקי הצניעות מיט די חוקי הנשואין אויף דער העכסטער שפיץ אין די חוקי התורה. דער פסוק „לא ידון רוחי" ווייזט אונז שיינבאַר, אז די געזעצן זיינען דער איינציקער

געטלעכער גייסט האָט געגן זיך אַ גרויסע מלחמה פון חומר מיט זיינע גראָבע חושים, איז אַלעס נאָך אָן געפּאַר, דאָס איז אַ געוואוינ־לעכע מלחמה, אַמאָל איז מען אויפן פערד, אַמאָל אונטערן פערד. והראיה, נאָכן דור קינן (וואָס איז געווען ענליך צו קין) האָט זיך צוריק אַרויפגעכאַפּט אויף דער וועלט־בינע אַ דור מהלל־אל (לויבן גאָט). אָבער זיי מ'האָט גענומען פאַרפלעקן דעם ריינעם פאַמיליען לעבן מיט דעם האָט מען אָפּגעשוואַכט דעם רוח ה', צוגענומען ביי אים די כלי זיין, ביז ער האָט צום סוף געמוזט זיך אָפּזאָגן פון דער שטעלע און דער בשר האָט גובר געווען. אַלזאָ וועל איך זיי געבן צייט 120 יאָר, אויב זיי וועלן זיך ניט פאַרבעסערן איז שוין מער קיינע האָפענונגען. הנפילים די ריזן (וואָס היינט ווערן מיר ערשטוינט מיט זייער הויכקייט און שטאַר־קייט) זיינען דאַן (פאַרן מבול) געווען אַ געוואוינלעכע זאַך, ווייל ווען דער רוח הטהור פון מענטשן ווערט מכולה, אַנטוויקלען זיך דאַן די קערפּערלעכע כחות אין גרויסן פאָרמאַט, וואַקסן זיי ווי די צעדער ביימער און שטאַרק ווי דעמבעס. וגם אחרי כן, און אויך שפּעטער ווען די געטלעכע קינדער האָבן דערקענט די מענטשנס טעכטער און זיי האָבן געבוירן צו זיי, איז ווען די שעטנז־הייראַטן וואָלטן געראָטן, היינו ווען די גייסטלעכע כוחות פון די מענער (בני שת) וואָס זיי האָבן משפיע געווען אויף די מוטערס וואָלטן דערנידערן די קערפּער־לעכע געפילן (זיי זאָלן ווערן אונטערטעניק צום גייסט) דאַן וואָלטן דער־שיינען אויף דער וועלט גייסטלעכע העלדן. ליידער אָבער האָט זיך עס ניט איינגעגעבן, און דער חומר פון די פרויען האָט געזיגט דעם רוח פון די מענער. המה הגבורים, איז צום באַדויערונג אַרויס פון די געמישטע־הייראַטן די העלדן פון דער אַלטער צייט., וואָס זייער נאָ־מען האָט זיך געהערט, ווען אויך מאַנכע מאָל זיינען זיי געווען העכער אין גייסט אין פאַרגלייך מיט מענטשן פון זייער סביבה, אָבער דאָס מערסטע איז זייער גייסט געווען אונטערטעניק צו זייער שטאַרקן קערפּער. וירא ה', גאָט זעהט אַז עס איז גרויס (צו פיל) די בייזהייט (די שלעכטע אויפפירונג) פון מענטשן אויף דער ערד, און די געדאַנקען פון זיין האַרצן זיינען אימער נאָר שלעכט, אַז זיי זיינען ווערט מ'זאָל זיי גלייך פאַרלענדן, ו נחם ה', דאָך האָט גאָט מיטלייד געהאַט (זיך דערבארעמט, מלשון נכמורי נחומי), ווייל ער האָט דאָך דעם מענטשן

---

בנות ציון

זיכערסטער מיטל איינצוהיטן דעם געטלעכן גייסט וואָס אין מענטשן איז, ער זאָל שטענדיק וואַכן אויף זיין פּאָסטן, און ווען זיי (די חוקי הצניעות) ווערן ניט געהיט, פאַרשוואַכן זיי דעם גייסט, ביז ער ווערט אַנדרימלט, אָדער ער אַנטזאָגט זיך אין גאַנצן פון זיין פּאָסטן.

באַשאַפן, האָט ער זיך דערבאַרימט אויף זיי, אַזוי ווי דער מייסטער וואָס וועט צו איבערפירן אַ זאַך וואָס ער אַליין האָט עס אויסגעאַרבעט. ויתעצב אל לבו, כביכול האָט זיך באַקימערט וועגן די האַרין פון מענטשן, ווי זי איז אַזוי ווייט מכולה געוואָרן אַז עס איז שוין קיין האָפענונג זיי זאָלן זיך בעסערן. ויאמר ה׳, גאָט זאָגט, איך באַשטים אָפּצומעקן דעם מענטשן וואָס איך האָב באַשאַפן, סיי מענטשן, סיי אַלע בעלי חיים, כי נחמתי, ווען אויך איך האָב מיטלייד אויף מיינע אַרבעט, אָבער די רחמנות וועט קיין נוצן ברייינגען. נאָר וועגן דעם אַז עס זאָל פאַרבלייבן אַ וועלט, וועל איך לאָזן אַ גוטן קערנדל וואָס פון אים וועט אַלעס אָפּוואַקסן פון דאָס ניי, דאָס איז „נח", וואָס ער האָט געפונען הן (געפעליקייט) ביי גאָט, פון אים זאָל ווידער געבויט ווערן אַ וועלט.

---

אַרויסגעהנדיק פון הערלעכן פאַלאַץ, פון פראַכטיקן גאָרטן, פון דער סדרה בראשית, וואָס זי איז פאַרפלאַנצט מיט קייזערליכע בלומען, מיט ערהאַבענע לערנונגען וואָס קיין מויל איז אומשטאַנד אויסצוריידן און קיין פעדער אויסצושרייבן, ווילן מיר נאָך וואָס באַמערקן, אַז די מערקווירדיקע געשיכטע וואָס האָט געטראָפן אונזער ערשטן פאָטער (אין דעם טאָג וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן), שפיגלט זיך אָפּ אין זיינע קינדער. נאָר דאָרטן אַמאָל האָבן געשפילט די 3 פערזאָנען: אדם, חוה והנחש, און היינט שפילט דאָס איינער. די נשמה עליונה וואָס אין מענטשן מיט אירע כחות (חכמה, בינה, דעת) דאָס איז אדם. — דער קערפּער (בשר ועצם) איז „חוה", דאָס איז דער ערשטער זיווג, וואָס מ׳רופט אויס (אין די פערציג טעג פון שוואַנגער ווערן ביז עס ווערט דער צורת הולד) בת פלוני (אָט דער קערפּער) לפלוני (פאַר דער נשמה). ווייל נאָך דער תכונה פון חומר, וואָס ווערט אויסגעמאָלט פון דער טיפה (די זאָמען), אַזאַ נשמה ווערט געגעבן. אויב דער ייחוד איז מיט אַ ריינער מחשבה לקיים מצות עשה (פרו ורבו) ומצות לא תעשה (ועונתה לא יגרע), ווערט נמשך אַ ריינע נשמה פון מקור העליון. דער קערפּער איז די ערשטע חוה וואָס איז באַשאַפן געוואָרן צוזאַמענקלעפּט מיט אדם, ביז וואַנען ער ווערט גרויס און געפינט זיין צווייטן זיווג (די צווייטע חוה). און די כחות וואָס געפינען זיך אין קערפּער (קנאה, תאוה, כבוד), דאָס איז דער נחש וואָס מ׳האָט געגעבן צו אדם וחוה צו באַדינען זיי אין גוטן אופן. ווי די חז״ל זאָגן, „חבל לשמש גדול שאבד מן העולם", ווען אדם וואָלט ניט זינדיקן, וואָלטן די שלאַנגען אים געווען טייערע דינער, ער וואָלט מיט זיי שאַפן צו אַלע שליחות. און דער בורא האָט פאַרפלאַנצט אין גן עדן (אויף דער וועלט וואו ער האָט אַריינגעלאָזן דעם מענטשן) דריי סאָרטן ביימער,



1) „עץ החיים" פאַר דער נשמה (פאַרן שכל) לערנען תורה (עץ חיים היא למחזיקים בה), דורך אירע פירות לעבט מען אייביק, דורך עסק התורה ווערט די נשמה אַ רוחניית ונצחיית; 2) „כל עץ נחמד למראה וטוב למאכל", פאַרן קערפּער האָט ער געשטעלט אַ בופעט פון אַלעם גוטן עסן און טרינקען עס זאָל אים וואויל באַקומען; 3) „עץ הדעת טוב ורע", דאָס איז דער לוקסוס, רייכקייט און הערשאַפט, תאוה און כבוד וואָס דאָ איז צעמישט טוב מיט רע. דער טוב איז נאָר מדומה (אַ פאַנטאַזיע) ווי איינעם חלומט זיך אַז ער קעניגט (די וועלט איז אַ חלום), און פון דאָרטן ציען זיך 3 טייכן, „פּישון" (קנאה צו גאָלד און בריליאַנטן), „גיחון" (תאוה, ארץ כוש שטופי זימה) און „חדקל" (כבוד, קדמת אשור, וואָס סנחריב האָט געזוכט כבוד און הערשאַפט דאַדורך האָט ער פאַרציטערט די וועלט), די אַלע 3 זאַכן שלעפּן אַרויס דעם מענטשן פון דער וועלט. נאָר דער איין טייך „פרת" וואָס געהט פון עדן אַנטרינקען דעם גן, ער געהט אַרום ארץ ישראל, וואָס איר לופט איז מחכים. און דער בורא האָט ערשיינט צום מענטשן און האָט אים געגעבן אַ תורת חיים, אויב ער וועט עסן פון איר פרוכט (ד. ה. ער וועט זיך פירן ווי די תורה לערנט אים), וועט ער לעבן חיים נצחיים. און האָט אים דערלויבט אין דער תורה צו געניסן פון בופעט וועלט וואָס דער מענטש פאָדערט צו זיין געזונט, נאָר פון „עץ הדעת", דאָס איז מותרות און לוקסוס זאָל ער אויסווייכן, ויך ניט פאַרדרייען דעם מוח, באַרויבן זיין טייערע צייט פון טראַכטן און טאָן וועגן זיין תכלית, ווייל מיט דעם וועט ער אויף זיך ברייננגען דעם טויט פאַר דער צייט. — דער מענטש האָט אָבער ניט געפאָלגט גאָטעס עצה, און בעסער געפאָלגט די נחשים וואָס אין אים (קנאה, תאוה, כבוד), זיי האָבן איבערגערעדט דעם גוף (חוה) און דער גוף האָט טראַקטירט אויך די נשמה, ד. ה. דער גוף ציט צו די נשמה זי זאָל אוועקלייגן די הייליקע געדאַנקען פון דער תורה ומצוות און זאָל טראַכטן פלענער ווי צו האָבן געלט, נאָכגעבן די תאוות הגוף וואָס דער נחש האָט באַפלעקט מיט זיין זוהמא, און דאַן האָבן זיי אויף זיך געבראַכט אַ קללה פון גאָט. דער נחש (די תאוה) איז פאַרפלוכט מער פון די תאוה פון אַלע בעלי חיים, קיין בעל חי האָט קיין תאוה צו דער זאַך וואָס אים איז געפערלעך, נאָר דער נחש פון מענטשן „קריכט אויפן בויך", שטאָפּן איר מיט אַלע תענוגים, הגם דאַדורך איז ער זיך מקצר די יאָרן און ברייננגט אויף זיך קראַנקהייטן מיט שמערצן. און די אשה (דער חומר) איז פאַרשאָלטן צו האָבן קינדער מיט גרויס שמערצן, און דאָך בלייבט אין איר אַ תשוקה צום שכל, דער שכל בלייבט דער מושל איבערן קערפּער עס מכניע זיין צום נפש. — אדם איז ניט געשאָלטן געוואָרן ווייל באַ דער געטלעכער נשמה איז ניט שייך קיין קללה, איז פאַרשאָלטן געוואָרן די ערד פון זיינט וועגן, דורך דעם וואָס ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם עול התורה והמצוה ווערט אויף אים אַרויפגעלייגט דער עול הפרנסה ועמל החיים, און זיין חיונה קומט אים אָן שווער ווי „קריעת ים סוף" ביז

וואַנען דער חומר קערט זיך צוריק צו דער ערד און די נשמה צום מקור העליון. און דער בורא האָט אַרויסגעטריבן דעם מענטשן פון גליקלעכן גן עדן לעבן אָבער ניט אויף אייביק. ער האָט געשטעלט א וואך היטן און אויפ־פאַסן די וועג פון גן עדן זי זאָל ניט פאַרוואַקסן ווערן מיט דערנער, אום דער מענטש זאָל אַמאָל קענען צוריקקומען אַהין (אַז ער וועט גובר זיין דעם נחש) דורך די „כרובים״, דאָס איז די תורה וואָס זי ליגט אין ארון (תחת כנפי הכרובים). און דורך דעם „להב החרב״, דער שווערד פון מלאך המות (זכירת יום המיתה), וואָס דורך דעם איז ער מכניע דעם חומר מיט די נחשים. אַנדערע האָבן זוכה געווען פאַרן לעבן קומען צוריק אין גן עדן ווי „חנוך״, „אליהו הנביא״ און „ר׳ יהושע בן לוי״, און פיל קומען צוריק אין גן עדן לאחר מאה שנה, אַלס דורך די צוויי מיטלען דורך עסק התורה (כרובים) און דורך זכירת יום המיתה (להט החרב). די ביידע זיינען מכניע דעם חומר און דערהויבן דעם נפש זוכה צו זיין צו חיים הנצחיים (התורה והמצוה לרבינו מלבי״ם ז״ל).



## הפטרת בראשית

דער ענין פון „הפטורה״ איז, עס איז אַמאָל געווען אַ גזירה מ׳זאָל ניט לייענען אין דער תורה שבת. די שונאי ישראל האָבן געבראָכן דעם מוח קלע־רענדיק וואָס פאַר אַ קראַפט ליגט אין דעם אידן וואָס אים נעמט ניט קיין שווערד און קיין ביקס. מ׳ברענט אים און מ׳בראָט אים און מען קען אים ניט פאַרלענדן פון דער וועלט. פיל אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייער מלוכה מיט זייער לאַנד, איז אין אַ קורצער צייט פון זיי אַ זכר ניט געבליבן, זיי זיינען פאַרשלונגען געוואָרן צווישן אַנדערע אומות (ווי אשור, עמון ומואב, רומיים און ד. ג.), און אידן האָבן שוין פון אַ גאַנץ לאַנגער צייט פאַרלאָרן זייער לאַנד מיט זייער קייזערטום, און זיי עקזיסטירן! קיין אַנדער זאַך ניט ווי זייער תורה האַלט זיי אויף! ווי עס קומט שבת קלייבן זיי זיך אויף אין די שולן און בתי מדרשים און לייענען אַ סדרה אין דער תורה און דורכן יאָר לייענען זיי דורך די גאַנצע תורה, ממילא באַקומט יעדער איד פיל ווינציג אַ ידיעה אין דער תורה, און דאָס גיט זיי קראַפט דורכצוטראָגן אַלע גזירות מיט אַלע פּאָגראָמען און בלייבן ווידער אויפן פלאַץ. אַלזאָ איז די בעסטע עצה פאַרווערן זיי צו לייענען שבת די תורה, וועלן זיי מיט דער צייט פאַרגעסן זי, וועט מען זיי דאַן קענען אויסברייינגען פון דער וועלט. האָבן די רבנים פון יעדער צייט געזעהן אַז עס איז זעהר שלעכט, האָט מען

מתקן געווען צו לייענען יעדן שבת אַ קאַפּיטל נביאים, וואָס ענטהאַלט אין זיך מער אָדער ווייניקער עפּעס וואָס האָט אַ שייכות מיט דער סדרה. איז דאָס אַוועק אַ צייט ביז השי"ת האָט געהאָלפן, די רעכטע צוררים זיינען כלה געוואָרן און די גזירה איז בטל געוואָרן, איז די הפטורה געבליבן צום אָנדענק. (הערת הכותב) היינטיקע יונגע לייט וואָס אַנטלויפן פון שול בעת קריאת התורה, זיי געפעלט בעסער שטעהן אויפן שול-הויף און ריידן דברים בטלים, מעגן זיי זיך דערמאָנען די געשיכטע און זיך אַליין מאַכן גרויס פאַרוואורף.

---

(דער נביא ישעיהו זאָגט), כה אמר האל ה', אַזוי האָט געזאָגט דער הער גאָט בורא ער באַשאַפט די הימל און ציט זי אויס (ווי אַ געצעלט איבער דער וועלט). רוקע, ער שפּרייט אויס די ערד מיט אַלעם וואָס זי גיט אַרויס פון זיך, אום מ'זאָל איר קענען באַוואוינען און באַקומען אַלעם וואָס דער מענטש פאַדערט. דער נביא דריקט זיך אויס בורא, רוקע (ער באַשאַפט, ער שפּרייט אויס) ניט ברא, רקע (ער האָט באַשאַפן, ער האָט אויסגעשפּרייט), ער לערנט אונז מיט דעם, אַז דער בורא איז ניט ווי אַ מייסטער אַ בשר ודם וואָס האָט אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ, מעג ער אַוועקפאָרן אין אַ צווייטע מדינה און דער פּאַלאַץ וועט שטעהן אָן אים, אָבער דער בורא האָט אויסגעבויט די וועלט פון גאָר ניט, קען זי ניט שטעהן אָן זיין השגחה, ווי דער זייגער פאַדערט מ'זאָל אים אָפּטער אָנציען ווען ניט בלייבט ער שטעהן, אַזוי איז כביכול השי"ת ציט אָן אַלע טאָג דעם גרויסן וועלט-זייגער, ער איז מחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית. ווי דוד המע"ה זאָגט, לויבט „לעושה", צו דעם וואָס מאַכט אַלע טאָג אורים גדולים, „לעושה" השמים בתבונה, צו דעם וואָס אָרדנט איין אַלע טאָג די הימל מיט די ערד מיט אַלע זייערע הערשאַפט אַזוי ווי אין ששת ימי בראשית און ווען ער זאָל חלילה צונעמען זיין השגחה און די השפעה—וועט ווערן פון דער גאַנצער וועלט תוהו ובוהו. נותן נשמה לעם, ער גיט אַריין אַ נשמה צו די מענטשן עליה, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט, ורוח, און גיט אַ לעבהאַפט צו די בעלי חיים, להולכים בה, וואָס געהן אין איר (ביי נשמה זאָגט ער „עליה" און ביי רוח זאָגט ער „בה"? ווייל אַ נשמה איז נאָר אין מענטשן און דער מענטש באַהערשט די ערד, הייסט „עליה" אויף איר, צו באַהערשן איר, אָבער „רוח" איז אין אַלע בעלי חיים, קען ניט שטעהן „עליה" ווייל זיי הערשן ניט אויף איר). איך גאָט האָב דיר (פאָלק ישראל) אַרויסגערופן אויף דער וועלט צו טאָן צדק (רעכטפאַר-טיקע מעשים), איך האַלט דיך פעסט און היט דיך און האָב מיט דיר כורת ברית געווען דו זאָלסט באַלייכטן אַלע פעלקער, עפענען בלינדע

פעלקער זייערע אויגן. הראשונות, אזוי ווי עס איז מקוים געוואָרן די ערשטע נסים וואָס איך האָב פאָראויס געזאָגט צו אברהם אבינו, אַז די וואָס וועלן פייניקן דיינע קינדער וועל איך זיך מיט זיי שטאַרק אָפּרעכענען און נאָכדעם וועלן דיינע קינדער אַרויסגעהן פון זייער גלות-לאַנד מיט גרוים רייכטום, אזוי איז די גרויסע נסים וואָס איך זאָג אייך איצט פאָראויס, אַז זיי וועלן זיין בעת דער לעצטער גאולה, וועלן זיי אויך נתקיים ווערן. שירו, זינגט צו גאָט אַ נייע געזאַנג, ביי פאָריקע נסים איז נתגלה געוואָרן דער כבוד פון גאָט אין מיטן דער וועלט (אין מצרים, אין ארץ ישראל), און פון דאָרטן האָט זיך דאָס פאַר־שפּרייט אויף דער וועלט, אָבער איצטער וועט אָנהויבן מיט איין מאָל פון אַלע עקן וועלט. ישימו, אַלע וועלן אַנערקענען אַז ער איז דער בורא און דער משגיח און זיי וועלן אים געבן גרוים כבוד. ה׳ כגבור יצא, גאָט וועט אַרויסגעהן ווי אַ גבור רעכענען זיך מיט די שונאי ישראל פאַר זיין פאָלק וואָס זיי האָבן געדריקט און געשטיקט, ווי דער קריגס-העלד וועט ער לאַרימען און שטורמען און וועט זיגן זיינע פיינט. אחריב, איך וועל חרוב מאַכן די הויכע בערג מיט אַלע גרע־זעלאַך וואָס אויף זיי, כלומר, די מעכטיקע און שטאָלציקע אַנטיסע־מיטן מיט זייערע אַלע מיטהעלפער, און דאַן אַז איך וועל אַראָפּ־ראַמען אַלע שטרויכלונגען פון וועג, וועל איך פירן מיין פאָלק וואָס זיינען געווען אין גלות ווי בלינדע. זיי האָבן נעבעך צוגעזעהן זייער פינסטערע לאַגע און האָבן זיך געמוזט מאַכן ווי ניט זעהענדיק און ניט פאַרשטייענדיק, וועל איך זיי איצט פירן צו זייער גליק וואָס זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט פון דעם, אַלע פינסטערע וועגן וועלן פאַר זיי ליכטיק ווערן. נסוגו, דאַן וועלן אַלע געצנדינער זיך אָפּציען פון זייערע הבלים און קערן זיך צום בורא יחיד, און די פרייגעזאַנגע, וואָס האָבן אָפּגעלייקנט אַלעם און האָבן געזאָגט צו די געגאָסענע מיניץ געטער „איר זיינט אונזער גאָט (דער דאָלער איז זייער גאָט) זיי וועלן פאַרשעמט ווערן. — (זאָגט דער נביא) החרשים שמעו, איר טויבע הערט צו, און איר בלינדע עפנט אויף די אויגן און זעהט א). ראות

---

חומת ציון

א) **תלמיד**, ווי אזוי זאָלן טויבע און בלינדע הערן און זעהן?

**רב**, אַ האָלץ, אַ שטיין קען מען ניט שענדן וואָס ער זעהט ניט און הערט ניט, ווייל ער האָט אויף דעם קיין חושים ניט, דאָס גלייכן קען מען ניט שענדן אַנדערע אומות וואָס זיי זעהן ניט קיין נפלאות פון אונזער תורה, אָדער וואָס זיי הערן ניט קיין דברי נבואה, ווייל זיי פעלט די גייסטלעכע חושים צו דעם. אָבער מיר זרע אבות הקדושים, וואָס מיר האָבן געירשנט פון זיי אַלע העכסטע גייסטלעכע כוחות, דעם „ואהבת את ה׳ בכל לבבך״

רבות, איר האָט פיל צו זעהן און באַטראַכטן, נעמען פון דעם אַ מוסר צו קערן זיך אין גוטן וועג און קיינער פון אייך היט דאָס ניט אויף צו באַטראַכטן. איך שיק אויף אייך שרעקלעכע דונערן (צרות) וואָס ברעכן מויערן און קיינער דערהערט ניט. ה׳ חפץ, גאָט האָט באַנערט גליקלעך מאַכן אידן (עפענען זיי די אויגן און די אויערן) האָט ער זיי געגעבן אַ וויכטיקע תורה מיט פיל מצוות, בכדי צו פאַרשאַפן זיי (שטענדיק) פיל מיטלען, פיל וועגן וואָס זאָל זיי פירן צום אויביקן גליק, ווי עס וועט זיין אי״ה אין דער צייט פון דער גאולה, עס וועט פול ווערן די גאַנצע וועלט מיט געטליכער וויסנשאַפט, דאַן וועלן געעפנט ווערן אַלעמענס אויגן און אויערן, אָבער דערווייל זיינען זיי בלינד און טויב דאַרום זיינען זיי געראויבט און געדריקט, הפח, מ׳פאַנגט זיי אין נעץ אין אַלע לעכער וואו זיי באַהאַלטן זיך און מען פאַרזעצט זיי אין אַלע נידעריקע ערטער, מען ראַבעוועט זיי און קיינער ראַטעוועט זיי ניט אָפּ, זאָגאַר קיינער זאָגט אפילו ניט אז עס איז אומרעכט מען דאַרף זי צוריק אָפּגעבן. מי בכם, ווער פון אייך זאָל פאַרשטיין די פאַר־וואורפן וואָס איך מאַך אייך און זאָל גוט אַריינגעמען אין געדאַנק די פורעניות וואָס איך זאָג פאַראויס, און זאָל זיך מתודה זיין און זאָגן מי נתן, ווער האָט געבראַכט דעם אומגליק. אַז דער המון עם פון אידן האָט מען צעריבן אויף אַש? און די הויכע קלאַסן האָט מען צעראַבירט? א), דאָס האָט דאָך געווים גאָט געמאַכט, ווייל זו מיט

---

חומת ציון

האָבן מיר גערשנט פון אברהם (ומצאת את לבבו נאמן לפניך), דעם „בכל נפשך״ — פון יצחק (שמסר נפשו על גב המזבח), דעם „בכל מאדך״ — פון יעקב, און דורך זייער זכות האָבן מיר זוכה געווען צו הערן עשרת הדברים פון בורא עולם פאַר אַ גרויסן פובליקום פון מיליאָנען מענטשן, און דורך דעם מעמד הנבחר זיינען אונזערע נפשות געוואָרן מוכשר (פעהיק) צו פאַר־שטעהן די טיפע געדאַנקען פון דער הייליקער תורה, און שפירן מיט אונזערע גייסטלעכע חושים אַז עס איז דאָ אַ בורא יחיד, אַ משגיח, אַ מטיב. איז אַז מיר וועלן ניט עפענען די אויגן צו זעהן די ליכטיקייט פון דער תורה, אַז מיר ווילן ניט צולייגן די אויערן צו הערן די זיסע רייד פון אונזערע הייליקע נביאים, זיינען מיר ווירקליך בלינד און טויב.

א) תלמיד, מיר האָבן געלערנט (אין מס׳ גיטין נח) ווען דער תנא ר׳ יהושע בן חנניא איז געקומען אין רום, האָט מען אים אָנגעזאָגט דאָס אין פעסטנונג געפינט זיך זעהר אַ שיינער קינד. איז ער געגאַנגען און האָט זיך געשטעלט לעבן טיר פון פעסטנונג און געפרעגט „מי נתן למשיסה יעקב וישראל לבוזזים?״ האָט דער קינד געענטפערט, „הלא ה׳ זו חטאנו לו, ולא אבו בדרכיו הלוך ולא שמעו בתורתו״. דאַן זאָגט ר׳ יהושע, איך בין זיכער

דער זאך גופא וואס ער האט געוואלט אונז גליקלעך מאכן (מיט תורה ומצוות) מיט דעם גופא האבן מיר געזינדיקט, ווייל מיר האבן ניט

חומת ציון

אז דער קינד וועט זיין א מורה הוראה בישראל, איך וועל פון דאנען ניט אוועקגעהן ביז וואנען איך וועל אים אויסלייזן מיט אלע געלט וואס מען פארלאנגט פון מיר. און אזוי איז געווען, עס האט ניט געדויערט פיל צייט, און ער איז געווארן א מורה הוראה בישראל, מ'האט אים גערופן ר' ישמעאל בן אלישע. פארשטייט איך ניט, וואס האט דא ר' יהושע געזעהן די חכמה פון דעם קינד, ער האט אים געפרעגט דעם ערשטן האלבן פסוק, און דער קינד האט געענטפערט דעם צווייטן האלבן פסוק?

רב, איך וועל דיר דערקלערן, מיין קינד, בעת מ'מאכט א קאנסיליום אויף א געפערלאכן קראנקען, איז דער גאנצער נוץ פון קאנסיליום, אז מ'זאל דערגעהן די קראנקהייט, נאכדעם, אז מ'פארשטייט שוין וואס די קראנקהייט איז, קען שוין אפילו א קליינער דאקטאר אויך וויסן וועלכע מעדיצין צו געברויכן. דאס גלייכן איז מיט חולי הנפש (נשמה קראנקהייטן). מ'זעהט מענטשן זיינען זעהר געפערלעך מיט אלע פעלערן, מיט פארדארבענע מדות, אונפאסיקע מעשים, מ'איז עפעס גאר ווי געשטארבענע, און א מענטשן־געפיל (רשעים בחייהם קרואים מתים), דארף מען דאך מאכן א קאנסיליום צו באטראכטן דעם פעלער, דעם אורשפרונג פון אונזער קראנקהייט, וואס עס ברייננגט צו אזעלכע זינד. און פארוואס מיר האבן דורך אונזערע זינד פארדינט מען זאל אונז פון אונזער לאנד ארויסאגן. — אט די פראגע האט מען אמאל געפרעגט דעם תנא „בן עזאי", האט ער געענטפערט, די סיבה איז, ווייל מען איז שוואך געוועזן אין אמונה (לא גלו ישראל אלא בשביל שכפרו ביחידו של עולם). און די שוואכקייט אין אמונה ברייננגט צו אלע שלעכטס, ווייל דער אמת'ער מאמין קען בשום אופן ניט זינדיקן. — הער, איך וועל דיר דערציילן וואס איך האב היינט דיספוטירט מיט גאר א אידישן מענטשן, וועלכער האט זיך געוואלט פארטיידיקן דאס ער האט קיין שולד ניט פאר זיינע זינד, ווייל דער מענטש איז אונטערגעווארפן אונטער אזעלכע אומשטענדן, וואס דאס שטערט אים פון עבודת הבורא, און איבערהויפט ראגת הפרנסה. גיב איך אים א פרעג: איר זייט א מאמין? — וואס איז דאס פאר א פראגע (ענטפערט ער), וועלכער איד איז דאס ניט קיין מאמין? — נו, (זאג איך) געוויס גלויבט איר דאך, אז עס איז דא א בורא אויף דער וועלט, וואס הערט און זעהט אלעס וואס עס ווערט געטאן אפילו בסתר? — יא, איך גלויב, און דאס איז ביי מיר ברור כשמש! — גלויבט איר, אז פאר יעדער עבירה וועט זיין א גרויסע שטראף בעולם האמת? - - דאס איז ריכטיק, און איך פארשטעה דאס מיטן שכל, דען קען דאס זיין אז דעם צדיק מיט דעם רשע וועט מען גלייך באהאנדלען דארטן, וואס דער רשע האט

געוואלט פירן זיך אין זיינע גוטע וועגן פון חסד ורחמים און מיר האבן ניט געוואלט צו הערן די תורה, דאפיר האט ער אויסגעגאסן אויף אונז זיין בהאנד־צארן און שטארקע מלחמות. וואלטן מיר לפחות

---

חומת ציון

אפגעטאן כל הנבלות שבעולם, און דער צדיק האט כל ימיו געטאן מצוות ומעשים טובים. — היינט, פרעג איך אים, ווי וואלט ער געטאן ווען איינער וואלט אים פארלייגן געהן קעגן די ממשלה יר"ה און אים צוזאגן דערפאר אלע גליקן, און ער וואלט וויסן, אז די מינוט ווי מען וועט זיך דערוויסן פון זיין פארברעכן וועט ער פארשיקט ווערן אויף אייביקע קאטארגע קיין סיביר, וואלט ער טאן די זאך אדער ניט? — געוויס ניט, ענטפערט ער, ווייל וועלכער משוגענער וועט זיך זעלבסט געבן מיט א שטיין אין קאפ? וויבאלד אז איך וויים דאס נאכדעם וועל איך אומגליקלעך זיין אויף אוביק. — נו, זאג איך צו אים, זעהט איר אז אייערע רייד שטימען ניט. איר האט דאך געזאגט דאס איר גלויבט אז דער בורא זעהט אלעס (אם יוצר עין הלא יביט) אויך גלויבט איר, אז השי"ת באשטראפט זעהר שטרענג פאר זינד, וואס דער שטראף פון גיהנום איז נאך פיל ערגער פון קאטארגע. היינט זאגט מיר, מיט וואס פאר א רעכענונג טוט איר עבירות, און ווי אזוי מאכט איר זיך זעלבסט אומגליקלעך אויף דער אייביקער וועלט? איז דאך א ריכ־טיקער באוויז אז איר זינדיקט נאר דערפאר ווייל איר זייט שוואך אין אמונה, אייער אמונה האט ניט קיין קראפט צו באהערשן אויף אייערע גלידער און תאוות הלב. דאריבער קומט אוים, אז אין בית המדרש שרייט איר „שמע ישראל" ווי א מאמין, און אין גאס ווערט איר אוים מאמין און טוט אפ אלע עבירות ווי דער גרעסטער אונגעויסנדער מענטש (אין אדם עובר עבירה אלא א"כ נכנס בו רוח שטות), א ראיה, זאג איך, וועל איך ברייננען צו מיינע רייד פון אונזער הייליקער תורה. עס שטייט אין פ' עקב (ועתה ישראל מה ה' אלהיך שואל מעמך? כ"א ליראה). פרעגט דער תלמוד, איז דען יראה א מלתא זוטרתא? ענטפערן זיי, יא! „לגבי משה מלתא זוטרתא היא", ביי משה רבינו איז דאס גערעכנט פאר א קלייניקייט. און ביי אונז איז יראת שמים זעהר א שווערע זאך? אבער נאך פריערדיקער דערקלערונג איז עס זעהר ריכטיק. דער וואס איז א מאמין אז השי"ת וואס „מלא כל הארץ כבודו" אט זעהט ער ווי איך טו די עבירה, פאר אים איז טאקע גאר א קלייניקייט אפצוהאלטן זיך פון דער עבירה, ווארום ווער וויל דאס ניט היטן זיך פון יסורים קשים ומרים? די גאנצע שווערינקייט איז נאר פאר דעם וואס איז ניט קיין פעסטער מאמין, וואס אים דוכט זיך אז קיינער זעהט ניט. (ויאמרו לא יראה יה), נו, ווען אזעלכע שמועסט ניט משה רבינו, דען די אפיקורסים זיינען דאך ניט בכלל ישראל גערעכנט. דאריבער זאגט משה רבינו מיט דעם לשון ועתה „ישראל"! ד. ה. ווען דו בינסט נאר א

דאַן זיך אַרומגעזעהן אַז מיר זיינען אַראָפּ פון גראַדן וועג און תשובה געטאָן, וואָלט דער בעל הרחמים אונז דערבאַרעמט. איז אָבער דער אומגליק אַזוי גרויס, אַז אפילו בעת דער פייער האָט זיי געסמאַליעט אַרום האָבן זיי נאָך ניט געוואוסט. כלומר, בעת סנחריב האָט שוין חרוב געמאַכט פיל שטעט אין ארץ ישראל האָבן זיי גאַרניט געשפּירט, זיי האָבן גערעכנט אַבי באַ אונז איז רוהיק, וואָס דאָרטן ברענט אַרט אונז ניט. און נאָכדעם אַז באַ זיי האָט שוין אויך געברענט (סנחריב איז שוין געקומען אויף ירושלים), וואָס דאַן האָבן זיי שוין גוט געשפּירט אַז עס ברענט, האָט דאָס אויך ניט געווירקט אויף זייער האַרץ תשובה צו טאָן.

ועתה, און איצט אַז דו פאַרשטייסט און דיין געוויסן פּלאַגט דיר אויף דיינע שלעכטע מעשים, וואָס דאַדורך האָסטו זיך דערנידערט און ביסט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דיינע פיינט, דאַך

---

## חומת ציון

ישראל, אַ מאמין אין די עיקרי הדת, מציאות ה', השגחה, שכר ועונש, איז דאָך טאַקע פאַר דיר אַ קלייניקייט, מורא צו האָבן פאַר זיך אַליין און ניט עובר זיין דעם באַפעל פון מלך מלכי המלכים הקב"ה באָטש מהמת יראה, און נאָכדעם ווען מען געוואוינט זיך איין צו זיין אַן עובד ה' מיראה אַ רעכטע צייט, און מען פאַרזוכט דעם טעם פון גייסטלעכקייט, קען מען שוין נאָכהער קומען צו זיין אַן עובד ה' מאהבה (ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו). אָבער ווען די אמונה איז שוואַך קען מען אפילו צו יראה אויך ניט צוקומען.

— פילייכט איז גאָר אַן אַנדער אורזאַך וואָס מען זינדיקט, זאָגט יענער, ניט ווייל מ'איז שוואַך אין אמונה, נאָר צוליב דעם וואָס דער עוויקער שטראָפט ניט גלייך, דאַריבער רעכנט דער מענטש, וואָס באַדאַרף איך זאָרגן וואָס שפּעטער וועט זיין?

— יאָ יאָ, ענטפער איך, ווען דער שטראָף וואָלט געווען גלייך אויפן אָרט, וואָלט זיך דער מענטש אָפּגעהאַלטן פון טאָן עבירות, אָבער דאַן וואָלט ער ניט געווען העכער פאַר דער בהמה. ווייל אַ בהמה בעת זי זעהט די סכנה פאַר די אויגן אַנטלויפט זי אויך (איזהו חכם הרואה את הנולד), דאָס גלייכן, בעת מ'וואָלט זעהן דעם אומגליק מיט די אויגן, ווי השי"ת שטראָפט פאַר יעדער עבירה אויף דער וועלט, למשל, אַז דער וואָס רייכערט שבת אַ סיגאַרעט אין מיטן גאַס, זאָל אַראָפּפאַלן אַ שטיין פון דאַך און אים שפּאַלטן דעם מוח, איז שוין קיין זאַך ניט, ווייל דאָס קען אַ בהמה אויך.

און נאָך טיפער קען מען זאָגן, אַז עס איז גראָד פאַרקערט, אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד דאַרף נאָך מער ציטערן פאַר אַן עבירה ווען מען שטראָפט איבּ ניט באַלד, נאָך מער ווי ער וואָלט דאַרפן מורא האָבן ווען דער עוויקער וואָלט באַצאָלן לרשע כרשעתו דאָ בעולם הזה. למשל, צוויי וואַסער־טרעגער

זאָלסטו ניט פאַלן בא זיך און ניט זיין פאַרצווייפלט (אזוי האָט געזאָגט דיין באַשעפער), אַזוי ווי איך האָב דיך אויסגעלייזט פון מצרים און פון אַלע דיינע דריקער, אַזוי וועל איך דיך אויסלייזן פון איצטיקן גלות, זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר קיין צרה, קיין שטראָם וועט דיך ניט פאַרפלייצן, קיין פלאַם וועט דיך ניט פאַרברענען. איך באַשעפער פון דער וועלט, וואָס איר ישראל הייליקט מיך מיט אייערע תפלות וקדושות, בין אייער שיצער און העלפער, נתתי כפרך מצרים, אין מצרים זייט איר מיר געווען גרויסע בעלי חובות, איר זייט ווערט געווען חלילה א כליה, האָב איך געגעבן אייער כפרה די מצריים (זייערע

---

חומת ציון

גרויסע אביונים, עס איז געקומען פסח. זעהט איינער ווי זיין חבר טראָגט א נייעם מאַנטל. פרעגט ער אים, פון וואַנען ביסטו אזוי רייך געוואָרן?
— איך בין דער זעלבער אָרימאַן ווי פריער, ענטפערט יענער, איך האָב גענומען דעם בגד אויף באָרג, און איך האָף אַלע וואָך אָפּשפּאָרן צוואַנציק פּענים ביז וואַנען איך וועל דעם בגד אויסצאָלן. דערווייל האָב איך א בגד לכבוד יו"ט אָן א קאָפּיקע געלט. — איך טו ניט אזא נארישקייט, זאָגט דער צווייטער, איר ווייסט דאָך ווי שווער מיר פאַרהאָרעווען דעם ג־ילדן, עס גיסט זיך ממש בלוט פון אים, פאַרשטעהט מען דאָך אז בשעת מ'דאַרף צאָלן א חוב מיט אזעלכע בלוטיקע געלט רייסט די הארץ. נאָר פון דעסט וועגן ווען איך וואָלט האָבן צען רובל מזומן וואָלט איך געקויפט א מאַנטל לכבוד יו"ט. פאַרוואָס? ווען עס וועט מיר כאַפּן פאַרדריסן פאַר די געלט, וועל איך א בליק טאָן אויף דעם נייעם בגד, וועט די הנאה פאַרטרייבן דעם פאַרדרוס. אָבער אז איך מוז נעמען אויף באָרג, וועט עס נעמען א רעכטע צייט ביז איך וועל אָפּצאָלן, דער בגד וועט שוין צעריסן ווערן, קיין הנאה וועל איך פון אים ניט האָבן און דער צאָלן פאַרן בגד מיט ביטערע פאַרהאָ־רעווועטע געלט וועט זיין זעהר שווער. אזוי איז מיטן מענטשן. דער קערפּער איז נאָר א בגד, א לבוש פאַר דער נשמה. ווי דער פילאָסאָף סאָקראַטעס האָט געזאָגט פאַר זיין טויט צו זיינע תלמידים, וואָס וויינט איר? איך בלייב דאָך אומגעשטאָרבן, נאָר מיין ראָק בייט איך אום. דאריבער אז א מענטש וויל נעמען אויף באָרג, ד. ה. זיך פאַרשולדיקן מיט וועקסלען און צאָלונגען צוליב דער אויספּוצונג פון דעם ראָק, ער זאָל הנאה האָבן פון זיין קערפּער, דאַרף ער זיך באַרעכענען אזוי: ווען איך וואָלט געקאָנט אויסצאָלן מיינע שולדן כל זמן מיין ראָק איז אינגאַנצן, ד. ה. בעת איך האָב נאָך די הנאה פון דער עבירה, ווען השי"ת וואָלט פון מיר געמאָנט דעם חוב, וואָלט איך זיך געקאָנט טרייסטן, ווי די וועלט זאָגט: „געקראָגן א פּאַטש, אָבער פאָרט הנאה געהאַט", ווי איז אָבער אז די מעשה איז ניט אזוי. דער עוויקער גיט א צו־לאַנגען טערמין פאַר צאָלונגען (מאריך אפיה וגבי דיליה), איז ווען

בכורים זיינען צעשטאָרבן און איר זייט ניצול געוואָרן). אין די צייט פון סנחריב מלך אשור זייט איר אויך ווערט געווען אַ כליה, און סנחריב איז געגאַנגען אויף אייך אויף מלחמה האָט איר אָפּגעפּטרט נאָר מיט שרעק, און די כפרות זיינען געווען כוש און סבא. איך האָב אים (סנחריב) פאַרדרייט, דאָס ער איז געגאַנגען צו זיי אויף מלחמה און

---

חומת ציון

וועט ער מאַנען די שולדן? שפּעטער... ווען דער בגד וועט שוין זיין פאַרפוילט אין קבר, וואָס קיין קערפּערלאַכע הנאה איז דאמאָלסט ניט שייך, און דאַן וועט מען דאַרפן צאָלן שולדן וואָס מ'האָט זיך פאַרשולדיקט צוליב דעם פליישענעם בגד. אָי, ווי ביטער עס וועט זיין! זאָגט דער דובנער מגיד, זכרונו לברכה, דאָס די כונה ליגט אין פסוק, (ונחמת באחריתך, בכלות בשרך ושארך, משלי א), ד. ה. דו וועסט ברומען צו דיין ענדע, בעת דיין פליישענער ראָק וועט שוין פאַרלענדט ווערן, אַז דו וועסט דאַרפן צאָלן דיינע שולדן, וועסטו ברומען פון שמערצן. זעהט מען דאָך אַז עס איז גאָר פאַרקערט, אדרבה, ווייל השי"ת מאָנט ניט גלייך דאַרף מען נאָך מער זיך היטן, ניט אָנבאָרגן אַזויפיל. איז דאָס אַ באַווייז אַז די סבה לכל חטאת איז נאָר די שוואַכקייט פון אמונה. — ווי דער געטלעכער פּראָפעסאָר בן עזאי זאָגט, און אויך וואָס דער תנא ר' יהושע בן חנניא האָט איינגעשטימט, האָט דאָס דער תינוק פון תפיסה אויך צוגעטראָפן. אַז מ'גיט אים אַ פרעג: „מי נתן למשיסה יעקב?" (וועלכע אורזאַך האָט געבראַכט צו דעם חורבן?) זאָגט ער אַז קיין אנדער סיבה איז ניט געווען נאָר „הלא ה'" — „זו" (אין דעריין) „חטאנו לו", מיר האָבן געזינדיקט אין רעכטן „עיקר", ווייל מיר זיינען געווען שוואַך אין אמונה. — נאָכהער האָט ער געוויזן דאָס ער איז אַ גרויסער פּסיכאָלאָג. זאָגט ער ווייטער, ווייסט איר ווי אַזוי אידן זיינען אַראָפּ פון אמונה? שטייטש, מ'קען דאָך זעהן געטליכקייט פון דער אידישער הארץ, וואָס זי איז פול מיט דימענטענעגע געפילן (בכל לבבך — וואָס דאָס ציט זיך פון מקור העליון (מה הוא רחום וחנון), פון דעם אידישן מוח וואָס ער איז פול מיט געטלעכע כוחות (ובכל נפשך). — אָי, זאָגט ער, זיי האָבן דאָס ניט געקענט שפּירן: „ולא אבו בדרכיו הלוך", זיי האָבן ניט מקיים געווען „מה הוא רחום אף אתה רחום" — „ולא שמעו בתורתו", זיי האָבן די תורה אויך ניט פאַרשטאַנען. הײנט אַז זיי זיינען געווען אָן קעפּ, אָן הערצער, האָבן זיי דאַריבער די געטליכקייט ניט געזעהן. נו, אַז ער האָט געהערט פון דעם תינוק אַזעלכע קלוגע רייד, אַז ער האָט צוגעטראָפן די קראַנקהייט און דערצו די סיבה ווי אַזוי זיי זיינען געקומען צו דעם פעלער, איז ר' יהושע בן חנניא נתפעל געוואָרן און האָט געזאָגט, „מובטחני שיהא מורה הוראה בישראל". עי' בזה באריכות במעשה אלפס (דער יונגער דרשן פ"ט).

האָט זיי הרוב געמאַכט, דאַדורך זייט איר ניצול געוואָרן. מאשר יקרת, דאָס איז אַלעס ווייל איר זייט מיר זעהר טייער, אייער נשמה שטאַמט פון אַ היכן אָרט, און איר זייט באַ מיר זעהר געערט. באַ אייך געפינען זיך פיל וואָס לערנען תורה לשמה און טוען פיל מעשים טובים, און איך האָב אייך ליב מצד אייער גרויסן יחוס אבות, דאַרום גיב איך שטענדיק כפרות פאַר אייך. ואתן אדם תחתיך, ווען מ׳וויל אויסהאַבן נאָר אייער גוף (ווי אין המנ׳ס צייטן) קלעקט איין כפרה, ולאומים תחת נפשך, ווען אָבער מ׳וויל אויסהאַבן אייער נשמה (ווי אין די צייט פון חשמונאים, וואָס אנטיוכוס האָט געוואָלט „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך״), דאַ גיב איך פיל פעלקער אַן אויסבייטונג פאַר אייער נפש, אַלזאָ זאָלסטו זיך ניט שרעקן פאַר דעם איצטיקן גרויסן גלות, ווייל איך בין מיט דיר, פון מזרח וועל איך ברייינגען דיינע קינדער (דאָס איז עשרת השבטים וואָס זיינען פאַרטריבן אין ווייטן מזרח), און פון מערב וועל איך דיר צוזאַמענעמען. אומר לצפון תני, אויך די אידן וואָס זיינען פאַרטריבן אין צפון זייט און זיינען איינגעשלאָסן צווישן די היכע בערג, וועל איך זאָגן צום רוח צפון, גיב אַרויס מיינע קינדער! און די וואָס זיינען פאַרטריבן אין דרום, וואָס די אומות לאָזן זיי ניט אַרויס, וועל איך זאָגן צו די אומות, איר זאָלט ניט איינשליסן מיינע קינדער! הביאי, יעדער זייט פון דער וועלט, ברייינג מיינע זין און מיינע טעכטער פון עק וועלט. כל הנקרא בשמי, ניט אַזוי וואָס איך פאַרזאָג צו אַלע פיר זייטן וועלט זיי זאָלן ברייינגען מיינע קינדער, נאָר די גאַנצן בריאה (שמים וארץ) וואָס שטעהען אונטער מיין נאָמען און אַלעס וואָס איך האָב באַשאַפן עס זאָל דורך זיי דערשיינען מיין כבוד אויף דער וועלט, האָב איך זיי אַלעמען פאַראָרדנט צו דעם ציל פון קבוץ גליות, ווייל גאָטעס כבוד קען אַנדערש ניט מפורסם ווערן אויף דער גאַנצער וועלט (אַז אַלע זאָלן דערקענען אַז ער איז דער בורא און דער משגיח), נאָר דורך קבוץ-גליות, וואָס עס וועט באַפרייט ווערן אַ פאָלק, וואָס הערן און זעהען און פאַרשטייען אַלעס, נאָר זייער לאַגע איז געווען אַזוי טרויעריק און פינסטער, אַז זיי האָבן זיך געדאַרפט מאַכן ניט זעענדיק און ניט הערנדיק און ניט פאַרשטייענדיק (ווען ניט וואָלטן זיי ניט געקענט דורכטראָגן די האַרץ פלאַצעניש קוקנדיק ווי אַ ציגיינער אַ שכור האָט רעכט צו וואוינען דאָרט וואו דער שענסטער מענטש פון אידן האָט דאָרטן קיין רעכט צו נעכטיקן אַ נאַכט). היינט אַז וויבאַלד דורך דעם וועט די וועלט קומען צו איר שלמות, ממילא איז די גאַנצע בריאה פאַראינטערעסירט מיט דעם קבוץ גליות בכדי זי זאָל קומען צו איר תכלית.

כל הגוים, זאָלן זיך אויפקלייבן אַלע פעלקער, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אַלע נאַציאָנען און לאָמיר זעהן ווער פון זיי האָט דאָס פאָראויס גע־

זאָגט, ווער פון זיי האָט אונז געמאַכט הערן די פאַריקע ווערטער וואָס איך האָב אייך געזאָגט (וועגן דער מפלה פון בבל), וואָס דאָס איז מקויים געוואָרן אַצונד פאַר אונזער אויגן. זיי (די אומות) דערציילן וואונדער פון זייערע געטער וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר טויזנטער יאָרן, וואָס קיינער ווייס פון דעם און קיין זכר איז ניט געבליבן צווישן די לעבע־דיקע, זאָלן זאָגן אַ זאַך וואָס וועט זיין, אַזוי ווי דער בורא האָט פאַרגעזאָגט יעדע זאַך מיט אַ צייט פריער. ער האָט געזאָגט צו אברהם אבינו וואָס וועט פאַסירן מיט זיינע קינדער און עס איז מקויים געוואָרן, ער האָט צוגעזאָגט יעקב אבינו ער וועט אים היטן פון לבן און פון עשו, און ער וועט אים צוריקברייינגען צו זיין פאָטער יצחק, און אַזוי איז געווען. ער האָט פאַרגעזאָגט אידן ווי זיי וועט פאַסירן, אַז זיי וועלן געהן אין גאָטעס וועג וועלן זיי לעבן גליקלעך אויף זייער לאַנד מיט אַן אומבאַטירלעכער הצלחה און עס איז מקויים געוואָרן. צוריק, ווען זיי וועלן אָראָפּגעהן פון דרך התורה און פאַרקריכן אין בלאָטיקע וועגן, וועלן זיי טרעפן אומנאַטירלעכע אומגליקן, פריער בא זיך אין לאַנד און נאָכדעם וועלן זיי פאַרטריבן ווערן פון זייער לאַנד, און וועלן פאַרשפּרייט ווערן אין אַלע עקן וועלט. און עס וועט זיי זיין פינסטער און ביטער, און עס איז אַלעס מקויים געוואָרן ווי אונזערע אויגן זעהן. אתם עדי, אויף דעם זייט איר אַלע פעלקער עדות, ועבדי, און אויך מיין קנעכט יעקב (די אידן), וואָס איך האָב אויסדערוויילט למען תדעו, פון די זאַכן וואָס איר האָט אליין געזעהן מיט די אויגן. דאַרפט איר וויסן צו גלויבן אויף דאָס וואָס איר האָט ניט געזעהן, און דאַרפט פאַרשטיין מיטן שכל אַז איך בין גאָט, וואָס פאַר מיר, איידער איך האָב באַשאַפן די וועלט, איז קיינער ניט געוועזן וואָס ער זאָל באַ־שאַפן עפּעס, ואחי, און אַז איך האָב באַשאַפן אַלעס האָט אויך קיינער ניט באַשאַפן קיין נייס. ווי גאָט האָט גערוהט שבת פון זיין אַרבעט (וואָס ער האָט באַשאַפן אין די זעקס טעג) רוהט די וועלט ביז היינט, עס איז ניט באַשאַפן געוואָרן קיין נייע בריאה (אין כל חדש תחת השמש).



# אַ יישר כח לכבוד דער צווייטער אויסגאַבע

עס איז איבעריק פאַר מיר צו שילדערן די פּערזענליכקייט פון הרב ר׳ בן ציון אלפּס, דער מחבר פון איבער 50 ספרים, וועלכע האָבן שוין מיט פיל יאָרן צוריק אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג אויף דער גאַנצער אידישער וועלט. איך האָב פּערזענליך געקענט ר׳ בן ציון אלפּס אין זיינע לעצטע יאָרן אין ירושלים. און איך האָב אויך געהאַט די זכיה אים צו הערן ריידן פון בימה. איך מוז זאָגן דאָס ער איז געווען אַ פּה מפיק מרגליות. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו עלעקטריזירן זיינע צוהערער מיט זיינע שיינע משלים און דערקלערונגען. ווי אַ קינסטלער פּלעגט ער מאָלן די אַמאָליקע צייטן און אירע דרכים. זיינע געדאַנקען פלעגן באַשטראַלן די גרעסטע מענטשלעכע פּראָבלעמען און זייערע טראַגעדיעס. און כאָטש די צייטן ענדערן זיך און צוזאַמען מיט זיי ענדערן זיך אויך די מענטשן און זייערע געדאַנקען, אַנשויאונגען און מיינונגען, אָבער די געדאַנקען און משלים פון הרב בן ציון אלפּס זצ״ל זיינען פּאַסיק אויך היינט ווי אין דער צייט ווען ער האָט געשריבן זיינע ספרים.

די נוצליכקייט פון דער ספרות הדרוש אין דער איצטיקער צייט בכלל און אין אַמעריקע בפרט איז אַן צווייפל גרויס און פון גרויס באַדייטונג, און נויטיקט זיך ניט אין קיינע דערקלערונגען. דאַרום גלויב איך דאָס עס איז אַ גרויסער געווינס פאַר רבנים און דרשנים בכלל און אידישע בעלי בתים בפרט צו האָבן די ספרים פון ר׳ בן ציון אלפּס אין זייער הויז. און וויל די אויבנדערמאָנטע ספרים קען מען שוין מער ניט קריגן און ווערן פאַררעכנט אַלס יקרי המציאות, איז געוויס אַ גרויסער געווינס פאַר דער אידישער וועלט איבערצודרוקן, אויב ניט אַלע זיינע ספרים, כאָטש איי־ניקע פון זיי.

איך וויל דעריבער אויסדריקן מיין הארצליכן דאַנק צו איינעם פון די גאָר יחידי סגולה אין אַמעריקע — אַ איד וועלכער איז אויך אַ יקר המציאות אין איצטיקער וועלט אין וועלכער מיר לעבן, און דאָס איז ניט קיין אַנ־דערער ווי ר׳ משה וואלף, וועלכער איז אַ תושב אין מילוואָקי פאַר די לעצטע עטליכע און צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך אונטערגענומען איבער צו דרוקן דערווייל איין ספר פון די אַלע ספרים פון ר׳ בן ציון אלפּס, נעמליך דעם „אוצר התורה״, וועלכער ליגט איצטער פאַר אונדזערע אויגן, איך געפין ניט פאַר נויטיק אויסצורעכענען די אַלע מעלות וואָס ר׳ משה וואָלף באַזיצט, ווייל ער איז באַוואוסט און גוט באַקאַנט אין אַלע מוסדות התורה איבער

דער גאַנצער וועלט. זיין נאָמען איז לשם ולתהלה ולתפארת. איבערהויפּט דאָ אין מילוואָקי איז ער באַוואוסט צו אַלעמען מיט דעם נאָמען ר׳ משה, און דאָס איז שוין גענוג. ער איז דער איד וועלכער איז דער אמת׳ער לוחם מלחמת ד׳ והתורה, אַ איד וועלכער גיט מיט מסירת נפש פאַר אַלעס וואָס קען נאָר פאַרשטאַרקן און פאַראייביקן אידישקייט, איבערהויפּט אויפן שטח פון שבת, כשרות, טהרת המשפחה און אמת׳ן חנוך. ער איז דער גרינדער פון דער ישיבה קטנה אין מילוואָקי, וואו איבער 80 קינדערלאַך לערנען תורה און אַלגעמיינע ענגלישע למודים על טהרת התורה והיהדות. גאָר פיל קרעדיט קומט ר׳ משה וואָלף׳ס ווייב האשה הצנועה מרת אסתר, וועלכע איז די אמת׳ע עקרת הבית און אויף וועמען מען קען זאָגן „כבודה בת מלך פנימה״. גאָר אַ סך קרעדיט קומט אויך זיינע זעקס זין און צוויי טעכטער, וועלכע זיינען אמת׳ע שומרי שבת און וועלכען טוען אים העלפן אין זיין הייליקער אַרבעט.

דאָס וואָס דער ספר „אוצר התורה״ ווערט איצט געדרוקט אין זיין צווייטער אויסגאַבע איז אַ סימן טוב אַז דער ספר איז אויפגענומען געוואָרן בסבר פנים יפות, און מיר האָפן אַז דאָס וועט דעם מוציא לאור געבן די מעגלעכקייט צו ווייטער אָנגעהן מיט זיין אַרבעט פון איבערדרוקן אַלע ספרים פון ר׳ בן ציון אלפס זצ״ל.

גאָר אַ הערצלעכן יישר כח פאַרדינט מיין ליבער פריינט ר׳ דוד פּאָסט, דער מומחה אין אידיש און העברייאיש, וועלכער האָט מיט פיל טריישאַפט איבערגעקוקט און געלייטערט די קאָרעקטורן פון אַלע פסולת, אַרויס געוואָרפן פון בוך אַלע רוסישע ווערטער, און געמאַכט פון דעם אוצר התורה אַ כלי שלמה ווי ווייט נאָר מעגלעך.

איך וויל ווינטשן ר׳ משה׳ן, זיין פרוי און קינדער גרויס הצלחה און נחת פון אַלע זייערע אונטערנעמונגען.

**שניאור זלמן שאולזון,**
הרב דבית הכנסת אנשי ליובאַוויטש
מילוואָקי, וויסקאנסין

כדי צו צייגן ווי וויכטיק עס איז אונזער באַשיידענע אַרבעט פון פאַרשפּרייטן און צעטיילן ספרי מוסר ודרוש חרדי צווישן אידן, ובפרט בין תלמידי הישיבות, ברייגגען מיר דאָ אייניקע פון די פילע דאַנק בריף, וואָס מיר האָבן געקראָגן פון די אַמעריקאַנער און אייראָפּייער ישיבות פאַר די ספרי דרוש ומוסר וואָס מיר האָבן זיי געשיקט פאַר די ישיבה לייט.

יום ד׳ לסדר שלח, תשי״ג

כבוד ידידנו ידיד התורה ולומדיה, הנכבד ומהולל ברוב מעלותיו וכו׳ וכו׳, כש״ת מוהר״ר משה וואולף, מ״י:

אין נאָמען פון אונזערע טייערער תלמידים שיחי׳ און הנהלת הישיבה וויל איך אייך אויסדריקן אונזער האַרציקן דאַנק פאַר אייער שיינער מתנה די הייליקע ספרים „מעשה אלפס״, וואָס מיר האָבן פון אייך ערהאַלטן. מ׳קען זעהן אין אייערע מעשים, אַז נישט נאָר שטיצט איר אונזערע בני תורה מיט געלט, נאָר אויך מיט גייסטיקע שפייז . . . .

עס איז דעריבער אונזער ברכה צו אייך, טייערער מר. וואולף, אַז השי״ת זאָל אייך בענטשן מיט פיל גליק און געזונטע יאָרן פון הצלחה און נחת, איהר זאָלט ווייטער קענען אָנגעהן מיט אייער הייליגע אַרבייט לכבוד ד׳ ותורתו.

מיט גרויס דרך ארץ און תורה גרוס,

**כולל נר דוד**

142 הענרי סטריט, גאַרפילד בילדינג

ניו יאָרק 2, נ. י.

הרב חיים פייפער, דירעקטאָר

ב״ה

תודה רבה להנדבן והנכבד ר׳ משה ראובן שי׳ ב״ר שמעי׳ הכהן וואולף על ספרי קודש ששלח לישיבתנו הקדושה, ושמחים אנחנו על המציאה הגדולה שיש אנשים יראים ושלמים הדואגים על מוסדי קודש שיהיה להם ספרים של טעם.

ישיבת רבי ישראל סאַלאַנטער בבראנקס

1946 וועבסטער עוועניו

ניו יאָרק, נ. י.

ב"ה, יום ו' עש"ק ב' אייר, תשי"ג, פאריז, מאָנטאָמאָרענסי
ישאו הרים שלום לכבוד איש משכיל המהולל ומופלא
במדות נדבן ועסקן הוו"ח ויר"א וכו' מוהר"ר
משה ראובן ב"ר שמעי' הכהן נרו יאיר, שלום וברכה!

קבלנו ע"י הוצאות ספרים קה"ת את הספרים מעשה אלפס ובית רבי בתור מתנה, ומרחוק נשמעים הדברים שהודות לנדבתו של כבוד מעלתו נתאפשר ההדפסה וכו' של אלו הספרים, אשר ע"כ לא נוכל להתעכב מלהביע תודתנו המרובה לכבוד מעלתו. ואף שבודאי יודע כב' את גודל הנחיצות בספרים האלו, אך המתעסקים בשדה החינוך על טהרת הקודש מכירים ביותר את הפעולות הרבות בגידולין וגידולי גידולין הנעשים ע"י ספרים אלו, אשר ע"כ זכות הרבים תלוי בו וזכות זה יעמוד לו וכל ב"ב יחיו בכל המצטרך להם ויוכל להוסיף ולהרבות במילוי תפקידים לזכות את הרבים מתוך הרחבה והמנוחה.

בכבוד וברכה

בית ילדים ובתי ספר לנערות „בית רבקה" ו„בית שרה"
מרכז לעניני חנוך בנשיאות כ"ק אדמור שליט"א מליובאוויטש
סניף פאריז
יו"ר ועד הפועל:
הרב יהושע פינסאן



יום ד' הפ' „בקרבי אקדש", כ"ב בעומר, ה'תשי"ג.
לועד הוצאת ספרים „קהת":

הננו מאשרים בזה קבלת הספרים שנשלחו לישיבתנו לפני איזה שבועות. מבקשים אנו מכבודכם להעלם איחור תשובתנו, כי מפני רוב טרדות וענינים המתרחשים, הוצרך המכתב הזה להתאחר.

בההזדמנות הלזה, הננו מבקשים בבקשה מיועדת, שתביעו להנדבן הנכבד, ר' משה ראובן שי' בר' שמעי' הכהן וואולף, רוב שמחת הבחורים שנהי' בעת קבלת הספרים; מלבד גודל מצות זיכוי הרבים שתלוי בזה. תודתנו יחד עם הוקרת בחורי הישיבה מובעים לכבוד מר וואולף על עסקו בצרכי רבים וג"כ באותו זמן מפיץ ספרים נחוצים.

יהא רעוא שילך עוד להלן בעבודתו, ושימשיך למען טובת הכלל.

בברכת התורה,

בית אוצר הספרים „עזרת תורה" דישיבת מיר
1791 אָשען פארקוויי
ברוקלין, ניו יאָרק
ש. מענדלסון, גבאי העז"ת

ב"ה

כבוד הנכבד וחכם מפזר ונוסף עסקן צבורי האיש הגדול אחד בעיר, כש"ת ר' משה וואלף נרו יאיר ויזרח.

את ספרו „מעשה אלפס" חלק א' קבלתי. תיתי לי' לכת"ר, שעמס על נפשו המשא הלזה. זכורני כד הוינא טליא, ראיתי כמה אנשים שאחרי שהתפללו תפלתם ולמדו חקם במשניות ואמרו חק התהלים הוציאו מתיק טליתם את ספר „מעשה אלפס" וקראו בו פרק או פרקים. ועתה שכבר אזל הספר מן השוק ברכה בו להעתיקו ולהדפיסו מחדש. ואף שכבר נשתנו העתים ונתחלפו הזמנים, בכל זאת ימלא חסרון בעולם הספרים ובעולם הדרשנים שימצאו חפץ בו כבשנים קדמוניות.

בברכת הצלחה בעמלו לו ולכל הנלוים אליו כלם יעמדו על הברכה, והי' זה שלום, בכל הכבוד,

זלמן שמואל שפירא
רב בדענוועד, קאלא.

---

באקאנטמאכונג צו אלע אידן יונג און אלט שלום:

אזוי ווי אין מיינע יונגע יארן האב איך געלערנט אין ווילנא און האב געהאט די ערע צו קענען הרב ר' בן ציון בהרב"ר נחמיה עקיבא זצ"ל אלפס דער מחבר פון מעשה אלפס און נאך פיל וויכטיקע ספרים, און אזוי ווי פרשת מטו"מ שנת תשי"ג בין איך געוועזן צו גאסט אין מילוואקי און האב געטראפן האיש יקר וצדיק ר' משה ראובן שיח' ב"ר שמעי' הכהן וואלף, וואס איז געווארן א תלמיד ובן להרב הצדיק הנ"ל, און איז איבערגעגעבן מיט מסירת נפש צו דער אידעע פון דרוקן די ספרים מעשה אלפס און פאר־שפרייטן זיי — על כן איז מיין עצה אז אלע בני תורה, בני הישיבות וואס קענען לייענען אידיש זאלן זיך איינשאפן די הייליקע ספרים „מעשה אלפס" וואס זיינען און וועלן געדרוקט ווערן, ווייל עס איז אין זיי איינגעפאסט דימענטן און בריליאנטן פון געדאנק און זיי זיינען א מוסר השכל לעבודת השם, און אויך עלטערע מענטשן בעלי בתים וואס לייענען אידיש איז זייער פליכט אז זיי זאלן זיך איינשאפן די הייליקע ספרים, ויבא ברכה אל ביתם.

נאום שמואל יעקב הלוי מאשאוויץ
אב"ד דק"ק סאוולא וואלין, פוילין
81 עדווארדס גאס, הארטפארד, קאנג.

ב"ה　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　כ"א אלול תשי"ג

כבוד ידידנו הנכבד והיקר חובב תורה ומוקירה בש"ת
מוה"ר משה וואולף שי' וזוגתו אשת חיל ורבת פעלים תחי'
מילוואקי, וויסקאנסין

שלום וברכה:

אין מיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער הנהלה, באָארד און דירעקטאָרס און טויזנטער תלמידים פון אונזערע הייליגע ישיבות איבער דער גאנצער וועלט ווינש איך אייך און אייערע קינדער א כתיבה וחתימה טובה; אַ געזונט גליקלעך און געבענשט יאָר; אַ שנת חיים ברכה ושלום; אַ שנת גאולה וישועה לנו ולכל ישראל.

די ספרים „מעשה אלפס" האָבן מיר שוין ערהאַלטן.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן מיין גרויסע דאַנקבאַרקייט צו אייך פאַר אייער טיפן אינטערעס און ברייטהאַרציקער שטיצע לטובת די ליובאַוויטשער ישיבות. קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע מענשן גבירים און מנדבים בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אַז אין ענין פון צדקה זיינט איר באמת פון די יחידי סגולה פון היינטיקן דור. השי"ת זאָל געבן אַז אין זכות פון צדקה זאָל דאָס אייך אויפהויבן בגשמיות וגם ברוחניות, אַזוי ווי עס שטייט וצדקה תרומם וכו'.

ווינשנדיק אייך נאָכאַמאָל אַ גוט יאָר פון כל טוב בכל הענינים בגשמיות וברוחניות, פאַרבלייב איך, מיט אַכטונג,

הרב שמרי' גורארי'

יו"ר ועד הפועל מרכז הישיבות
„תומכי תמימים" ליובאַוויטש דאה"ב ואה"ק

בע"ה ערב יוה"כ, תשי"ד

כבוד הגביר ונדיב ר' משה וואולף:

אונדזער ישיבה און אויך איך האָבן געקראָגן פון אייך דעם בוך „אוצר התורה", און איך וויל דאָ אויסדריקן מיין געפיל פון באַוואונדערונג און כבוד צו אייך פאַר דעם גייסט פון מסירות נפש צו דער תורה און אונדזערע הייליקע ספרים אום צו אונטער נעמען אַזאַ גרויסע זאַך ווי איבערדרוקן די ספרים פון „מעשה אלפס". עס זיינען פאַראַן אין די דאָזיקע בלעטער פון ספר גרויסע אוצרות פון חכמה און יראה וואָס וועלן העלפן די הערצער פון אידן. און איר האָט די גרויסע מצוה צו דערמעגלעכן דעם אידישן מענטשן צו באַקענען זיך מיט די גרויסע הייליקע געדאַנקען וואָס קומען אין דעם ספר „מעשה אלפס".

זאָל דער אייבערשטער געבן אייך געזונט און שטאַרקייט צו דער־מעגלעכן אייך אַלעמאָל צו טאָן די גרויסע אַרבעט פון צדקה ותמיכת התורה וחכמיה, ואני תפלה שיחתם הוא וכל בני ביתו לחיים, לאושר, לעושר ולשלום.

מיט גרויס אַכטונג און כבוד,

הרב אשר צפתמאַן, יו"ר
בית המדרש לתורה, שיקאַגאָ, איל.

כבוד ידידי ב"מ ידיד ואוהב ישראל ומקרבן לתורה ה"ה הרבני התורני הנגיד הנכבד המזכה את הרבים, רודף צדקה וחסד ורב פעלים וכו' כש"ת מוה"ר משה ראובן וואולף שליט"א:

כדי לקיים המצוה של לא תמנע טוב מבעליו באתי על אתר בעת קבלתי היום את הספר „אוצר התורה" מעשה אלפס, להביע לב"מ את תודתי הלבבית בברכותי השגורה בפי כל, יה"ר שתשרה שכינה במעשי ידכם, וזכות גודל המצוה לזכות לרבים יעמוד לכם להוסיף חייל בעבודתכם הנהדרה ותזכו לראות בנים ובני בנים עוסקים בתורה ובמצות השם מתוך רב נחת וחדוה בדרכי תורה וגדולה ולא ימוש ספר התורה הזאת מפיכם ומפי זרעכם ומפי זרע זרעכם עד עולם.

זכותכם בהדפסת ספר יקר ערך כזה גדול מאד בזה ובבא ובפרט בעת שבהשפעת זרים לוחצים רבים ללכוד את צאן קדשים של עם ישראל בכל מקום שהם בהליטעראַטורים הבזויים שלהם, מובטחני שאור כזה בעזהי"ת ידחה הרבה חושך ולכל בני ישראל יהי' אור במושבתם והשי"ת יהי' בעוזרו להפיק זוממו הטוב עד גמורה בהתמדת הבריאות ובאריכות ימים ושנים בטוב ובנעימות וזכות תוה"ק יגן עליכם ועל בניכם ועל כל ישראל שנזכה כלנו יחד בקרב דידן להרמת קרן התורה וישראל בבגצ"א.

והנני חותם בכבוד והוקרה למעלתו בעד יגיעתו הרבה לטובת כבוד תוה"ק ואברכו בחיים טובים וכט"ס.

**הרב יואל הײלפרין, אבד"ק יאסלא**
**מח"ס „אוסף תקנות עגונות"**
**כעת חופ"ק ברוקלין, נ"י יצו"א**

ב"ה, ירושלם ג' חשון, התשי"ד

יום השנה לפטירת הגאון החסיד, הצדיק ר' יוסף זונדל מסלאַנט זצוק"ל זיע"א, ממיסדי המפעלים הק'.

חיים, שלום בריאות וכט"ס לידידנו וחברנו היקר והמצוין, רב הפעלים הנערץ, העסקן במצוות הדגול, כמוה"ר משה ראובן שליט"א ב"ר שמעי' הכהן וואולף, ע"ש זוגתו מנב"ת מרת אסתר בת ר' יעקב תחי' אחדשה"ט באה"ר,

מיר דאַנקען אייך גאָר הערצליך פאַר אייער זעהר שיינע מתנה, די נוצבאַרע הייליקע ספרים „מעשה אלפס" אויף בראשית, וועלכע מיר האָבן פון אייך ערהאַלטן. זיי זיינען ווירקליך פון די חשוב'ע ספרים ניט נאָר אין אַמעריקע נאָר אויך דאָ אין דער הייליגער ירושלים, וואו מיר האָבן זוכה געווען צו קענען דעם הייליקן מזכה את הרבים הרב הצדיק המפורסם ר' בן ציון אלפס זצ"ל אין זיינע לעצטע יאָרן, און צו הערן זיינע שיינע דרשות מפה קדשו.

אונדזערע מוסדות וועלכע פאַראייניקן תורה און חסד, קענען טאַקע ריכטיק אָפּשאַצן די גרויסע ווערדע פון אייער פאַראייניקן פון תורה און חסד, פאַרשפּרייטן תורה דורך די חשוב'ע ספרים, און זיין טאַקע זעלבּסט אַ נדיב מצוין פול מיט חסד. אייער זכות איז ניט אָפּצושאַצן מיט ווערטער.

השי"ת השוכן בציון והבוחר בירושלם זאָל אייך העלפן איר זאָלט נאָך פילע צענדליקע יאָרן קענען אָנגעהן מיט אייער הייליקער אַרבעט פון תורה וחסד, און אייך באַלוינען מיט גוטן געזונט, לאַנג לעבן, גליק, פרנסה און פיל נחת, און גרויס מעגליכקייט צו קענען פאָרזעטצן אייער הייליגע מיטהילף צו אונזערע אַנשטאַלטן.

מיט כבוד פאַר אייער אַרבעט פאַר „תורת חיים ואהבת חסד",
צייכענען מיר ווערטער פריינד און עסקן,

מיט ציון גרוס און אכטונג,

בשם הצדקות המאוחדות בעיה"ק בירושלם ת"ו
מוסדי הצבור „עץ-חיים ובקור חולים"

הרב שמואל סלאַנט
הרב ישעי' לורי'
הרב יחיאל מיכל טיקצין
הרב זלמן זאלעזניק

לכבוד הנבון וחכם מזכה את הרבים
כש"ת ר' משה ראובן הכהן וואולף נ"י
מילוואָקי, וויס.

ז. נ. ה.

ערהאַלטנדיק דעם ספר „אוצר התורה" מעשה אלפס, בראשית, האָבן מיר דעם כבוד און פאַרגעניגן אויסצודריקן אונזער אַנערקענונג און דאַנק פאַר אייער גרויסער הייליגער אַרבעט צו מזכה הרבים זיין מיט דברי תורה וספרות. און אַלס אַנערקענונג פאַר דעם שיקן מיר אייך צו איינעם פון די הלכה ספרים אַרויסגעגעבן געהאָרן פון אונזער מרא דאתרא אהרן בהרמ"א מילבסקי שליט"א, הרב הראשי של קהלת מאָנטעווידעאָ, אורוגוואַי, דרום אמעריקא.

מיר ווילן גלויבן אַז אייער שיקן דעם ספר צו אונזער ווייטער לאַנד צייגט אַז איר פאַרשטעהט די וויכטיקייט פון העלפן פאַרשפרייטן מוסר ספרים אין די זיד אַמעריקאַנער לענדער, וועלכע זיינען אַזוי ווייט פון תורה צענטרען, און וואו די אידן באַקומען ניט אַזוי לייכט אַן אמת'ן אידישן ספר, און ספּעציעל די יוגנט.

זאָל דער אויבערשטער שטאַרקן די הענט וואָס טוען אַזאַ גוטע און נאָבעלע אידישע אַרבעט.

בברכת אריכת ימים ושנים טובים וכל טוב,

מזכירות הבד"צ דקהילת מאָנטעווידעאָ





ר׳ משה ראובן שי׳ ב״ר שמעי׳ הכהן וואולף

עם זוגתו אסתר תי׳ בת ר׳ יעקב

המוציא לאור ספרי רבו

הרב ר׳ בן ציון בהרב ירמי׳ עקיבא זצ״ל

בעל „מעשה אלפס״

שהנם עכשיו יקרי המציאות בשוק הספרים העברי

מיט דעם קום איך אויסדריקן מיין הארציקן דאנק צו מיין ליבער פאמיליע — מיין פרוי אסתר און מיינע טייערע קינדער — פאר זייער גוטמוטיקער הנהגה צו געבן מיר די מעגלעכקייט, אז איך זאל זיך קענען פארנעמען מיט עניני הקהל והצדקה בעיר, און בעיקר פאר דער מאראלער שטיצע און דערמעגלעכן מיר זיך צו פארנעמען מיט ארויסגעבן די הייליקע ספרים פון מיין רבין, ר' בן ציון אלפס, זצ"ל. ה' ישלם שכרם.

משה ראובן ב"ר שמעי' הכהן וואולף

---



---